גרויסע ביבליאָטעק.

# פרעמד-ווערטער-בוך

צוזאמענגעשטעלט דורך

ד"ר א. ב. ראזענשטיין.

פרעמיע צום „מאמענט" אין יאהר 1914

ווארשא, 1914

פערלאג „ביכער-פאר-אלע",
מיאַראָווא 1.

דרוק מ. קרינסקי,
נאַלעווקי 38.

# אַ פּאָר ווערטער

פֿון אַרויסגעבער.

---

ווען מען זאָל אַ פֿרעג טהון אַ געוועהנליכֿען יודען: „צי קענט איהר אַ ביסעל לאַטיין, גריכֿיש, פראַנצויזיש אָדער איטאַליעניש?” וועט ער געוויס, ניט לאַנג קלערענדיג, באַלד ענטפֿערן: „אַ וואָרט אויך ניט!”

וועט מען איהם אָבער אַ פֿרעג טהון, צי וויים ער למשל די בעדייטונג פֿון אַזעלכע ווערטער, ווי: אידעע, אַנעקדאָט, אַסטראָנאָם, אַספאַלט, אַפּאַטיע, אַפּאָפּלעקסיע, אַפּטייק, אַקאַדעמיע, אַקוסטיק, אַראָמאַט, אַקראָבאַט, אָרגאַן, אָרטאָדאָקס, אַריסטאָקראַט? וועט ער ענטפערען, אַז ער פערשטעהט די ווערטער זעהר גוט און ער בענוצט זיך מיט זי אָפט אין לעבען.

די ווערטער אָבער זענען באמת נישט קיין יודישע, נאָר גריכֿישע, וועלכֿע ווערען שוין פֿון זעהר לאַנג בענוצט אין יודישען און האָבען זיך דעריבער מיט דער צייט איינגעבירגערט אין דער יודישער שפּראַך, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע שפּראַכֿען-אַזוי, אַז דער וואָס בענוצט זיך מיט זיי וויים גאָר ניט, דאָס ער פֿילט אָן זיין געשפּרעך מיט ווערטער פֿון אַ פרעמדער שפּראַך, וועלכֿע ער האָט אויף זין לעבען ניט געלערענט.

ווי גרויס איז דער ווערטער־שאַץ פֿון פֿרעמדע שפּראַכֿען

ביי יעדען אייגציגען אין מויל, קענען דיענען אַלס בעווייז די 15 ווערטער, וועלכע מיר האָבען דאָ געבראַכט פון גריכישען, וואָס זיי זענען בלויז אייניגע פון די, וואָס הויבען זיך אָן מיט אַן „אַלף", דערפון קען מען דריגגען, ווי גרויס איז די צאָהל גריכישע ווערטער, וואָס מיר בענוצען אין געוועהנליכען לעבען און הויבען זיך אָן מיט די אַלע איבריגע בוכשטאַבען פון „אלף־בית".

וויפיעל פרעמדע ווערטער בענוצען מיר ווידער פון אַלע אַנדערע שפראַכען ?

ווען זענען, למשל, ניט בעקאַנט פאָלגענדע ווערטער : אגענט, אדוואָקאַט, אַדמיניסטראַטאָר, אַטעסטאַט, אינציד ענט, אסיגנאַציע, אַסימילאַציע, אַסיסענט, אָפּאָזיציע, אפּאַראַט, אָפּטימיסט, אַפּלאָדיסמענט, אַפּעטיט, אַפּעלאַציע, אָפּעראַציע, אָפּיציעל, אַקוראַט, אַקט, אַקטאָווע, אַקטיווי אַקציז, אָרגאַניזאַטאָר, אַרטילעריע, אַרטיסט, אַרטיקעל, אָריגינאַל.

דאָ האָבען מיר פּרובירט נעהמען בלויז אייניגע ווערטער פון בוכשטאַב „אַלף", וועלכע שטאַמען פון דער לאַטייניש ער שפראַך און זענען אַלעמען בעקאַנט און ווערען דורך יעדער אייגציגען טאָג־טעגליך בענוצט.

אַזוי אויך בענוצען מיר זעהר אָפּט אַזעלכע ווערטער ווי אַבאָנענט, אַוואַנס, אינטעליגענט, אַנטראַקט, אַנטרעפּענער, אַסאָרטימענט, אַסעקוראַנץ, אָפיצער, אַפּישע, אַקאָמפּאַניי מענט, אַקושער, אַקטריסע, אַקציאָנער, וועלכע זענען בלויז אייניגע פון בוכשטאַב „אַלף" און שטאַמען פון פראַנ־צויזיש.

ווער בענוצט ניט די ווערטער : אָפּערע, אָפּערעטע, אַקאָנטאַ, אַוויז, וועלכע זענען בלויז אייניגע פון בוכשטאַב „אַלף" און שטאַמען פון איטאַליענישען ?

די אויבענדערמאָנטע ביישפּיעלען געהערען צו דעם מין „פרעמד־ווערטער", וועלכע זענען אַריין אין די הונדערטער אין דער יודישער שפּראַך און האָבען זיך שוין איינגעבירגערט

אין איהר, אַז זיי זעהען מעהר ניט אויס ווי פרעמדע. די בע־דייטונג פון די דערמאָנטע און אַנדערע אַזעלכע ווערטער זענען פאַר יעדען קלאָר, און מען בענוצט זיך מיט זיי, ווען מען האָט נויטיג, גאָר אָהן דער הילף פון אַ „פרעמד־ווערטער־בוך“.

באמת אָבער קען דאָס פרעמד־ווערטער־בוך פיעל נוצען ברענגען אויך אפילו בנוגע צו די ווערטער פון דעם דאָזיגען מין, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס זיי זענען שוין אַלעמען גוט בעקאַנט.

גאַנץ אָפט קומט פאָר אַ נויטווענדיגקייט פעסט־צו־שטע־לען די ריכטיגע אויסשפּראַכע און אָרטאָגראַפיע פון וואָרט. עס איז אינטערעסאַנט אַמאָל נאָכצוזעהן אין „פרעמד־ווערטער־בוך“ און ערקונדיגען זיך, אַז מען דאַרף, למשל, זאָגען: „טעאַטער“ און ניט „טריאַטער“, ווי פיעל פון פאָלק זאָגען עס פערגרייזט. עס אינטערעסירט אויך אָפט צו וויסען פון וועלכער שפּראַך דאָס דאָזיגע וואָרט שטאַמט. (אין פאָרגעלעגטען ווערטער־בוך קומט אָנגעוויזען ביי יעדען וואָרט פון וועלכער שפּראַך עס שטאַמט).

אָבער פון טאָג צו טאָג פערגרעסערט זיך די צאָהל פון פרעמדע ווערטער, וועלכע געהען אַריין אין יעדער שפּראַך, אַזוי אויך אין יודישען. דאָס געזעלשאַפטליכע און פאָליטישע לעבען שאַפט אַלע מאָל נייע בעגריפען, וועלכע צווינגען צו בענוצען ווערטער פון פרעמדע שפּראַכען. אַזוי, למשל, איז דער בעגריף פון די ווערטער: אָבסטרוקציע, אַגראַר, אַמ־נעסטיע, אַווטאָנאָמיע, אינטערפעלאַציע, באָיקאָט, לאָ־קאַאוט, שטרייק, אָדער: אַווטאָמאָביל, אַווטאָמאַט, אי־לוזיאָן, אַעראָפּלאַן און אַנדערע, היינט בעוואוסט אפילו אַ חדר־יונגעל, און מיט וועלכע 10 יאָהר צוריק זענען זיי געוועזען גאַנץ פרעמד פאַר אַ סך ערוואַקסענע ענטוויקעלטע מענשען.

דאָס זענען ווערטער, וועלכע האָבען ערשט נישט לאַנג בעקומען בירגער־רעכט אין אַלע שפּראַכען. דאָס פאָליטישע לעבען האָט אַריינגעבראַכט אין געשפּרעך שטרייק, באָיקאָט לאָקאַאוט און די טעכניק האָט בעשאַפען דעם בעגריף ווע־גען אילוזיאָן, אַווטאָמאָביל, אַעראָפּלאַן און א. וו.

צו דער ערשטער צייט אָבער, באַלד ווי מען פֿאַנגט אָן זיך צו בענוצען מיט אַזעלכע ווערטער פֿון פרעמדע שפּראַכען, זעהען זיי אויס ווי גרים, ווי געסט פֿון ווייטע לענדער, וואָס ניט אַלע קענען זיי. זיי בעווייזען זיך אין דער ליטעראַטור אָדער אין געשפּרעך פֿון דער מעהר געבילדעטער קלאַס, וועלכע האָבען געלערענט פרעמדע שפּראַכען, לאַנגזאַם, לאַנגזאַם געהען זיי אַריין אין מויל פֿון גאַנצען פֿאָלק און ווערען אַזוי אַרום אמת׳ע בירגער.

וויפֿיעל מאָל ווערט בענוצט אין דער ליטעראַטור, ווי אויך אין געשפּרעך פֿון דער געבילדעטער קלאַס, אַזעלכע ווערטער ווי: אָביעקט, אָביעקטיוו, אַבסטראַקט, אָבסערוואַטאָריום, אוווערטורע, אודיטאָריום, אויטאָ־דאַ־פֿע, אטאָם, אידיליע, איזאָלירען, אינדיווידועל, אַלעגאָריע, אַמאָרטיזאַציע, אינטענסיוו, אַליבי וכדומה, דאָך זענען זיי נאָך נישט אַלעמען בעקאַנט און רעכנען זיך נאָך דעריבער אַלס גרים.

אַזעלכע ווערטער נויטיגען זיך אומבעדינגט אין דער הילף פֿון אַ „פרעמד־ווערטער־בוך”, דורך וועלכען יעדער איינציגער קען גלייך ערפֿאַהרען זייער ריכטיגע בעדייטונג, אויסשפּראַך און אָרטאָגראַפֿיע.

אין אַלגעמיין קענען מיר די פרעמדע ווערטער איינטיילען אין 4 מדרגות:

1) אַלטע בירגער, ווי: „אַפּטייק”, „אַפּעטיט”, „טעאַטער”, וועלכע זענען פֿון לאַנג אָן אַלעמען בעקאַנט.

2) נייע בירגער, ווי: „שטרייק”, „באָיקאָט”, „אַעראָפּלאַן” וועלכע זענען ניט לאַנג אַלעמען בעקאַנט געוואָרען.

3) גרים, ווי: „אָביעקט”, „אַבסטראַקט”, „אַליבי” וועלכע זענען נישט אַלעמען בעקאַנט, און ווערען דאָך שוין אָבער בענוצט.

4) גאַנץ פרעמדע, ווי: „אַבסענטיזם”, „אַבראָגאַציע”, וועלכע ווערען נאָך פֿאָרלויפֿיג כלל נישט בענוצט.

ביים צוזאַמענשטעלען אַ „פרעמד־ווערטער־בוך” איז די שווערסטע אויפֿגאַבע פֿאַר׳ן מחבר צו לעזען די פֿראַגע וועגען די

ווערטער פֿון דער פֿיערטער מדרגה. מיט די ערשטע 3 מדרגות קען ער גיכֿער פֿערטיג ווערען, ווייל ער האָט צו טהון מיט ווערטער, וועלכֿע זענען שוין מעהר אָדער ווענינער אַריין אין דער שפּראַך און קען דעריבער זיך לייכֿט אָריענטירען, וועלכֿע ער האָט נויטיג אַריינצובּרענגען אין בּוך.

ניט אַזוי לייכֿט געהט עס צו מיט די ווערטער, וועלכֿע זענען נאָך נישט אַריין אין דער שפּראַך.

אַריינבּרענגען אין בּוך אַלע פֿרעמדע ווערטער פֿון אַלע שבעים לשונות איז דאָך אַ מעשה אָהן אַ סוף, דאָס איז אַ מאַטעריאַל פֿאַר הונדערטער ביכֿער. בּלייבּט דעריבער אויס־צוּוועהלען די נויטיגסטע ווערטער, וועלכֿע מען קען רעכֿנען, זיי זאָלען פֿריהער אָדער שפּעטער ווערען בּענוצט.

דאָס איז שוין אָבער אינגאַנצען אָבּהענגליך פֿון פֿערשטאַנד און געפֿיהל פֿון מחבר.

בעטראַכֿטענדיג דאָס „פֿרעמד־ווערטער־בּוך", וועלכֿען מיר גיבּען יעצט אַרויס, אַלס האַנד־בּוך פֿאַר יעדער איינציגען, וועלכֿער בּעמיהט זיך צו ענטוויקלען זיינע בּעגריפֿען און פֿער־בּרייטערן זיינע אַנשויאונגען, קענען מיר זאָגען, דאָס דער מחבר פֿון דיעזען בּוך האָט, אַלס קענער פֿון אַלטע און נייע שפּראַכֿען, גוט פֿערשטאַנען צו לעזען זיין אויפֿגאַבּע.

ניט מיט'ן כּמות האָט דער מחבר געשטרעבּט רייך צו מאַכֿען דאָס בּוך, נאָר מיט דעם איכות, אויסקלייבּענדיג וויר־קליך די נויטיגסטע ווערטער, וועלכֿע דאַרפֿען ערקלערט ווערען, און די ערקלערונגען זענען אויך זעהר קורץ און דייטליך אַזוי, אַז יעדער זאָל זיי קענען פֿערשטעהן.

דער מחבר פֿון „פֿרעמד־ווערטער־בּוך" האָט נישט געפֿונען פֿאַר פּאַסענד אַריינצובּרענגען אין זיין בּוך די אַלע העבּרעאישע ווערטער, וועלכֿע זענען פֿערבּליבּען אין די טויזענדער אין דער יודישער שפּראַך.

דער מחבר בּעטראַכֿט די העבּרעאישע ווערטער נישט אַלס פֿרעמדע, נאָר אַלס אייגענע, וועלכֿע

זענען פֿערבליבען אין מויל פֿון יודישען פאָלק, וואָס האָט געוועדט העברעאיש, דעריבער קען ניט זיין דער אָרט פֿאַר די העברעאישע ווערטער אין אַ פֿרעמד־ווערטער־בוך, נאָר אין סתם אַ יודישען ווערטער־בוך.

מיר רעכֿנען דעריבער, אַז דער מחבר האָט אויסגעפֿיהרט זיין אויפֿגאַבע ווי עס דאַרף צו זיין און האָט מיט דעם אַריינגעבראכֿט זעהר אַ וויכֿטיג בוך אין דער יודישער שפּראַך.

מ׳ קרינסקי׳

וואַרשאַ, 2־טען יאנואר 1904



# א.

**א** – דאָס ערשטע אות אין די אלף-בית'ן פון אַלע שפּראַכען אין דער וועלט.

**א** (גריכ.) – נישט, עס ווערט צוגעגעבען פאַר פיעל ווערטער (למשל: אַ סימפּאַטיש–אונסימפּאַטיש, אַסימעטריש–נישטסימעטריש א. ז. וו.)

**אַבאַזשור** (פר.) – ליכטשירם אויף אַ לאָמפּ אָדער אַ ליכט.

**אַבאַט** (איט.) – פאָרשטעהער פון אַ מענער-קלויסטער ביי די קאַטוילען.

**אַבאַטיסע** (איט.) – פאָרשטעהערין פון אַ פרויען-קלויסטער ביי די קאַטוילען.

**אַבאָליציאָניסטען** (לאַט.) – מיטגליעדער פון אַ פּאָליטישער פאַרטיי אין די פעראייניגטע שטאַטען פון נאָרד-אַמעריקע, וואָס זייער הויפּט-אויפגאַבע איז געוועזען צו בעפרייען די נעגערן פון עוויגער קנעכטשאַפט.

**אַבאָנעמענט** (פראַנצ.) – דאָס דינגען אַנ'אָרט אין טעאַטער אויף אַ בעשטימטע צאָהל פאָרשטעלונגען, דאָס אויסשרייבען אַ צייטונג אויף אַ בעשטימטע צייט, דאָס פערפּליכטען זיך צו קויפען אָדער צו ניצען אַ בעשטימטע צאָהל עקזעמפּלאַרען פון עפּעס אַ זאַך אין פערלויף פון אַ בעשטימטער צייט.

**אַבאָנענט** (פראַנצ.) – די פּערזאָן, וועלכע האָט אַנ'אַבאָנעמענט.

**אַבאָנירען** (פראַנצ.) – נעהמען אַנ'אַבאָנעמענט.

**אַבאָריגענען** (לאַט.) – ערשטע, אורשפּרינגליכע איינוואָהנער פון אַ לאַנד.

**אַבדאַליטען** (פּרסיש) – וואַנדערנדע דערווישען אין מיטעל-אַזיען און אינדיען.

**אַבדיצירען** (לאַט.) – אָבזאָגען זיך מיט'ן גוטען ווילען פון אַ וויכטיגע שטעלע אָדער פונ'ם טראָן.

**אַבדיקאַציע** (לאַט.) – דאָס אָבזאָגען זיך מיט'ן גוטען ווילען פון אַ וויכטיגע שטעלע אָדער פונ'ם טראָן.

**אַביטוריענט** (לאַט.) – דער, וואָס ענדיגט אַ שוהלע.

**אָביעקט** (לאַט.) – די זאַך, וועגען וועלכער מען רעדט.

**אָביעקטיוו** (לאַט.) – 1) אונפּאַרטייאיש, נישט האַלטענדיג קיינעמס צד. 2) דאָס גלאָז אין פערגרעסער-רעהרען, וועלכעס איז געווענדעט צו דער זאַך, וועלכע מען וויל זעהען.

**אָבלאַטען** (לאַט.) – דינע רעדלעך פון מעהל מיט קליי.

**אַבלאַקטאַציע** (לאַט.) – אָבגעוואָהנען אַ קינד פון זויגען.

**אָבליגאַט** (לאַט.) – אונבעדינגט, וואָס עס מוז זיין.

**אָבליגאַציע** (לאַט.) – אַ שיין, דאָס דער בעזיצער האָט זיך בעטייליגט אין אַ הלואה דער רעגירונג, אָדער אַ געזעלשאַפט מיט אַ בעשטימטער סומע אויף אַ בעשטימטען פּראָצענט.

**אַבלעגאַט** (לאַט.) – וויכטיגער פאָרטרעטער פון פּאַפּסט.

**אַבמאַיאָראַציע** (לאַט.) — דאָס בעַ־שטימען פון עפּעס דורך שטימענמעהרהייט.

**אַבנעגאַציע** (לאַט.) — דאָס פערניינען, זאָגען, אַז נישט.

**אַבסאָלוט** (לאַט.) — פריי, אַן און פאַר זיך, אָהן שום פערהעלטניס צו עפּעס אַנדערש; למשל, ווען איינער פערדינט יעהרליך אין זיין קאַפּיטאַל 5000 רובעל, איז דאָס אַבסאָלוט אַ גרויס פערדיענסט; אָבער אין פערהעלטניס צו'ם קאַפּיטאַל קאָן דאָס פערדיענסט זיין זעהר אַ קליינס, ווען דאָס קאַפּיטאַל צו'ם ביישפּיעל איז 200,000 רובעל, אָדער נאָר אַ גרויס, ווען דאָס קאַפּיטאַל איז, נאָר 20 טויזענד רובעל.

**אַבסאָליטאָריום** (לאַט.) — 1) פּסק־דין, וועלכער בעפרייט פון יעדע פעראַנטוואָרטליכקייט; 2) פאָלקאָמענער צוטרוי, וועלכען אַ גענעראַל־פערזאַמלונג פון אַ געזעלשאַפט אָדער אַ פּאַרטיי דריקט אויס דער לייטונג, אָדער אַ פּאַרלאַמענט דער רעגירונג.

**אַבסאָלוטיזמוס** (לאַט.) — 1) דאָס פּאָליטישע סיסטעם פון אונבעגרענעצטער הערשאַפט. 2) אין דער פילאָזאָפיע — די שטרעבונג צום עווינען אונענדליכען. 3) אין דער טעאָלאָגיע — די דעה, דאָס גאָט בעשטימט פריהער דאָס גוטע און דאָס שלעכטע פאַר די מענשען אונאָבהענגיג פון זייערע שפּעטערדיגע מעשים.

**אַבסאָלוטיסט** (לאַט.) — אַנהענגער פון אַבסאָלוטיסטישער פּאָליטיק.

**אַבסאָלוציע** (לאַט.) — דער מנהג ביי די קאַטוילען מוחל צו זיין די זינד דעם, וואָס איז זיך מתודה פאַר'ן גלח.

**אַבסאָרבירען** (לאַט.) — איינזאַפּען, איינשלינגען.

**אַבסאָרפּציע** (לאַט.) — 1) די איינגענשאַפט פון פעסטע און פליסיגע קערפּער איינצוזאַפּען אין זיך פליסיגקייטען אָדער גאַזען. 2) די איינגענשאַפט פון פיעלע קערפּער נישט דורכצולאָזען קיין ליכטשטראַהלען.

**אַבסורד** (לאַט.) — נאַרישקייט, עטוואָס, וואָס עס איז קעגען דעם שכל און דיווירקליכקייט.

**אַבסטינענטען** (לאַט.) — מענשען, וועלכע האָבען נישט התינה, טרינקען נישט קיין וויין און עסען גישט קיין פליייש. — אין דריטען יאָהר־הונדערט איז אין פראַנקרייך און אין שפּאַניען געווען גאַנצע סעקטען פון אַבסטינענטען. — אין אונזער צייט הייסען אַבסטינענטען די מענשען, וועלכע טרינקען נישט קיין אַלקאָהאָל און רויכען נישט קיין טאַבאַק.

**אַבסטינענץ** (לאַט.) — (נזירות, ענטהאַלטונג) דאָס ענטהאַלטען זיך פון עסען פליייש, טרינקען וויין א. ז. וו. איבערהויפּט ביי די קאַטוילען אין די טעג פון פאַסט, וועלכע הייסען טאַקי „אַבסטינענץ־טעג“.

**אַבסטראַקט** (לאַט.) — דאָס, וואָס מען קאָן נישט פיהלען מיט אונזערע

פינף חושים, נאָר זיך פאָרשטעלען
מיט'ן שכל, למשל: חכמה, גבורה.

**אָבסטרוקציע** (לאַט.) — 1) פערשטאָ־
פונג פון דער גלייבער קויש־
קע. 2) דער קאַמפּף פון אַ פּאַרטיי און
אַ פּאַרלאַמענט געגען די מעהרהייט דורך
נישט לאָזען פיהרען די געשעפטס־
אָרדנונג.

**אָבסענטיזמוס** (לאַט.) — אַבוועזענהייט:
דער מנהג פון די אירלענ־
דישע גוט־בעזיצער און קאַפּיטאַליסטען
צו וואָהנען נישט אין זייער פאָטער־
לאַנד.

**אָבסערוואַטאָריום** (לאַט.) — שטערנ־
וואַרטע, געביידע צו אַסטראָ־
נאָמישע אָדער מעטעאָראָלאָגישע בעאָ־
באַכטונגען.

**אָבסערוואַציע** (לאַט.) — בעאָבאַכטונג.

**אָבסקוראַנט** (לאַט.) — געגנער פון
בילדונג.

**אָבסקוראַנטיזמוס** (לאַט.) — געגנער־
שאַפט פון בילדונג און פאָלקס־
אויפקלערונג.

**אָבעליסק** (גריכ.) — פיערקאַנטיגע פּי־
ראַמידע פון גראַניט, וועלכע
די אַלטע מצרים פלעגען צו בויען צו'ם
אַנדענקען פון עפּעס אָדער עמיצען.

**אָבער** (דייטש) — הויפּט, וויכטיגער,
ווערט צוגעגעבען צו פער־
שידענע ווערטער (אָבערפּאָליצמייסטער,
אָבער־קאָנדוקטאָר).

**אָבערסט** (דייטש) — פּאָלקאָווניק.

**אַבעראַציע** (לאַט.) — ווען מען האַלט
אַנ'אָפּטיש זאַמל־גלאָז קעגען די
זון אָדער אַנ'אַנדערע ליכטקוועלע,
זאַמלען זיך אַלע שטראַהלען אין איין
פונקט, אין דעם ברענפּונקט. ווען דאָס
גלאָז איז אָבער צו גראָב אָדער נישט
גוט געשליפען, בויגען זיך פיעל שטראַה־
לען אַוועק פון דעם דאָזיגען פונקט.
דאָס הייסט אַבעראַציע. דאַמאָלס זעהט
מען דורך אַזאַ גלאָז די זאַך נישט קלאָר,
נאָר מיט קאָלירטע פּאַסען אַרום. —
אָפּטישע אַבעראַציע הייסט אַנ'אויגענ־
פעהלער, ביי וועלכען מען זעהט נישט
קלאָר, ווייל דאָס אויג איז נישט אים
שטאַנד צו זאַמלען די שטראַהלען אין
איין פונקט.

**אַבראָגאַציע** (לאַט.) — דאָס אָבשאַפען
אַ געזעץ, ווייל עס איז שוין
מעהר נישט איינשטימיג מיט דעם גייסט
פון דער צייט.

**אַבראַזיט** — גלאָז־ענליכעס מינעראַל,
וועלכעס געפינט זיך אין דער
לאַווע.

**אַבריקאָס** (לאַט.) — פּרי, וועלכע איז
ענליך צו אַ פלוים.

**אַבעראַוויאַטור** (לאַט.) — דאָס פער־
קירצען פון ווערטער ביי'ם
שרייבען, ווען אַנשטאָט גאַנצע ווערטער
שרייבט מען נאָר איינציגע אותיות,
אָדער מען לאָזט אַרויס אותיות פון
מיטען די ווערטער.

**אַברעזישע** (פראַנצ.) — פערקירצונג פון
אַ ווערק, פערקירצטע בע־
שרייבונג פון אַ זאַך.

**אַגאַ** (טור.) – אין די מזרח=לענדער אַ מין בעאַמטער; עס ווערט אויך בענוצט אַלס טיטעל אָנשטאָט „העדר״.

**אַגאָניע** (גריכ.) – גסיסה.

**אַגאַט** (גריכ.) – זעהר אַ האַרטער שטיין, פון וועלכען מען אַרבייט אויס פערשיעדענע געפעסען.

**אַגאַמיע** (גריכ.) – דאָס לעבען אָהן אַ פרוי.

**אַגאַר=אַגאַר** – מין קליי, זשעלאַטין.

**אַגיטאַטאָר** (לאַט.) – אַ מענש, וועלכער אַרבייט מיט וואָרט און שריפט, כדי צו פערשפרייטען אַ בעשטימטע אידעע, אָדער כדי צו געווינען אָנהענגער פאַר אַ פּאַרטיי.

**אַגיטאַציע** (לאַט.) – די אַרבייט, כדי צו פערשפרייטען אַנ'אידעע אָדער געווינען אָנהענגער פון אַ פּאַרטיי.

**אַגיטירען** (לאַט.) – מאַכען אַגיטאַציע.

**אַגלאַקציע** (לאַט.) – פרויען=קראַנקהייט, וועלכע בעשטעהט אין דעם, דאָס די מילך אין די ברוסטען ווערט פערפאַלען.

**אַגענט** (לאַט.) – מענש, וועלכער פיהרט געשעפטען נישט זיינע אייגענע, נאָר וועלכע זענען איהם געוואָרען אָנפערטרויט פון אַ פירמע, אַ געזעלשאַפט אָדער אַ רעגירונג (דיפּלאָמאַטישער אַגענט).

**אַגענטור** (לאַט.) – דאָס אויספיהרען פון געשעפטען, וועלכע ווערען אָנפערטרויט פון פערשיעדענע פּער=זאָנען; אויך דאָס אָרט, וואו אַזעלכע געשעפטען ווערען געפיהרט.

**אַגראַנאָם** (גריכ.) – דער, וואָס האָט געלערנט די קענטניסע, וועלכע זענען שייך צו ערד=אַרבייט.

**אַגראָנאָמיע** (גריכ.) – די וויסענשאַפט וועגען ערד=אַרבייט.

**אַגראַפע** (פראַנצ.) – מין שפּילקע.

**אַגראַר** (לאַט.) – וואָס עס געהערט צום פעלד.

**אַגראַר=בעוועגונג** (לאַט.) – אויפשטאַנד פון פויערען קעגען די שררים אָדער די שטאָדט=איינוואָהנער, וועלכער ווערט מייסטענס אַרויסגערופען צוליעב הסרון פון באָדען אָדער אַ שטאַרק נישט גערעטעניש.

**אַגראַר=געזעצע** (לאַט.) – געזעצע, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט דעם גרונד=בעזיץ און דער רעגולירונג פון פעלד=אַרבייט.

**אַגראַריער** (לאַט.) – גרויס=גרונד בעזיצער; פּאָליטישע פּאַרטיי פון גרונד=בעזיצער און פּאַרלאַמענטען פון פערשיעדענע מדינות, איבערהויפּט אין דייטשלאַנד.

**אַגריקולטור** (לאַט.) – ערדאַרבייט.

**אַגריקולטוריסטען** (לאַט.) – מיטגליעדער פון אַ פּאַרטיי, וועלכע האַלט, דאָס אַ מדינה קען נאָר דאַן זיך עקאָנאָמיש גוט ענטוויקלען, ווען די הויפּט=בעשעפטיגונג פון איהרע איינוואָהנער איז די ערד=אַרבייט, און נישט די אינדוסטריע.

**אַגרעגאַט** (לאַט.) — אַ פֿעראייניגונג פֿון עטליכע פֿערשידענע זאַכען.

**אַדאַליסקע** (טור.) — יונגע שקלאַפֿין אין האַרעם פֿון טורקישען סולטאַן.

**אַדאַמאַנט** (גריכ.) — אַנ'עדעל-שטיין, אַ טייערער און זעהר האַרטער; אַזוי רופֿט מען אויך אַ מענשען, וועלכער איז אומשטאַנד אַלעס איבערצוטראָגען.

**אַדאָפּטאַטאָר** (לאַט.) — דער, וואָס נעהמט עמיצען צו אַלס זוהן.

**אַדאָפּטירען** (לאַט.) — 1) צונעהמען עמיצען פֿאַר אַ זוהן. 2) זיך פֿערפֿליכטען צו צאָהלען אַ פֿרעמדען וועקסעל.

**אַדאָראַטער** (פֿראַנצ.) — פֿערעהרער.

**אַדאָראַציע** (לאַט.) — פֿערעהרונג, פֿערגעטערונג, די צערעמאָניע, מיט וועלכער מען קרוינט יעדען נייען פּאַפּסט.

**אַדוואָקאַט** (לאַט.) — אַ מענש, וועלכער האָט שטודירט די געזעצע און נעהמט זיך אונטער צו פֿערטיידיגען בעשולדיגטע אין סוד אָדער צו פֿיהרען פּראָצעסען און דעם נאָמען פֿון זיינע קליענטען.

**אַדוואָקאַטור** (לאַט.) — די פּראָפֿעסיע פֿון אַנ'אַדוואָקאַט.

**אַדיוטאַנט** (לאַט.) — אָפֿיציער, וועלכער שטעהט צו דיענסט דעם קאָמאַנדיר, כדי איבערצוגעבען און אויסצופֿיהרען זיינע בעפֿעהלען.

**אַדיונקט** (לאַט.) — געהילף פֿון אַ פּראָפֿעסאָר.

**אַדמיניסטראַטיוו** (לאַט.) — 1) וואָס עס געהער זיך אָן מיט דער אַדמיניסטראַציע. 2) אָהן דין און משפּט, נאָר לויט דעם בעשלוס פֿון דער אַדמיניסטראַציע.

**אַדמיניסטראַטיווע שטראָף** (לאַט.) אַ שטראָף, וועלכע ווערט אויסגעפֿיהרט לויט דעם בעשלוס פֿון רעגיערונגס-אַנשטאַלטען.

**אַדמיניסטראַטאָר** (לאַט.) 1) דער, וואָס האָט צו שאַפֿען איבער קהל'שע אָדער פּריוואַטע געשעפֿטען. 2) דער, וואָס פֿערוואַלטעט מיט דעם פֿערמעגען פֿון אַ בעל-חוב, וועלכער איז געוואָרען באַנקראָט.

**אַדמיניסטראַציע** (לאַט.) — 1) פֿערוואַלטונג פֿון קהל'שע אָדער פּריוואַטע ענינים. 2) די פֿערוואַלטונג איבער דאָס פֿערמעגען פֿון אַ בעל-חוב, וועלכער האָט באַנקראָטירט.

**אַדמיראַל** (אַראַב.) — קאָמאַנדיר פֿון אַ פֿלאָט, וועלכער איז לויט זיין ראַנגע גלייך מיט אַ גענעראַל.

**אַדמיראַליטעט** (אַראַב.) — די העכסטע פֿערוואַלטונג מיט די ים-אַנגעלעגענהייטען פֿון אַ מדינה.

**אָדם'ס-עפּעל** — ביין, וועלכער שטעקט אַרויס אין מיטען האַלז, איבערהויפּט ביי הויכע און דאַרע מענשען.

**אָדע** (גריכ.) — לויבעס-ליעד לכבוד אַ פּערזאָן אָדער אַ געשעהעניש.

**אָדעָאָן** (גריכ.) – קאָנצערט=זאַל.

**אַדעָפּט** (לאט.) – אַ מענש, וועלכער איז בעקאַנט מיט אַלע סודות פֿון עפּעס (אַ געזעלשאַפֿט, אַ וויסענשאַפֿט), אַנ׳אָנהענגער.

**אָדעקאָלאָן** (פֿר.) – קעלניש וואַסער, שמעקעדיג וואַסער.

**אַד קאַלענדאַס גרעקאַס** (לאט.) – ביז די גריכישע קאַלענדען, ד. ה. קיינמאָל נישט. (ביי די רוימער האָט געהייסען דער ערשטער טאָג אין חודש „קאַלענדען“, די גריכען האָבען נישט געהאַט קיין קאַלענדען. – אין פּראָסט יידישען איז דאָ פֿאַר דעם געדאַנק דער אויסדריק „ווען דריי טאָג ראש-חודש“.)

**אַדרעס** (פֿראַנצ.) – 1) אויפֿשריפֿט פֿון עמיצענס נאָמען און זיין וואָהנ=אָרט. 2) וואָהנ=אָרט פֿון עמיצען. 3) שריפֿטליכע בעגריסונג אָדער קלאַגע, וועלכע אַ גאַנצע קערפּערשאַפֿט (אַ קהלה, אַ חברה א. ז. וו.) דערלאַנגט אַ וויכטיגער פּערזאָן אָדער אַ רעגירונגס=אַנשטאַלט.

**אַדרעסאַט** (פֿראַנצ.) – פּערזאָן, צו וועלכער מען שיקט עפּעס דורך פּאָסט.

**אַדרעסאַנט** (פֿראַנצ.) פּערזאָן, וועלכע שיקט עפּעס דורך פּאָסט.

**אַדרעס=בוך אָדער אַדרעס=קאַלענדאַר** (פֿראַנצ.) – בוך, אין וועלכען עס זענען געזאַמעלט לויט אלף=בית אַלע אַדרעסען פֿון די וויכטיגסטע אַנשטאַלטען, געשעפֿטען, פֿאַבריקען א. ז. וו. און אויך פֿון פּאַב=מענער, וועלכע געפֿינען זיך אין אַ שטאָדט אָדער אין אַ מדינה.

**אַדרעסירען** (פֿר.) – אויפֿשרייבען אַנ׳אַדרעס.

**אַהאַסוועָר** – דער עוויגער ייד; לויט אַ קריסטליכע לעגענדע, אַ ייד אין ירושלים, וועלכער האָט נישט געלאָזט קריסטוס׳ן זיך זעצען אויף אַ באַנק, ווען מען האָט איהם געפֿיהרט צו׳ם הענגען, און דערפֿאַר איז דער ייד (אַהאַסוועָר) בעשטראָפֿט געוואָרען עוויג צו וואַנדערן.

**אובערטורע** (פֿראַנצ.) – גרויסע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע, וועלכע דיענט אַלס איינלייטונג אין אַנ׳אָפּערע אָדער אַ דראַמע.

**אָוואַל** (לאַט.) – איי=פֿאָרמיג, האַלב=קיילעכיג.

**אַוואַנגאַרד** (פֿראַנצ.) – דער טייל פֿון דער אַרמעע, וועלכער געהט פֿריהער אויס פֿאַר אידר און פֿאָרשט אויס אַלעס, וואָס עס טהוט זיך ביי׳ם שונא אין לאַגער, און נעהמט פֿריהער פֿאַר אַלע אַנטייל אין דער מלחמה.

**אַוואַנזאַל** (פֿראַנצ.) – (פֿאָדערזאַל) דער זאַל, וועלכער געפֿינט זיך פֿאַר דעם הויפּט=זאַל.

**אַוואַנטוריסט** (פֿראַנצ.) – מענש, וועלכער זוכט נאָר אַוואַנטורען.

**אַוואַנטורע** (פֿראַנצ.) – אַנ׳אונגעוועהנליך געשעהעניש, וועלכע איז גאַנץ אומנוצליך און פֿערבונדען מיט געפֿאַהר.

**אוואַנס** (פראַנצ.) — אַ סומע געלד, וועלכע מען גיט איינעם פריהער אוים אויף די רעכנונג פון סחורה אָדער אַרבייט, וואָס ער וועט ליפערן.

**אוואַנסירען** (פראַנצ.) — שטייגען, ווערען העכער.

**אוואַנסצענע** (פראַנצ.) — דער פאָדערשטער טייל פון דער סצענע און אַ טעאַטער.

**אוואַנפאָסט** (פראַנצ.) — דער פאָדערשטער טייל פון דער מיליטער-אָבטיילונג, וועלכע גיט אַכטונג, אויב דער שונא דערנעהנטערט זיך צו'ם לאַגער.

**אוואַציע** (לאַט.) — פייערליכע בעגעגנונג אָדער בעגלייטונג פון עמיצען.

**אוויז** (איט.) — שריפטליכע ידיעה, דאָס מען האָט אַרויסגעשיקט (אָדער עס איז אָנגעקומען) געלד אָדער סחורה.

**אוזורפּאַטאָר** (לאַט.) — פערכאַפּער פון די אויבערהערשאַפט.

**אוזורפּאַציע** (לאַט.) — געוואַלטזאַמע פערכאַפּונג פון די אויבערהערשאַפט.

**אוטאָפּיסט** (גריכ.) — ווער עס בעשעפטיגט זיך מיט אידעען, וועלכע עס איז אוממעגליך דורכצופיהרען און לעבען; ווער עס חלומ'ט וועגען פאָלקאָמענער גלייכהייט און ברידערשאַפט.

**אוטאָפּיע** (גריכ.) — אומעקזיסטירענדעס לאַנד: 1) אַ ווערק פון דעם ענגלישען רייכסקאַנצלער טאָמאַס מאָר, וואו עס ווערט בעשריבען אַנ'אינזעל, און וועלכען עס וואָהנען מענשען גליקליך און אָהן דאגות, טיילענדיג צווישען זיך אַלעס, וואָס זיי האָבען. 2) אונאויספיהרבאַרע אידעע.

**אוטיליזאַציע** (לאַט.) — אויסנוצונג.

**אוטיליטאַריזמוס** (לאַט.) — די אָנשויאונג, דאָס נאָר די וויסענשאַפטען און געזעצען זענען גוטע, וועלכע ברענגען נוצען.

**אויגוסט** (לאַט.) — 1) דער אַכטער חודש אין יאָהר (פון דעם קריסטליכען ניי-יאָהר). ער הייסט אַזוי צום עהרען פון דעם רוימישען קייזער אָקטאַוויוס אויגוסט. 2) דער אַלגעמיינער נאָמען פון די רוימישע קסרים.

**אויגוריען** (לאַט.) — סמנים צו גוטען אָדער שלעכטען לויט דעם פליהען פון די פויגעל.

**אויגורען** (לאַט.) — רוימישע פריסטער, וועלכע פלעגען צו זאָגען נביאות לויט דעם פליהען פון פויגעל.

**אוידיטאָריום** (לאַט.) — זאַל אין די העכערע לעהר-אַנשטאַלטען, און וועלכער עס ווערען געלעזען די פאָרלעזונגען.

**אוידיענץ** (לאַט.) — פאָרשטעלונג פון רעגירונגס- אָדער פאָלקס-פאָרטרעטער ביי דעם אויבערהערשער פון אַ מדינה.

**אויקציאָן** — ז. **לוציטאַציע.**

**אויטאָביאָגראַפיע** (גריכ.) — ווערק, אין וועלכען דער פערפאַסער בעשרייבט זיין אייגענעם לעבען.

**אויטאָגראַף** (גריכ.) — דער כתב־יד פון אַ חבור, וואָס דער מחבר האָט געשריבען מיט זיין אייגענער האַנד; אייגענהענדיגע אונטערשריפטען, בריעף א. ז. וו.

**אויטאָגראַפיע** (גריכ.) — דאָס איבערטראָגען פון געשריבענעם אָדער געצייכענטען פון פאַפּיער אויף אַ ליטאָגראַפישען שטיין.

**אויטאָ־דע־פע** (שפּאַנ.) — דער משפט פון די, וועלכע זענען אָבגעטרעטען פון קאַטאָליציזמוס אין שפּאַניען. (מייסטענס פלעגען אזעלכע ווערען צוגעמשפט צו'ם פערברענען).

**אויטאָדידאַקט** (גריכ.) — דער, וואָס לערענט אַליין, אָהן אַ הילף פון אַ לעהרער.

**אויטאָטעראַפיע** (גריכ.) — דאָס זעלבסט־היילען.

**אויטאָטיפ** (גריכ.) — ערשטער, אָריגינעלער אַבדרוק.

**אויטאָטעאיזמוס** (גריכ.) — דאָס האַלטען זיך אַליין פאַר אַ גאָט.

**אויטאָלאָגיע** (גריכ.) — ריכטיגע רעדע, אין וועלכער דער רעדנער דריקט אויס אין קלאָרע דבורים ווירקליך דאָס, וואָס ער מיינט.

**אויטאָמאָביל** (גריכ.–לאַט.) — פוהרווערק (אַ וואָגען, אַ קאַרעטע), וועלכעס בעוועגט זיך מיט דער הילף פון אַ מאָטאָר.

**אויטאָמאַט** (גריכ.) — 1) מעכאַניזם, וועלכער איז אַזוי איינגעריכטעט, דאָס ער מאַכט נאָך די בעוועגונגען פון לעבענדיגע מענשען. 2) מענש, וועלכער קלערט נישט מיט אייגענעם שכל, נאָר טהוט אַלעס נאָך אַנדערע אונבעקלערט. 3) מעכאַניזם, וועלכער איז אַזוי איינגעאָרדענט, דאָס ווען מען וואַרפט אַריין אַ מטבע, פאַלט פון איהם אַרויס אַ קליינער חפץ.

**אויטאָמאַטישע בעוועגונגען** (גריכ.) — בעוועגונגען אין מענשליכען קערפּער, וועלכע קומען פאָר פון זיך אַליין, אָהן דעם ווילען פון זייער בעל־הבית, למשל: דאָס האַרצקלאַפּען, די בלוט־קרייזונג א. ז. וו.

**אויטאָנאָם** (גריכ.) — אונאָבהענגיג, זעלבסט־שטענדיג.

**אויטאָנאָמיע** (גריכ.) — אונאָבהענגיגקייט, זעלבסטשטענדיגקייט: 1) אין פּאָליטישען זינן — אַ צושטאַנד פון אַ מדינה אָדער אַ טייל פון איהר, ביי וועלכעם זייערע איינוואָהנער לעבען לויט אייגענע געזעצע, אונאָבהענגיג פון אַנ'אַנדער מדינה אָדער דער צענטראַלער מאַכט; 2) אין דער פילאָזאָפיע — די אונאָבהענגיגקייט פון דעם מענשליכען רצון פון יעדען זייטיגען איינפלוס.

**אויטאָקראַט** (גריכ.) — זעלבסטהערשער, אונבעגרענצטער רעגירער.

**אויטאָקראַטיע** (גריכ.) — זעלבסטהערשאַפט, אונבעגרענצטע הערשאַפט.

**אויטאָקראַטיש** (גריך.) — זעלבּסט-הערשעריש, אונבּעגרענצט.

**אויטאָר** (לאַט.) — מחבר, שרייבּער.

**אויטאָריזאַציע** (לאַט.) — די צושטימונג פון דער געהעריגער מאַכט (צבֿ"ש פון אַ מיניסטעריום) אויף עפּעס.

**אויטאָריטעט** (לאַט.) — וויכטיגע בעדייטונג אָדער איינפלוס פון אַ בעוואוסטען מענשען, צוליעב זיינע וויסענשאַפטען, חכמה און מעלות, אויך פון אַ וויסענשאַפטליכען סיסטעם, אַ געזעץ אָדער רעליגיאָן. — „אויטאָריטעט" הייסט אויך אָפט אַ וויכטיגע פּערזאָן אַליין, אויף וועמען מען קאָן זיך סומך זיין, ווען מען איז אין ספק.

**אויטענטיש** (גריך.) — ריכטיג, איינשטימיג.

**אויספּיציען** (לאַט.) — בּיי די פּאַרצייטיגע רוימער סמנים צו גוטען אָדער צו שלעכטען.

**אויראָרע** (לאַט.) — 1) די געטין פון מאָרגענשטערן. — 2) דער מאָרגענשטערן.

**אויריגאַ** (לאַט.) — 1) שמייסער פון די וועגעלעך אויף די פאָלקס-שפּיעלען, וואו מען פלעגט זיך צו יאָגען מיט פערד און וועגעלע ווי אויף היינטיגע סקאַטשקעס (ווישצינגעס). 2) אַ נאָמען פון אַ שטערן-זאַמלונג אין דער אַסטראָנאָמיע.

**אולאַן** (פּויל.) — מין מיליטער אויף פערד.

**אולטימאַטום** (לאַט.) — לעצטע פאָדערונג (הויפּטזעכליך אין דער פּאָליטיק).

**אולטראַ** (לאַט.) — אויף יענע זייט, איבּער די גרענעץ; ווערט צוגעגעבּען פאַר ווערטער, כּדי צו פאַרשטאַרקען זייער בּעדייטונג.

**אולטראַמאָנטאַן** (לאַט.) — שטאַרקער אָנהענגער פון אונבּעגרענצטער מאַכט פון דעם פּאַפּסט.

**אולטראַמאָנאַרכיסט** (לאַט.-גר.) — שטאַרקער אָנהענגער פון זעלבּסט-הערשענדער רעגירונג.

**אולטראַמאַרין** (לאַט.) — פיינע הימעל-בּלאָע פאַרבּ.

**אולטראַראָיאַליסט** (לאַט.-פראַנ.) — שטאַרקער אָנהענגער פון קעניגליכער רעגירונג.

**אומבּרע** (לאַט.) — בּרוינע פאַרבּ.

**אונטער-אָפיציער** (דייטש) — אַנ'עלטערער איבּער אַ טייל זעלנער אין אַראָטע.

**אוניאַט** (לאַט.) — אָנהענגער פון דער קירכליכער אוניע.

**אוניאָניסטען** (לאַט.) — קריסטליכע סעקטע, וועלכע פאָדערט די פעראייניגונג פון אַלע קריסטען אין איין אַלגעמיינעם קריסטליכען גלויבּען.

**אוניווערזיטעט** (לאַט.) — העכערער לעהר-אַנשטאַלט פאַר אַלגעמיינע בּילדונג און ענטוויקלונג פון דער וויסענשאַפט.

**אוניווערסום** (לאַט.) — די וועלט מיט אַלעם, וואָס געפינט זיך אויף איהר.

**אוניווערסעל** (לאַט.) — וועלטליך, אַלזייטיג.

**אוּנִיטאַרִיער** (לאַט.) — איינהייטלער, פּראָטעסטאַנטען הייסען אַזוי, ווייל זיי גלויבען נישט אין די דרייאייניגקייט פון גאָט, נאָר אין זיין איינהייט.

**אוּנִיסאָן** (לאַט.)— צוזאַמענקלאַנג, איינ־שטימונג פון צוויי טענער.

**אוּנִיע** (לאַט.) — פעראייניגונג: פון עט־ליכע מדינות מיט בעזונדערע פעלקער, מנהגים און געזעצען אונ־טער די הערשאַפט פון איין אויבער־הערשער (למשל עסטרייך־אונגארן); פון עטליכע רעליגיעזע סעקטען (קירכליכע אוניע).

**אוּנִיפאָרם** (לאַט.)- אַנציג פון בעאַמטע (אין רוסלאַנד אויך פון לעה־רער, סטודענטען און שיהלער).

**אוּנץ, אוּנצע** (לאַט.) — אַפּטייקער־גע־וויכט, אונגעפעהר 2½ לויט — 36 גראַם.

**אוּקאַז** (רוס.) — בעפעהל פון רוסישען קייזער.

**אוּראַגאַן** (איט.) — אונגעהויער שרעק־ליכער שטורם־ווינד מיט בליצען און דונערן, וועלכער איז אומשטאַנד אַלעס אויף זיין וועג צו פערניכטען.

**אוּראַן** (גריכ.) — 1) אַ גאָט ביי די פערצייטיגע גריכען און דער הימעל ביי זיי. 2) אַ גרויסע פלאַנעטע אין אונזער זונענסיסטעם. 3) אַ מין מעטאַל.

**אוּראַניע** (גריכ.) — מוזע (געטין) פון אַסטראָנאָמיע.

**אוּרינע** (לאַט.) —שְתָנה.

**אוּרנע** (לאַט.) — 1) וואַזע, אין וועלכע מען פלעגט פערצייטענס צו האַלטען דאָס אַש פון פער־ברענטע מתים. 2) קעסטעל, אין וועלכען מען לעגט די שטימצעטעל ביי וואַהלען.

**אַזאָט** (גר.) — שטיקשטאָף, אַ חעמישעס עלעמענט, אַ גאַז, וועלכער האָט קיין שום פאַרב נישט, בילדעט כמעט $^4/_5$ פון דער לופט, ער ברענט נישט, און אין איהם קאָן קיין זאַך נישט ברענען, און קיין לעבענדיג בעשעפע־ניש נישט אָטעמען.

**אַזאָן** (גריכ.) — חעמישעס עלעמענט, עלעקטריזירטער זויער־שטאָף.

**אַזאַרט** (פר.) — היציגע און מיט רי־זיקאָ פערבונדענע טהאַט.

**אַזאַרט־שפּיעל** (פר.) — קאָרטען־שפּיעל אָדער אַנדערע שפּיעל, ביי וועלכער מען קאָן פיעל געלד געווינען אָדער פערשפּילען דורכ'ן בלויזען צופאַל.

**אַזיאַט** (גריכ.) — 1) איינוואָהנער פון אַזיע. 2) אַ מענש, וועלכער בעזיצט נישט קיין בילדונג אָדער פיהרט זיך אויף ווילד, נישט לויט די מנהגים פון מאָדערנע, קולטורעלע מענשען.

**אַזימוּט** (אַראַב.) — דער ווינקעל, וועל־כען עס בילדעט דער ווערטיקאַלער קרייז פון אַ שטערן מיט דעם מערידיאַן פון דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך דער בעאָבאַכטער.

**אָזירים** – גאָט פֿון דער זון און פֿון דער אונטערוועלט בײַ די פֿאַרצײַטיגע מצרים.

**אַזשיאָטאַזש** (פֿר.) – ספּעקולאַציע אויף דער בירזשע, כּדי קינסטליך צו הויבען אָדער צו וואַרפֿען דעם פּרײַז פֿון די אַקציעס.

**אַזשיאָטירען** (פֿר.) מאַכען ספּעקולאַציע, כּדי צו הויבען אָדער וואַרפֿען דעם פּרײַז.

**אַזשיאָטער** (פֿר.) – אַ ספּעקולאַנט אויף דער בירזשע.

**אַטאַוויזמוס** (לאַט.) – דאָס געזעץ וועגען דעם, אַז פֿיזישע און גײַסטיגע אײגענשאַפֿטען געהען איבער בירושה.

**אַטאָם** (גריכ.) – דאָס קלענסטע טײלכעל פֿון אַ קערפּער, וועלכעס ווערט ניט פֿערענדערט סײַ לויט די גרויס סײַ לויט די אײגענשאַפֿטען.

**אַטאַמאַן** (פֿון דײַטשען העטמאַן) – הויפּטמאַן בײַ די קאָזאַקען.

**אָטאָמאַן** (טור.) – ברײטע, ווײכע סאָפֿע.

**אָטאָמאַניש** (טור.) – טורקיש.

**אַטאַקע** (פֿר.) – פּלוצליכער און שנעלער אָנפֿאַל אויפֿ'ן שונא.

**אַטאַשע** (פֿראַנצ.) – געהילף פֿון אַ קאָנסול, קאַנדידאַט אויף אַ קאָנסול.

**אַטלאַס** (גריכ.) – 1) און דער גריכישער מיטאָלאָגיע – אַ טיטאַן (ז. דאָרט), וועלכער האָט געהאַלטען דעם הימעל אויף זײַנע פּלײצעס. 2) אַ סאָרט פֿײַנע



מאַנופֿאַקטור־סחורה מיט אַ שטאַרקען גלאַנץ. 3) זאַמלונג פֿון געאָגראַפֿישע קאַרטען אָדער אַנאַטאָמישע צײכנונגען.

**אַטלעט** (גריכ.) – 1) גבורים, וועלכע פֿלעגען קעמפֿען אויף די פֿאָלקס־שפּילען און פֿאַרצײַטיגען גריכענלאַנד. 2) שטאַרקער און געזונדער מענש.

**אַטלעטיק** (גריכ.) – די קונסט צו איבען זיך אין צוויקאַמפּף.

**אַטמאָספֿערע** (גריכ.) – גאַזפֿערמיגע פֿליסיגקײַט, וועלכע רינגעלט אַרום די ערד און אַנדערע פּלאַנעטען.

**אַטעאיזמוס** (גריכ.) – דאָס לײקנען, אַז עס עקזיסטירט אַ גאָט.

**אַטעאיסט** (גריכ.) – דער, וואָס גלויבט נישט אין די עקזיסטענץ פֿון גאָט (כּופֿר בעיקר).

**אַטעליע** (פֿר.) – ווערקשטאַט, אַרבײַטס־שטוב פֿון אַ קינסטלער.

**אַטענטאַט** (לאַט.) – אָנפֿאַל אויף אײנעם מיט'ן ציעל צו דער'הרג'נען איהם.

**אַטענע** (גריכ.) – די געטין פֿון חכמה, וויסענשאַפֿט און קונסט בײַ די פֿאַרצײַטיגע גריכען.

**אַטעסטאַט** (לאַט.) – שריפֿטליך צײַגניס (הויפּטזעכליך וועגען ענדיגען אַ שוהלע).

**אַטעסטירען** (לאַט.) – אַרויסגעבען אַנ'אַטעסטאַט; פֿאָרשטעלען עמיצען פֿון די גוטע זײַט מיט אַלע זײַנע מעלות.

**אַטראָפּין** – אַ גיפטיג מיטעל, וועלכעס ווערט בענוצט קעגען אויגענקראַנקהייטען.

**אַטראָפיע** (גריכ.) – נישט נענוגענדע ערנעהרונג; אָבגעשוואַכטהייט פון׳ם אָרגאַניזמוס אָדער פון איינּיגע גליעדער.

**אַטראַקציע** (לאַט.) – 1) צוציהונג. 2) צוציהונגס־קראַפט.

**אַטריבוטען** (לאַט.) – אייגענטימליכע אייגענשאַפטען פון אַ פּערזאָן, וועלכע אונטערשיידען זי פון אַנדערע עהנליכע צו איהר.

**איבידעם** (לאַט.) – דאָרט.

**איגומען** (גריכ.) – פאָרשטעהער פון אַ פּראַוואָסלאַווּנעם קלויסטער.

**איגנאָראַנץ** (לאַט.) אונוויסענשאַפט, עם־ארצות.

**איגנאָרירען** (לאַט.) – נישט בעמערקען, נישט וועלען וויסען.

**אידיאָט** (גריכ.) – מענש אָהן שום גייסטיגע פעהיגקייטען.

**אידיאָם** (גריכ.) – בעזונדערע אַרט אויסשפּראַכע אין אַ בעשטימטער געגענד.

**אידיליע** (גריכ.) אַ קליין פּאָעטיש ווערק, וועלכעס שילדערט דאָס פּשוטע לעבען פון דאָרפס־לייט און פּאַסטוכער.

**אידיליש** (גריכ.) – פּשוט, איינפאַך, ווי עס ווערט געשילדערט אין אַן׳אידיליע (ז. ד.).

**אידעאַל** (גריכ.) – מוסטער פון פאָרגעשטעלטער פאָלקאָמענהייט, וועלכע קאָן אין דער ווירקליכקייט נישט עקזיסטירען.

**אידעאָלאָג** (גריכ.) – ווער עס נעהמט אין בעטראַכט די אידעעלע פאַקטאָרען, נישט בלויז די מאַטעריאַליסטישע.

**אידעאַליזירען** (גריכ.) – פאָרשטעלען אַ זאַך מיט אַלע מעלות, ווי אין דער ווירקליכקייט איז עס אונמעגליך.

**אידעאַליזמוס** (גריכ.) – 1) די שילדערונג פון עפּעס מיט אַלע פאָלקאָמענע מעלות, ווי אין דער ווירקליכקייט איז עס אונמעגליך. 2) אין דער פילאָזאָפיע – די אַנשויאונג, דאָס אַלעס, וואָס אין דער וועלט געפינט זיך, איז נישט רעעל, נאָר אַ פאָרשטעלונג פון אונזער געדאַנקען.

**אידעאַליסט** (גריכ.) – דער, וואָס שטרעבט צו אַן׳אידעאַל.

**אידענטיש** (פראַנצ.) – אין גאַנצען עהנליך, פון דער זעלבער בעדייטונג.

**אידעע** (גריכ.) – געדאַנק, פאָרשטעלונג וועגען עפּעס.

**אידעעל** (גריכ.) – פאָלקאָמען, ווי מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלען, אָבער ווי עס קאָן נישט עקזיסטירען אין דער ווירקליכקייט...

**אידעענאַסאָציאַציע** (גריכ.–לאַט.) – אומבעוואוסטע פערייניגונג פון געדאַנקען, וועלכע האָבען אַ געוויסע עהנליכקייט.

**אִיזאָטערמען** (גרִיכ.) – לִינִיען, וועלכע ווערען געצויגען אויף דער קאַרטע דורך דִי אַלע פּונקטען, וועלכע באַצײַכענען יענע ערטער אויף דער ערד, אויף וועלכער אִיז גלײַך וואַרם.

**אִיזאָלאַטאָר** (גרִיכ.) – קערפּער, וועלכער פִירט נִישט אִיבער קײן עלעקטרִיצִיטעט און ווערט דערִיבער פערווענדעט צו אִיזאָלִירען (אָבזונדערען) עלעקטרִיזִירטע קערפּער פון דער אומגעבונג.

**אִיזאָלאַציע** (גרִיכ.) – אָבזונדערונג פון אַן'עלעקטרִישען קערפּער.

**אִיזאָלִירט** (גרִיכ.) – אָבגעזונדערט.

**אִיזִידע** – דִי געטִין פון דער לבנה, דִי פרוכטבאַרע כּוחות פון דער נאַטור און דִי קונסט בײַ דִי פאַרצײַטִיגע מצרים.

**אִימלאָטען** (גרִיכ.) – 1) קנעכט אִין ספּאַרטאַ (פאַרצײַטִיגע שטאָדט אִין גרִיכענלאַנד). 2) מענשען אָהן פרײַהײַט.

**אִילוזיע** (לאַט.) – טעות פון דִי זִינעס-געפִיהלען, וועלכער פִיהרט דערצו, דאָס דִי געזעהענע בִילדער אָדער געהערטע קולות שטעלען זִיך פאָר אַנדערש ווִי זײ זענען.

**אִילומִינאַציע** (לאַט.) – בעלײַכטונג פון אַ גאַס אָדער אַ שטאָדט לכבוד אַ יום-טוב אָדער אַ פרעהלִיך געשעהענִיש.

**אִילומִינִירען** (לאַט.) – בעלײַכטען לכבוד עמִיצען אָדער עפּעס.

**אִילוסטראַציע** (לאַט.) – 1) פערצִירונג פון אַ טעקסט מִיט בִילדער. 2) ערקלערונג מִיט בײַשפִּיעלען און מוסטערן.

**אִילוסטרִירען** (לאַט.) – צו מאַכען צום טעקסט פון אַ בוך אָדער אַ זשורנאל ענטשפּרעכענדע בִילדער.

**אִילִיאַדע** (גרִיכ.) – פּאָעמע (ז. ד.) פון גרִיכִישען פּאָעט האָמער.

**אִימאַגִינאַציע** (לאַט.) – אײַנבִילדונג, אײַנבִילדונגס-קראַפט.

**אִימאַגִינער** (לאַט.) – פאָרשטעלבאַר, אָבער נִישט עקזִיסטִירענד אִין דער ווִירקלִיכקײַט.

**אִימאַטרִיקולאַציע** (לאַט.) – אַרײַנשרײַבען אִין צעטעל (אִיבערהויפּט סטודענטען).

**אִימאַם** (אַראַב.) – לעהרער, פּרִיסטער בײַ דִי מחמד'נער.

**אִימונִיטעט** (לאַט.) – 1) בעפרײַהונג פון שטײַערן און אַנדערע חובות צו דער מדינה. 2) אונבערִיהרלִיכקײַט (הויפּטזעכלִיך פון פּאָלקס-פערטרעטער אִין קאָנסטִיטוציאָנעלע מדינות.)

**אִימִיגראַנט** (לאַט.) – אײַנוואַנדערער.

**אִימִיגראַציע** (לאַט.) – אײַנוואַנדערונג אִין אַ לאַנד פון אַ פרעמדער מדינה.

**אִימִיטאַציע** (לאַט.) – נאָכגעמאַכט (גאָלד-אִימִיטאַציע, ברִילִיאַנטען-אִימִיטאַציע א. ד. ג.)

**אִימִיטִירען** (לאַט.) – נאָכאַהמען, נאָכמאַכען אַנדערע.

**אִימפּאָנִירען** (לאַט.) – ערוועקען זִיך אַכטונג.

**אימפּאָרט** (לאַט.) — אַריינפיהרען פון אויסלענדישע סחורות אין דער מדינה.

**אימפּולס** (לאַט.) — אָנרעגונג, מאָמענ־טאַנע שטרעבונג.

**אימפּעט** (לאַט.) — העפטיגקייט, שטאַר־קע בעוועגונג.

**אימפּעראַטאָר** (לאַט.) — בעפעהלער: 1) טיטול פון די הויפּט־קאָמאַנדירען אין פאַרצייטיגען רוים. 2) קייזער.

**אימפּעראַטיוו** (לאַט.) — פילאָזאָפי־שער בעגריף פון קאַנט, בעדייטעט דאָס אַלגעמיינע געזעץ, וועלכעס בעשטימט דאָס, וואָס מען דאַרף צו טהון.

**אימפּעריאַל** (לאַט.) — אַ גאָלדענע מטבע (אונגעפעהר 10 רובל).

**אימפּעריאַליזמוס** (פראַנצ.) — רעגי־רונגס־סיסטעם, ביי וועלכען אַלע קאָלאָניעס זענען אָבהענגיג פון דער מעטראָפּאָליע (ז. ד.)

**אימפּעריע** (לאַט.) — 1) מאַכט, אוי־בערהערשאַפט. 2) מדינה, אין וועלכער עס הערשט אַ קייזער (קייזער־רייך).

**אימפּראָוויזאַטאָר** (איט.) — פּאָעט, וועלכער דריקט אויס אין פערזען יעדען געדאַנק, וואָס מען לייגט איהם פאָר, אָהן פאָרברייטונג.

**אימפּראָוויזאַציע** (איט.) — פערפאַ־סונג פון אַ שיר מונדליך אָהן פאָרברייטונגען.

**אימפּערסאָניזמוס** (לאַט.) — אַרט מאַ־לעריי, ביי וועלכער דער קונ־סטלער שטרעבט אונמיטעלבאַר איבערצו־געבען דעם איינדרוק פון דער נאַטור.

**אינאויגוראַציע** (לאַט.) — פייערליכע צערעמאָניע, ווען איינער נעהמט איבער אַ הויכען פּאָסטען אין דער רעגירונג אָדער געזעלשאַפט.

**אין אָקטאַוואָ** (לאַט.) — דרוק־פאָרם, ביי וועלכער דער בויגען ווערט איינגעלעגט אין אַכטען.

**אינדולגענץ** (לאַט.) — דער כח פון דער העכערע קאַטוילישע גייסט־ליכע — לויט דעם גלויבען פון די קאַטוי־לען — מוחל צו זיין די פערגאַנגענע און קינ־פטיגע זינד, ווען דער זינדיגער נעהמט אויף זיך געוויסע פערפליכטונגען.

**אינדוסטריע** (לאַט.) — בעאַרבייטונג פון רויהע מאַטעריאַלען, סיי אין פאַבריקען (גרויס־אינדוסטריע), סיי אין ווערקשטאַטען (קליין־אינדוסטריע), אָדער אין שטוב (הויז־אינדוסטריע).

**אינדוקציע** (לאַט.) — 1) שלוסציהונג פון בעאָבאַכטונגען, לויט דער מיינונג, אַז, וואָס עס איז גילטיג פאַר די פּרטים, איז אויך גילטיג פאַר'ן כלל. 2) ערעגונג פון עלעקטריציטעט.

**אינדיגאָ** (שפּאַנ.) — אַ געוויקס פון די טראָפּישע לענדער, וועלכע גיט בלאָע פאַרב.

**אינדיווידואום** (לאַט.) — אונטיילבא־רעס, אַ בעזונדערע פּערזאָן פאַר זיך.

**אינדיווידואַליטעט** (לאַט.) – אייגענשאַפטען, וועלכע געהערען נאָר איין פערזאָן, און דורך זיי אונטערשיידעט זיך דיעזע פערזאָן פון פיעל אַנדערע.

**אינדיווידועל** (לאַט.) – אַ פערזאָן, וועלכע צייכענט זיך אויס מיט זיינע אייגענשאַפטען פון פיעל אַנדערע.

**אינדיפערענט** (לאַט.) – אָהן אונטערשיעד, גלייכגילטיג.

**אינדיפערענטיזמוס** (לאַט.) – דאָס פערהאַלטען זיך גלייכגילטיג (איבערהויפט בנוגע פאָליטיק און פאָליטישע פאַרטייען).

**אינדעפענדענטען** (לאַט.) – אונאָבהענגיגע פאַרטיי אין ענגלאַנד און האָלאַנד אין זעכצעהנטען יאָהרהונדערט, וועלכע האָבען געוואָלט מבטל זיין אַלע רעליגיעזע צערעמאָניעס און דאָס פריסטערטום ווי אויך דאָס מאָנאַרכיזמוס, דאָס אויבער-הויז, דעם פריווילעגיען-שטאַנד פון דעם אדעל און די טיטולען.

**אינדעקס** (לאַט.) – צעטעל פון ביכער, וועלכע זענען געוועזען פון פאַפּסט פערבאָטען צו לייענען אַלס אַפּיקורסישע.

**אינהאַלאַטאָר** (לאַט.) – איין עטהעמונגס-אַפּאַראַט.

**אינוואַליד** (לאַט.) – אַ געוועזענער סאָלדאַט, וועלכער טויג שוין נישט צוליעב עלטער אָדער קראַנקהייט צו מיליטער-דיענסט.

**אינווענטאַר** (לאַט.) – אַ צעטעל פון אַלעם פערמעגען, וואָס געהערט צו אַ פירמאַ אָדער אַ געזעלשאַפט.

**אינוועסטיטור** (לאַט.) – 1) דאָס רעכט פון די פעאַדאָלען (ז. ד.) צו שענקען גיטער פערזאָנען און צו רעכנען דערפאַר די לעצטע פאַר זייערע וואַסאָלען (ז. ד.). 2) דאָס רעכט פון רעגירענדע פערזאָנען צו וועהלען אַלס אויבער-פריסטער וועמען זיי ווילען.

**אינזשעניער** (פראַנצ.) – פערזאָן מיט העכערער ספּעציעלער בילדונג און בעקאַנטשאַפט מיט בוי-קונסט פון בריקען, שאָסעען, באַהנען א. ז. וו.

**אינזשעניער-טעכנאָלאָג** (פר.–גר.) פערזאָן מיט העכערער ספּעציעל-טעכנאָלאָגישער בילדונג.

**אינטאָנאַציע** (לאַט.) – דאָס שטעלען דעם טאָן.

**אינטים** (פראַנצ.) – אינערליך, ענג בעפריינדעט, זעהר נאָהנט.

**אינטעליגענט** (פראַנצ.) – געבילדעט (הויפטזעכליך ווער עס בעזיצט העכערע בילדונג).

**אינטעליגענץ** (פר.) – 1) פערשטאַנד, בילדונג, שיינע האַלטונג. 2) דער אינטעליגענטער טייל פון דער געזעלשאַפט.

**אינטעלעקטואַליזמוס** (לאַט.) – פילאָזאָפישע וועלט-אַנשויאונג, לויט וועלכער דער ריינער טענשען-פערשטאַנד, אָהן די הילף פון די חושים, איז די קוועלע פון אַלעם וויסען, פערשטעהען און קענען די וועלט.

**אינטעלעקטועל** (לאַט.) – וואָס איז שייך צום שכל פֿערשטאַנד.

**אינטענדאַנט** (לאַט.) – בעאַמטער פֿון דער אינטענדאַנטור.

**אינטענדאַנטור** (לאַט.) – מיליטער־אַנשטאַלט, וועלכער בעשעפֿטיגט זיך מיט איינשאַפֿען פֿאַר'ן מיליטער אַלעס, וואָס איז נויטיג.

**איטענסיון** (פֿראַנצ.) – מיט אָנשטרענגונג, מיט אויסנוצונג פֿון אַלע אינערליכע כּוחות און מעגליכקייט.

**אינטענציאָנאַליזמוס** (לאַט.) – יעזואיטישע לעהרע, דאָס דער ציעל הייליגט די מיטעל.

**אינטערדיקט** (לאַט.) – חרם ביי די קאַטוילען, וועלכען דער פּאַפּסט אָדער אַ בישוף לעגט אַרויף אויף אַ פּערזאָן, אַ שטאָדט אָדער זאָגאַר אַ גאַנצע מדינה.

**אינטערוואַל** (לאַט.) – צווישען־צייט; צווישען־אָרט.

**אינטערוויאו** (ענג.) – אויספֿאָרשונג די מיינונג וועגען עפּעס פֿון אַ אָנגעזעהענע פּערזאָן.

**אינטערווירען** (ענג.) – אויספֿאָרשען.

**אינטערווענציע** (לאַט.) – דאָס אַריינמישען זיך פֿון איין מדינה אין די אינטערעסען פֿון אַ'אַנדערע.

**אינטערמעצאָ** (איט.) – קליינע טעאַטער־פֿאָרשטעלונג צווישען 2 גרעסערע.

**אינטערנאַט** (לאַט.) – לעהר־אַנשטאַלט צוזאַמען מיט פּאַנסיאָן.

**אינטערנאַציאָנאַל** (לאַט.) – 1) גלייכע בעציהונג און ליעבע צו פֿערשיעדענע פֿעלקער. 2) קאָמוניסטישער אַרבייטער־פֿערבאַנד פֿון פֿערשיעדענע מערב־אייראָפּעאישע פֿעלקער, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען דורך מאַרקס און ענגעלס אין יאָהר 1847 און האָט עקזיסטירט ביז דאָס יאָהר 1872.

**אינטערעס** (פֿר.) – געשעפֿטס, נוצען.

**אינטערעסאַנט** (פֿראַנצ.) – וויכטיג, ווערט מען זאָל דאַרויף אויפֿמערקזאַם זיין.

**אינטערעסירען** (פֿר.) – מאַכען אויפֿמערקזאַם, בעשעפֿטיגען.

**אינטערפּעלאַציע** (לאַט.) – אָנפֿראַגע פֿון פֿאָלקס־פֿאָרשטעהער ביי דער רעגירונג וועגען אַ וויכטיגע זאַך.

**אינטערפּרעטאַציע** (לאַט.) – ערקלערונג, דייטונג.

**אינטעררעקס** (לאַט.) – צווישען־קעניג, דער, וואָס רעגירט פֿאָרלויפֿיג פֿון דעם טויט פֿונ'ם אַלטען קעניג ביז מען וועהלט אַ נייעם.

**אינטריגאַנט** (פֿראַנצ.) – אינטריגען־מאַכער, אינטריגען־טרייבער.

**אינטריגע** (פֿר.) – מיכּפֿערשטענדיס צווישען פּערזאָנען, אָנגעמאַכט דורך אַ דריטע פּערזאָן.

**איניציאַטאָר** (לאַט.) – דער, וועלכער שלאָגט פֿאָר דער ערשטער צו בעשאַפֿען אָדער גרינדען עפּעס.

**איניציאַטיווע** (לאַט.) – איינפֿאַל וועגען עפּעס, ערשטע אָנרעגונג.

**איניציאַלען** (לאַט.) – ראשי=תיבות, די ערשטע בוכשטאַבען פון ווערטער.

**אינסורגענטען** (לאַט.) – מורדים במלכות, אַנטוילנעהמער אין אַנ'=אויפשטאַנד געגען די הערשענדע מאַכט.

**אינסורעקציע** (לאַט.) – מרידה, בונט, אויפשטאַנד קעגען די הערשענדע מאַכט.

**אין סטאַטו קוואָ** (לאַט.) – אין דעם צושטאַנד, אין וועלכען די זאַך געפינט זיך.

**אינסטאַנץ** (לאַט.) – שטופע פון געריכטס=און רעגירונגס=אַנשטאַלטען (העכערע אינסטאַנץ, נידריגערע אינסטאַנץ).

**אינסטיטוט** (לאַט.) – אַנשטאַלט, געוועהנליך פאַר בילדונג אָדער וויסענשאַפטליכע צוועקען.

**אינסטיטוציע** (לאַט.) – איינריכטונג, אַנשטאַלט.

**אינסטינקט** (לאַט.) – דאָס אומבעוואוסטזיניגע(?) גפיהל פון לעבעדיגע בעשעפעניסען אויסצומיידען, וואָס איז פאַר זיי שעדליך און זוכען דאָס, וואָס איז נוצליך.

**אינסטינקטיוו** (לאַט.) – לויט דעם געפיהל, און נישט דעם שכל.

**אינסטרומענט** (לאַט.) – ווערקצייג פון קינסטלער און בעלי=מלאכות (פידעל, האַמער, פאָליטרע א. ד. ג.)

**אינסטרוקטאָר** (לאַט.) – דער, וואָס לערנט ווי זיך אומצוגעהן, וואָס צו טהון.

**אינסטרוקציע** (לאַט.) – בעלעהרונג, ווי און וואָס צו מאַכען (אין עפּעס אַ בעזונדערער אַנגעלעגענהייט).

**אינסינואירען** (לאַט.) – ערצעהלען עפּעס כלומרש'ט גלייכגילטיג, נאַאיוו, אָבער מיט דעם ציעל צו פער'מסר'ן.

**אינסינואַציע** (לאַט.) – מסירה'לע, רכילות'ל.

**אינסעקטען** (לאַט.) – קליינע בעשעפענישען מיט פליגעל און אַ סך פיסלעך (פליגען, בינען, קאָמאַרען א. ד. ג.)

**אינספעקטאָר** (לאַט.) – אויפזעהער (אויף שולען, פאַבריקען אָדער מעדיצינישע אַבטיילונג).

**אינספעקציע** (לאַט.) אַנשטאַלט, איבער וועלכען עס האָט צו שאַפען אַנ'אינספעקטאָר (ז. ד.)

**אין עקסטענסאָ** (לאַט.) – וואָרט אין וואָרט, אַלעס.

**אינערציע** (אינערצע). (לאַט.) – אייגענשאַפט פון אַלע קערפּער צו בלייבען אין דעם צושטאַנד', אין וועלכען זיי געפינען זיך אַזוי לאַנג ביז אַנ'אויסערע סבה ענדערט נישט דעם דאָזיגען צושטאַנד.

**אינפאָליאָ** (לאַט.) – דרוק=פאָרמאַט פון אַ גאַנצען בויגען.

**אינפאַמיע** (לאַט.) – שם רע, שלעכטע רעפּוטאַציע.

**אינפאַנט** (לאַט.) – שפּאַנישער קרוינ=פּרינץ.

**אינפאַנטעריע** (לאַט.) – פוסגעהעריש מיליטער (פיעהאָטע).

**אינפאָרמאַטאָר** (לאַט.) – ווער עס גיט ידיעות.

**אינפאָרמאַציע** (לאַט.) – ידיעה.

**אינפוזאָריען** (לאַט.) – גאַנץ קליינע, מיקראָסקאָפּישע, לעבענדיגע בעשעפעניסען, געפינען זיך מיים־טענס אין שטעהענדיגע זיסע וואַסערן.

**אינפלוענץ** (לאַט.) – ענטצינדונג פון אָטעמונגס־אָרגאַנען.

**אינפעקציאָנס־קראַנקהייטען** (לאַט.) – אָנשטעקענדע קראַנקהייטען.

**אינפעקציע** (לאַט.) – אָנשטעקונג, זאַראַזע.

**אינצידענט** (לאַט.) – אומגעריכטער צופאַל.

**אינקובאַלען** (לאַט.) – ביכער, וועלכע זענען געוואָרען געדרוקט באַלד נאָך דעם ערפינדען פון דרוק.

**אינקאַסאָ** (איט.) – איינמאָהנען געלד אויף אַ וועקסעל.

**אינקאַסירען** (איט.) – איינקאַסירען, איינמאָהנען געלד.

**אינקאָגניטאָ** (לאַט.) – אונערקענבאַר, אונטער אַ פרעמדען נאָמען.

**אין קוואַרטאָ** (לאַט.) – דרוק־פאָרם, ביי וועלכער דער בויגען ווערט איינגעלייגט אין פירען.

**אינקוויזיטאָר** (לאַט.) – 1) מיטגליעד פון דער אינקוויזיציע (ז. ד.) 2) ווער עס בענוצט ביי'ם אויספאָרשען בעשולדיגטע אַכזריות'דיגע מיטלען.

**איקוויזיציע** (לאַט.) – הייליגער משפט ביי די קאַטוילען נאָכצופאָרשען חטאים און צו בעשטראָפען פאַר זיי.

**אינקלוזיוו** (לאַט.) – איינשליסליך; מיט דעם.

**איסלאַם** (אַראַב.) – מחמד'נישער גלויבען.

**איפּאַקעקואַנע** (פּאָרטוג.) – מין געוויקס, דיענט אַלס מיטעל צום ברעכען.

**איקאָנע** (גריכ.) – הייליג ביילד.

**איראַדע** (טור.) – בעפעהל פון סולטאַן.

**איראָניע** (גריכ.) – רעדע־אַרט, ווען מען רעדט וועגען נישט ווינ־טינגע זאַכען מיט אַ וויכטיגען טאָן, כדי אָבצולאַכען פון זיי.

**איראָניש** (גריכ.) – אין אַנדערען זין אין געלעכטער.

**איראַציאָנאַל** (לאַט.) – 1) נישט איינ־שטימיג מיט דעם שכל. 2) אין דער מאַטעמאַטיק – אונמעסבארע גרעסען.

**איריגאַטאָר** (לאַט.) – אַפּאַראַטעל צו רייניגען דעם מאָגען פון הינ־טען, וועלכער ווירקט אויטאָמאַטיש.

**איריגאַציע** (לאַט.) – קינסטליכער בע־וואַסערונג פון פעלדער.

**אירידיום** (גריכ.) – אַרט מעטאַל.

**אירויזע** (גריכ.) – 1) יונגע אַלט־גריכישע געטין, פלעגט אויספיהרען די שליחות פון די געטער. 2) רעגענ־בויגען, געטין פון רעגענבויגען.

**אירִיטאַציע** (לאַט.) – שטאַרקער אויס־ברוך פון כּעס.

**אָבּלאָקראַטיע** (גריך.) – הערשאַפט פון פּעבּעל, פון פּראָסטען המון.

**אַבּראָמאַטיזמוס** (גריך.) – פאַרבּלאָזונגקייט; איינגעשאַפט פון גוטע אָפּטישע גלעזער צו געבען בּילדער אָהן אָבּעראַציע (ז. ד.)

**אַבּראָמאַטיש** (גריך.) – פאַרבּלאָז.

**אָבּרע** (גריך.)– ערד־פאַרבּ, לײם־פאַרבּ.

**אַלאָנזש** (פראַנצ.) – אַ בּלעטעל פּאַפּיער, וועלכער ווערט צוגעקלעבּט צום וועקסעל פאַר זשיראַנטען אונטערשריפטען, ווען אויף דער צווייטער זייט איז שוין קיין אָרט נישטאָ.

**אַלאָעס** – אַ געוויקס פון די טראָפּישע לענדער; דער סאָק פון זיינע בּלעטער איז זעהר בּיטער און ווערט בּענוצט אַלס היילמיטעל געגען עצירות.

**אַלאָפּאַט** (גריך.) – אַ דאָקטאָר, וועלכער היילט לויט די מעטאָדע פון דער אַלאָפּאַטיע.

**אַלאָפּאַטיע** (גריך.) – די הערשענדע מעדיצינס־מעטאָדע, וועלכע בּעשטעהט דאַרין, דאָס מען היילט די קראַנק מיט מיטלען, וועלכע זענען אימשטאַנד צו ווירקען ענטגעגענגעזעצט, ווי די אורזאַכען, וועלכע האָבּען זי אַרויסגערופען, למשל: געגען עצירות גיט מען מיטלען, וועלכע מאַכען אָפּענלייבּיג. – און געגענזאַץ צו אַלאָפּאַטיע געפינט זיך די האָמעאָפּאַטיע (ז. ד.)

**אַלאַרם** (פראַנצ.) – אַ גרויס געשריי מיט אַ גערודער.

**אַלאַרמירען** (פראַנצ.) – 1) אָנמאַכען אַ גערודער, אַ שרעק מיט פאַלשע ידיעות. 2) צונויפרופען פלוצלונג דאָס מיליטער.

**אַלבּאַסטער** (גריך.) – אַ סאָרט גיפּס, וועלכער איז ענהליך צו ווייסען מאַרמאָר.

**אַלבּום** (לאַט.) – אַ בּוך מיט ריינע, אומבּעשריבּענע בּלעטער, אַריינצושרייבּען פערזען, שפּריכווערטער און אַפאָריזמען אָדער אַריינצושטעלען פאָטאָגראַפישע בּילדער.

**אַלבּומין** (לאַט.) – דער וויכטיגסטער חעמישער בּעשטאַנדטייל פון דעם איי־ווייסעל און פון אַנדערע שפּייז־מיטעל.

**אַלבּיאָן** (קעלטיש) – בּערג־ערד; דער פּאָעטישער נאָמען פון ענגלאַנד.

**אַלגאַמבּראַ** (אַראַבּ.) – אַ פּאַלאַץ פון די מויריטאַנישע (אַראַבּישע) מלכים (כּאַליפען) און גרענאַדע (אין שפּאַניען), איינע פון די זעלטענסטע און שענסטע געבּײַדען פון מיטעלאַלטער.

**אַלגאָריטמוס** (גריך.) – די פיער רעכען־יסודות (חבּור, חסור, כּפל און חלוק).

**אַלגעבּראַ** (אַראַבּ.) – די טייל מאַטעמאַטיק, אין וועלכען עס ווערען בּערעכענט פערשיעדענע אויפ־

גאַבּען מיט דער הילף פון בוכשטאַבּען און צייכענס.

**אַלומיניום** – אַ לייכטער, ווייסער מעטאַל.

**אַלחימיע** (אַראַב.–גר.) – אַ פאַלשע וויסענשאַפט, וועלכע לערנט מאַכען גאָלד און עליקסיר צום לאַנג לעבען;

**אַלחימיקער** (אַראַב.–גר.)– דער, וואָס בעשעפטיגט זיך מיט אַל־חימיע.

**אַלט**(איט.)–די בעצייכנונג פאַר אַ מיטע־לע שטימע; אויך אַמין פידעל.

**אַלטאַנע** (אַראַב.) – גאָרטען־הייזעל.

**אַלטאַר**(לאַט.)– מזבח; אין די קריסט־ליכע קירכען – די בימה, אויף וועלכער דער פריסטער מאַכט דאָס געבעט און האַלט זיינע דרשות.

**אַלטימוזע** (לאַט.) – די הויך פון אַ פונקט איבער דעם מעער־שפיגעל.

**אַלטין** (טאַטאַר.) – אַ מטבע פון 3 קאָ־פיקעס.

**אַלטערנאַט** (לאַט.)– דיפּלאָמאַטישער מנהג צו שרייבען די נעמען פון די מדינות אין פערשידענע אָרדנונג (למשל: אין אַ קאָנטראַקט צווישען ענג־לאַנד און רוסלאַנד שרייבט מען איין מאָל „רוסלאַנד און ענגלאַנד", דאָס צווייטע מאָל – „ענגלאַנד און רוסלאַנד"). כדי צו ווייזען, דאָס איינע שטעהט נישט העכער פון דער אַנדערער.

**אַלטערנאַטיווע** (לאַט.) – אויסוואַהל צווישען צוויי זאַכען (ענטוועדער–אָדער, אַהין אָדער אַהער); אַ ספק, וועלכעס צו וועהלען, צו האַלטען פאַר ריכטיג, וועלכען וועג אָנצונעהמען א. ז. וו.

**אַלטרואיזמוס** (לאַט.) – אַ פילזאָפי־שער בעגריף, וועלכער בע־דייטעט, דאָס די גרונדלאַגע פון דער מענשליכער זיטליכקייט איז דאָס מיט־געפיהל צו אַנדערע (אַלטער-אַנ'אַנדערער) און געגענזאַץ צו עגאָיזמוס (ז. ד.)

**אַליאַנס** (פראַנצ.) – אַ פעראייניגונג, אַ בונד פון עטליכע מדינות.

**אַליאַנס איזראַעליט אוניווער־סעל** (פראַנצ.) – אַלוועלטלי־כע אידישע פעראייניגונג (חברת כל ישראל חברים) – אַ גרויסע יודישע גע־זעלשאַפט, וועלכע איז געגרינדעט גע־וואָרען פון דעם יודישען מיניסטער אין פראַנקרייך – קרעמיע, און האָט געהאַט דעם ציעל צו פערטיידיגען די רעכטע פון דעם יודישען פאָלק אין דער גאַנ־צער וועלט. די לעצטע צייט האָט די גע־זעלשאַפט פערלוירען איהר פריהערע בעדייטונג, זי בעשעפטיגט זיך נאָר מיט פערשפרייטען בילדונג צווישען די יודען אין די מזרח־לענדער און קומט צו הילף די יודען אין די באַרבאַרישע לענדער, וועלכע געפינען זיך אונטער דעם שוץ פון פראַנקרייך אָדער שטעהען אונטער איהר איינפלוס (אַלזשיר, טוניס, מאַראָקאַ א. ז. וו.)

**אַליבי** (לאַט.) – אין אַנ'אַנדער אָרט, אַ יורידישער טערמין, וועלכער

בעדײַטעט, דאָס דער בעשולדיגטער איז און דער צײַט, ווען דאָס פֿערברעכען איז אויסגעפֿיהרט געוואָרען, ניטשט געוועזען אויף דעם אָרט, וואו דאָס איז געשעהען.

**אָליגאַרכיִע** (גריכ.) – רעגירונגס-סיסטעם, בײַ וועלכען די מאַכט געהערט צו איינינגע פּערזאָן.

**אָליווע** (לאַט.) – אײַלבירט.

**אָלימפּ** (גריכ.) – באַרג אין טעסאַליען, אין גריכענלאַנד, אויף וועלכען עס האָבען, לויט דעם גלויבען פֿון די פֿאַרצײַטיגע גריכען, געוואָהנט די ווינכטיגסטע געטער.

**אָלימפּיאַדע** (גריכ.) – פֿיער-יעהריגער טערמין צווישען איין אָלימפּישער שפּיעל און דער אַנדערער.

**אָלימפּישע שפּיעל** (גריכ.) – פֿאָ, קס-יום-טוב מיט פֿערשידענע שפּיעלען איינמאָל אין פֿיער יאָהר בײַ די פֿאַרצײַטיגע גריכען לכבוד דעם גאָט יופּיטער.

**אַליקאַנט** (שפּאַנ.) – אַ סאָרט זיסער ווײַן (נאָכ'ן נאָמען פֿון דער שטאָדט אַליקאַנטע אין שפּאַניען).

**אַללאַה** (אַראַב.) – דער אַראַבישער נאָמען פֿון גאָט.

**אַלעע** (פֿראַנצ.) – וועג צווישען רײַהען בוימער.

**אַלמאַז** (אַראַב.) — אַן עדעלשטיין.

**אַלמאַ מאַטער** (לאַט.) – מוטער-שפּײַזערין – אַזוי הייסט די האָכשולע בײַ די, וואָס האָבען זי געענדיגט.

**אַלמאַנאַך** (אַראַב.) – זאַמעלבוך פֿון פּראָזאַאישע און פּאָעטישע ווערק, וועלכעס ערשײַנט איינמאָל אין יאָהר צוזאַמען מיט אַ קאַלענדאַר פֿאַר דעם יאָהר.

**אָלעאָגראַפֿיע** (גריכ.) – אַרט ליטאָגראַפֿיע מיט אײַלפֿאַרבען.

**אַלעגאָריע** (גריכ.) – מָשָל, דאָס אויסדריקען פֿון אַ געדאַנק מיט אַנדערע ווערטער.

**אַלפּען** (קעלטיש) – הויכע בערג אין שווייץ, איטאַליען, פֿראַנקרײַך און עסטרײַך.

**אַלפֿאַ** (גריכ.) – אַלף, דאָס ערשטע אות פֿון גריכישען אַלף-בית.

**אַלפֿאַ און אָמעגאַ** (גריכ.) – דאָס ערשטע אות און דאָס לעצטע, ד. ה. דער אָנהויב און דער סוף.

**אַלפֿאַבעט** (גריכ.) – אַלף-בית: אַלע אותיות פֿון אַ שפּראַך אין זייער געוועהנליכער אָרדנונג איינס נאָכ'ן אַנדערען.

**אַלפֿאַבעטיש** (גריכ.) – לויט דעם אַלף-בית געאָרדענט (געמען פֿון מענשען אָדער זאַכען).

**אַלפֿאָנס** – אײַגענטליך אַ קריסטליכער נאָמען, בעדײַטעט אַ יונגען מענשען, וועלכער לעבט אויפֿ'ן חשבון פֿון אַ פֿרוי, וואָס ער האָט פֿערפֿיהרט.

**אַלפֿרעסקאָ** (איט.) – וואַסער-פֿאַרבינע מאַלערײַ אויף דער וואַנד בלויז.

**אַלקאָהאָל** (אַראַב.) – אַ אונפֿאַרבינע

פליסיגקייט מיט אַ שטאַרקען ריח, וועלכע
בילדעט אַ בעשטאַנד-טייל פון ספּירוטוס,
וויין, ביער א. ז. וו.

**אַלקאָהאָליזם** (אַראַב.)– אַ קרענקלי-
כער צושטאַנד, וועלכער
קומט אַרויס פון צופיעל נוצען אַלקאָהאָלי-
שע געטראַנקען.

**אַלקאָהאָלישע געטראַנקען**–גע-
טראַנקען, וועלכע ענטהאַלטען
אין זיך אַלקאָהאָל (וויין, ביער, ספּירוטוס).

**אַלקאָראַן** ז. קאָראַן.

**אַלקיער** (איט.)– אַ זייטען-ציטערל.

**אָם** – עלעקטרישע ווידערשטאַנדס-
איינהייט.

**אַמאַזאָנקע** (גריכ.)– 1) אַ פרוי, וועל-
כע רייט אויף אַ פערד.
2) אַ לאַנג קלייד, וואָס רייטענדע פרויען
טראָגען.

**אַמאַטאָר** (לאַט.) – ליעב-האָבער פון
עפּעס, אַ בעלן.

**אַמאַלגאַמע** (גריכ.) – אַ געמיש פון
מעטאַל מיט קוועק-זילבער.

**אַמאָניאַק** (גריכ.) – אַזאַ מין זאַלץ מיט
אַ שטאַרקען עסענדען ריח.

**אַמאָר** (לאַט.)– ליעבע, דער גאָט פון
ליעבע; ער ווערט פאָרגע-
שטעלט אַלס אַ יונגעל מיט פליעגעל און
אַ פייל-בויגען אין דער האַנד.

**אַמאָרטיזאַציע** (פראַנצ.) – דאָס דע-
קען אַ חוב.

**אַמבאַלאַזש** (פר.)–פּעקאַקונג.

**אַמבאַסאַדע** (פראַנצ.)–אַ שלוחות פון
איין מדינה צו דער אַנדערער.

**אַמבאַסאַדער** (פראַנצ.) – אַ פאָרטרע-
טער פון איין מדינה, צו וועל-
כען זיין רעגירער האָט גרויס צוטרוי.

**אַמבאַראַס** (פראַנצ.)– פערלעגענהייט,
שטערונג.

**אַמבולאַטאָריום** (לאַט.)– אַ שפּיטאָל-
אָבטיילונג צו העלפען קראַנ-
קע, וואָס קומען פון גאַס.

**אַמבולאַנס** (פראַנצ.) – 1) אַ בעוועג-
ליכער לאַזאַרעט, וועלכער
דערלאַנגט די ערשטע הילף די פער-
וואונדעטע אין דער מלחמה. 2) אין
ענגלאַנד הילפס-סטאַציאָנען פאַר מענ-
שען, וועלכע ווערען פּלוצלונג קראַנק
אין גאַס.

**אַמביציע** (לאַט.)– האַלטען פון זיך,
גאווה.

**אַמבראַ** (פרס.) – זעהר אַ שמעקעדיגע
מאַסע.

**אַמבראָזיע** (גריכ.)– די שפּייז, וועל-
כע די גריכישע געטער פלע-
גען עסען, ווי עס ווערט דערצעהלט
אין דער מיטאָלאָגיע.

**אַמברע** (פרס.) – פּאַרפומען, וועלכע
ווערען געמאַכט פון אַמבראַ.

**אַמוניציע** – אַלעס, וואָס געהערט צו
דער בעוואָפנונג פון די סאָל-
דאַטען.

**אָמלעט** (פראַנצ.) – אייערשפּייזע.

**אָמניבוס** – פערמאַכטער עקיפּאַזש
אויף איבערצופיהרען פּאַסאַ-
זשירען אויף ניט זעהר ווייטע שטרע-
קען.

**אַמנעסטיע** (גריכ.) – דאָס בעפֿרײַען פֿון שטראָף די, וועלכע זענען שוין פֿער'משפּט.

**אַמעבע** (גריכ.) – דאָס קלענסטע לעבעדיג בעשעפֿעניש.

**אָמעגאַ** (גריכ.) – לעצטעס אות פֿון גריכישען אַלף־בית (ז. אַלפֿאַ).

**אַמעלאָראַציע** (לאַט.) – פֿערבעסערונג, מיסטיגונג פֿון פֿעלדער.

**אַמפּוטאַציע** (לאַט.) – דאָס אָבשנײַדען אַ גליעד פֿון מענשליכען קערפּער צוליעב אַ היילונגס־צוועק.

**אַמפּוטירען** (לאַט.) – אָבשנײַדען אַ גליעד.

**אַמפּער** – מאָסאײַנהײַט פֿון אַנ'עלעקטרישען שטראָם.

**אַמפֿיבראַכיום** (גריכ.) – אַ פֿערז־פֿוס פֿון דרײַ זילבען, פֿון וועלכע די מיטעלע איז הויכטאָניג און די צוויי איבריגע טאָנלאָז.

**אַמפֿיטעאַטער** (גריכ.) – אַ קײַלעכיגע געבײַדע מיט בענק, וועלכע געהען אַלע מאָל העכער.

**אַנאָדין** (גריכ.) – אַ בערוהיגענדעס היילמיטעל פֿאַר נערוועזע קראַנקע.

**אַנאַטאָם** (גריכ.) – אַ דאָקטאָר, וועלכער צושנײַדט טויטע קערפּער, כדי צו מאַכען עקספּערימענטען.

**אַנאַטאָמיע** (גריכ.) – די וויסענשאַפֿט, וועלכע בעשעפֿטיגט זיך מיט די אינערליכע און אויסערליכע געבײַדע פֿונ'ם מענשליכען קערפּער (ווי אויך פֿון אנדערע לעבעדיגע בעשעפֿענישען און פֿלאַנצען).

**אַנאַטאָמישער זאַל אָדער טעאַטער** (גריכ.) – אַ זאַל, אין וועלכען מען צושנײַדט טויטע מענשליכע קערפּער, כדי צו מאַכען אַנאַטאָמישע עקספּערימענטען.

**אַנאַכראָניזמוס** (גריכ.) – דאָס, וואָס עס פּאַסט שוין ניט צו דער צײַט.

**אַנאַכראָניש** (גריכ.) – ניט צופּאַסיג צו דער צײַט.

**אַנאַלאָגיע** (גריכ.) – ענליכקײַט.

**אַנאַלאָגיש** (גריכ.) – ענליך.

**אַנאַליז** (גריכ.) – 1) די כעמישע צערלעגונג פֿון אַ קערפּער אין זײַנע עלעמענטען. 2) די אויספֿאָרשונג פֿון אַ זאַך דאַדורך, וואָס מען בעטראַכט יעדען פֿון איהרע פּרטים בעזונדער. 3) אַ טייל פֿון דער מאַטעמאַטיק.

**אַנאַליזירען** (גריכ.) – צערלעגען אין טיילען, פֿאַנאַנדערנעהמען.

**אַנאַליטישע געאָמעטריע** (גריכ.) די מאַטעמאַטישע וויסענשאַפֿט, אין וועלכער עס ווערען בעוויזען געאָמעטרישע כללים מיט דער הילף פֿון דער אַלגעבראַ.

**אַנאַלען** (לאַט.) – יאָהר־שריפֿטען, דברי הימים, רוימישע ביכער, אין וועלכע די היסטאָרישע פֿאַקטען זענען בעשריבען לויט די יאָהרען, אין וועלכע זיי זענען געשעהען.

**אַנאַלפֿאַבעטען** (גריכ.) — די, וואָס קענען נישט לעזען און שרייבען.

**אַנאָמאַליע** (גריכ.) — נישט קיין נאַטורליכע, געוועהנליכע ערשיינונג; וואָס איז נישט איינשטימיג מיט די געזעצען פֿון דער נאַטור אָדער געשיכטע.

**אַנאַנאַס** (אינד.) — אַ פּרי מיט אַן אַנגענעהמען ריח.

**אָנאַניזמוס** (פֿון העבר. נאָמען אונן) — נישט נאַטירליכע בעפֿרידיגונג פֿון תאוה.

**אַנאָנים** (גריכ.) — אָהן אַ נאָמען, אונבעוואוסט.

**אַנאָנס** (פֿראַנצ.) — מודעה.

**אַנאַנקע** (גריכ.) — דער גורל, אונטער וועלכען עס זענען אונטערגעוואָרפֿען אפילו די געטער.

**אַנאַפּעסט** (גריכ.) — אַ פֿערז־פֿוס פֿון דריי זילבען, פֿון וועלכע די ערשטע צוויי זענען טאָנלאָז און די לעצטע — הויכטאָניג.

**אַנאַקרעאָנטיש** (גריכ.) — לויט דעם מוסטער פֿון גריכישען פּאָעט אַנאַקרעאָן, וועלכער האָט געווידמעט זיינע שירים דער ליעבע און דעם וויין, אַלזאָ אַלעס, וואָס האָט אַ שייכות צו די זאַכען.

**אַנאָרגאַניש** (גריכ.) — וואָס עס האָט נישט קיין לעבענס־אָרגאַנען (מעטאַלען און מינעראַלען).

**אַנאָרגאַנישע חעמיע** — דער טייל חעמיע, וועלכער בעשעפֿטיגט זיך מיט די חעמישע עלעמענטען און פֿעראייניגונגען פֿון אַנאָרגאַנישע קערפּער.

**אַנאַרכיזמוס** (גריכ.) — די מיינונג, דאָס די מדינה דאַרף נישט האָבען קיין הערשער און קיין געזעצגעבענדע און אויספֿיהרענדע מאַכט.

**אַנאַרכיסט** (גריכ.) — אָנהענגער פֿון אַנאַרכיזמוס.

**אַנאַרכיע** (גריכ.) — אָהן רעגירונג; דער צושטאַנד פֿון אַ מדינה, ווען קיין אויבערמאַכט איז נישטאָ, אָדער זי איז נישט אימשטאַנד צו האַלטען די מדינה און אָרדנונג.

**אַנאָ־מאַל** (גריכ.) — נישט נאָרמאַל, נישט רעגעלמעסיג.

**אַנגאַזשירען** (פֿראַנצ.) — 1) איינלאַדען צום טאַנצען. 2) איינלאַדען אַן׳אַקטער אָדער אַ זינגער אויף אַ געוויסע צאָהל פֿאָרשטעלונגען און טעאַטער.

**אַנגאַזשמענט** (פֿראַנצ.) — איינלאַדונג צום טאַנצען אָדער שפּיעלען און טעאַטער.

**אַנגלאָמאַן** (גריכ.) — אַ מענש, וואָס האָט ליעב צו לעבען אויפֿ׳ן ענגלישען אופֿן.

**אַנגלאָמאַניע** (גריכ.) — די ליעבע צו אַלעם, וואָס איז ענגליש.

**אַנגלאָפֿאָב** (גריכ.) — אַ פֿיינד פֿון ענגלענדער.

**אַנגלאָפֿיל** (גריכ.) — אַ פֿריינד פֿון ענגלענדער.

**אַנגליציזמוס** (לאַט.) — ענגלישע שפּראַך-פאָרם אין אַן׳אַנדערער שפּראַך.

**אַנגליקאַנער** — אַ גרויסע קריסטליכע סעקטע, צו וועלכער עס געהערען דער גרעסטער טייל ענגלענדער און אַמעריקאַנער. זיי אַנערקענען נישט די היילִיגקייט פון פּאַפּסט, און פאַר אויבערהייליגע רעכנען זיי די בישאָפען.

**אַנגראָ** (פר.) — אין גרויסע מענגען.

**אַנגראָסיסט** (פר.) — סוחר, וועלכער פערקויפט אין גרויסע מענגען

**אַנהידריד** (גריכ.) — חעמישע פעראייניגונג, וועלכע ענטהאַלט נישט קיין וואַסער.

**אַנולירען** (לאַט.) — מבטל זײַן, אויסשטרײַכען.

**אַנטאַגאָניזמוס** (גריכ.) — געגענזאַץ, פײַנדשאַפט.

**אַנטאָלאָגיע** (גריכ.) — אַ זאַמלונג פון אויסגעוועהלטע קורצע שירים פון פערשידענע פּאָעטען.

**אַנטאָפּטאַלמישע מיטלען** (גריכ.) מיטלען געגען אויגען-קראַנקהייטען.

**אַנטי** (גריכ.) — געגען.

**אַנטיאַריסטאָקראַט** (גריכ.) — געגנער פון דער הערשאַפט פון די אַריסטאָקראַטען.

**אַנטידאָט** (גריכ.) — געגענגיפט, מיטעל, וועלכעס האָט דעם ציעל אָבצושוואַכען די ווירקונג פון גיפט.

**אַנטיווענערישע מיטלען** (גריכ.-לאַט.) — מיטלען געגען ווענערישע קראַנקהייטען.

**אַנטיטעזע** (גריכ.) — אַ רעטאָרישע פיגור (ז. דאָרט), וועלכע בעשטעהט פון צוויי ענטגעגענגעזעצטע געדאַנקען, כדי דאָס געשילדערטע בילד זאָל אויסקומען לעבענדיגער.

**אַנטילאָפּע** (גריכ.) — אַ מין הירש.

**אַנטינאַציאָנאַל** (גריכ.-לאַט.) — וואָס עס איז קעגען דעם גייסט אָדער די אינטערעסען פון׳ם פאָלק.

**אַנטיסאָציאַל** (גריכ.-לאַט.) — געגען די אינטערעסען פון דער געזעלשאַפט.

**אַנטיסעמיט** (גריכ.) — געגנער פון די פעלקער, וועלכע געהערען צו דער סעמיטישער (פון שם בן נח) ראַסע, איבערהויפט פון יידען.

**אַנטיסעפּטישע מיטלען** (גריכ.) — מיטלען, וועלכע זענען געגען דעם פוילען פון אָרגאַנישע קערפּער-טיילען און ווערען בענוצט צו וואונדען א. ד. גל.

**אַנטיפּאָדען** (גריכ.) — 2 מענשען, וועלכע וואָהנען אין צוויי געגענגעזעצטע פּונקטען פון דער ערד: איינער אין דער צפון-האַלב-קוגעל, דער צווייטער — אין דער דרום-האַלב-קוגעל.

**אַנטיפּאַטיע** (גריכ.) — די אומבעוואוסטע און אומערקלערליכע שנאה צו אַ פּערזאָן אָדער אַ זאַך.

**אַנטיפּעֶברין** (גריכ.-לאַט.) – אַ מיטעל געגען פיבער.

**אַנטיקוואַריעֶר** (לאַט.) – 1) דער, וואָס בעשעפֿטיגט זיך מיט זאַכען, וואָס שטאַמען פון פאַרצייטען. 2) אַ הענדלער פון אַלטע ביכער און בילדער.

**אַנטראָפּאָלאָג** (גריכ.) – דער, וואָס בעשעפֿטיגט זיך מיט דער לעהרע וועגען דעם מענשען.

**אַנטראָפּאָלאָגיע** (גריכ.) – די לעהרע וועגען דעם מענשען, ווי פון דער פיזישער אַזוי פון דער גייסטליכער זייט.

**אַנטראָפּאָמאָרפיזמוס** (גריכ.) – די מיינונג, דאָס גאָט האָט די געשטאַלט פון אַ מענשען.

**אַנטראַקט** (פראַנצ.) – צווישען-אַקט, די צייט צווישען צוויי אַקטען ביי די פאָרשטעלונג פון אַ פיעסע.

**אַנטרע** (פראַנצ.) – אַריינגאַנג.

**אַנטרעפּרענער** (פראַנצ.) – דירעקטאָר אָדער איינגענטימער פון אַ פריוואַט-טעאַטער.

**אַנטשאַר** – אַ בוים, פון וועלכען עס טריפט גיפטיגער סאָק; די ווילדע איינוואָהנער פון די לענדער, וואו ער וואַקסט, בענוצען דעם סאָק צו פערגיפטען זייערע פיילען.

**אַנילין** – אייל-פאַרטיגע, פאַרבלאָזע פליסיגקייט, וועלכע געפינט זיך מייסטענס אין די שטיין-קוילען-סמאָלע.

**אַנילין-פאַרבען** – פאַרבען, וועלכע ווערען אויסגעאַרבייט פון אַנילין.

**אַנימיזמוס** (לאַט.) – די אַנשויאונג, דאָס די הויפּטקוועלע פון דער גאַנצער טעטיגקייט פון דעם מענשליכען אָרגאַניזמוס איז די נשמה.

**אַנעמיע** (גריכ.) – קראַנקהייט, וועלכע בעשטעהט אין דעם, דאָס דער קראַנקער האָט וועניג בלוט אין קערפּער.

**אַנעקדאָט** (גריכ.) – אַ קורצע שאַרפזיניגע ערצעהלונג.

**אַנעראָאיד** – אַן אַפּאַראַטעל, וועלכעס בעשטעהט פון אַ שטאָלען רעהרעל און איז אַזוי איינגעאָרדענט, דאָס דאָס רעהרעל בויגט זיך לויט די ענדערונג פון דעם לופט-דרוק און דעריבער ווערט עס בענוצט צו מעסטען דעם דרוק פון דער לופט (באַראָמעטער).

**אַנקעטע** (פר.) – עפענטליכע אויספאָרשונג פון עפּעס, וועגען וואָס מען ווענדעט זיך צו פילע פערשיעדענע פערזאָנען.

**אַנקער** – 1) אַן אַרט מעכאַניזמוס פון די טאַשען-זייגערס. 2) אַזאַ אייזערנע כלי, וועלכע ווערט בענוצט צו פערהאַלטען דאָס שיף אויף אַ'ן אָרט.

**אַסאָציאַציע** (לאַט.) – פעראייניגונג, געזעלשאַפט, פערבאַנד פון מענשען, וועלכע האָבען זיך גענומען אין איין אויפגאַבע. (ז. אידעענאַסאָציאַציע).

**אַסאָרטימענט** (פראנצ.) – אויסוואַהל פון פערשיעדענע בעסערע סחורות.

**אַסבעסט** (גריכ.) – אונפערברענבאַר, בעצייכנונג פאַר מינעראַלען, וועלכע לאָזען נישט דורך קיין פייער.

**אָסט, אָסטען** (דייטש) – מזרח.

**אַסטמאַ** (גריכ.) – שווערקייט צו אָטהעמען.

**אָסטעאָלאָגיע** (גריכ.) – לעהרע וועגען די ביינער.

**אַסטראָלאָג** (גריכ.) – שטערענזעהער, דער, וואָס זאָגט נביאות לויט די שטערען.

**אַסטראָלאָגיע** (גריכ.) – שטערענזעהעריי, די פאַלשע וויסענשאַפט צו זאָגען נביאות לויט דעם, ווי די שטערען ווייזען.

**אַסטראָנאָם** (גריכ.) – געלעהרטער, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט אַסטראָנאָמיע (ז. ד.)

**אַסטראָנאָמיע** (גריכ.) – שטערענקונדע, די וויסענשאַפט, וועלכע בעשעפטיגט זיך מיט די בעוועגונגען פון די הימעל־קערפער און זייערע פערהעלטניסע איינע צו די אַנדערע.

**אַסטראָפיזיק** (גריכ.) – די לעהרע וועגען די פיזיקאַלישע גע־ביידע פון די הימעלקערפער.

**אָסטראַקיזמוס** (גריכ.) – מנהג ביי די פאַרצייטיגע איינוואָהנער פון אַטען (הויפטשטאָדט פון גריכענלאַנד) אָנ־צושרייבען אויף ברעטלעך דעם נאָמען פון אַ בירגער, וועלכער האָט זיך אויסגעוויזען שעדליך פאַר די געזעל־שאַפטס־רוהע, און ווען 6000 האָבען אויפגעשריבען דעם נאָמען פון איין בירגער, פלעגט ער ווערען אַרויסגעשיקט פון דער מדינה.

**אַסיגנאַציע** (לאַט.) – פּאַפּירענגעלד.

**אַסיגנירען** (לאַט.) – בעשטימען אַ סו־מע געלד אויף עפּעס.

**אַסימילאַציע** (לאַט.) – דאָס פער־גלייכען זיך, דאָס אויסטוי־שען זיך.

**אַסימילירען** (לאַט.) – מאַכען עהנליך.

**אַסימילירען זיך** (לאַט.) – זיך מאַכען עהנליך, גלייך זיך אויסטוי־שען מיט זאַכען פון אַנ׳אַנדער מין.

**אַסיסטענט** (לאַט.) – בייהילפער, ביי־זיצער, טיטעל פון אַ געהילפע ביי אַ פּראָפעסאָר.

**אַסעסאָר** (לאַט.) – בייזיצער, אַ טי־טעל פון בעאַמטע.

**אַסעקוראַנץ אָדער אַסעקוראַצי־יאָנס־געזעלשאַפט** (פר.) אַ געזעלשאַפט, וועלכע בעשעפטיגט זיך מיט אָננעהמען אַסעקוראַציעס (ז. ד.)

**אַסעקוראַציע** (פראנצ.) – פערזיכע־רונג; עס בעשטעהט אין דעם, דאָס דער מענש, וועלכער וויל זיך פערזיכערען פון אַ צופאַל (אַ שרפה, עלטער, טוידט א. ז. וו.), צאָהלט יעהר־ליך אַ געזעלשאַפט אַ געוויסען פּראָצענט, און ווען דער צופאַל טרעפט איין, קריעגט ער (ביים טאָדעס־צופאַל – זיינע יורשים)

די בעשטימטע סומע, אויף וועלכע ער האָט זיך פערזיכערט.

**אַספּאַלט** (גריכ.) – ערד-פּעך, געפינט זיך אויפ'ן ים-המלח (אין ארץ ישראל) און אין קאַווקאַז.

**אַסקעט** (גר.) – נזיר, פרוש – אַ מענש, וועלכער וואָהנט אָבגעזונדערט פון אלע און האָט נישט קיין הנאה פון דער וועלט.

**אַסקעטיזמוס** (גריכ.) – פרישות, דאָס נישט הנאה האָבען פון דער וועלט.

**אַעראָליטען** (גריכ.) – לופט-שטיינער, מעטעאָר-שטיינער, וועלכע פאַלען פון דער לופט.

**אַעראָנאַוט** (גריכ.) – דאָס פליהען אין דער לופט (מיט א לופט-באַלאָן).

**אַעראָנאַוטיק** (גריכ.) – דאָס פליהען אין דער לופט (מיט א לופט-באַלאָן).

**אַעראָסטאַט** (גריכ.) – לופט-באַלאָן.

**אַעראָפאָן** (גריכ.) – אַן אַפּאַראַט, ערפונדען פון עדיסאָן, וועלכער פערשטאַרקט דעם מענשען'ס קול, אז מען קאָן עס הערען דייטליך אייניגע וויאָרסט ווייט.

**אַעראָפאָר** (גריכ.) – אַפּאַראַט צום אָטעמען אונטער'ן וואַסער.

**אַעראָפּלאַן** (גריכ.) לענק-לופט, פליה-אַפּאַראַט. שוו[illegible] רער פאַר זיין שטה לופט.

**אָפּאָדעלדאָק** (פראַנ.)—נעמיש פון זייף מיט קאַמפער און פערשיעדענע עטערישע אייל'ען, ווערט בענוצט אלס הייל-מיטעל.

**אָפּאָזיציע** (לאַט.) – 1) געגנערשאַפט. 2) די פּאַרטיי אין פּאַרלאַמענט אָדער אין אַ פעראיין, וועלכע איז געגען די מעהרהייט. 3) אַלע עלעמענטען אין אַ מדינה, וועלכע זיינען קעגען די העררשענדע אָרדנונג.

**אַפּאַטיע** (גריכ.) – גלייכגילטיגקייט, נישט-פיהלבאַרקייט.

**אַפּאַטיש** (גריכ.) – גלייכגילטיג, אָהן געפיהל.

**אַפּאָטעאָז** (גריכ.) – פערגעטערונג, האַלטען אַ מענשען פאַר אַ גאָט.

**אָפּאַל** (גריכ.) – אַ מין עדעלשטיין.

**אַפּאָלאָגיע** (גריכ.) – אַ רעדע אָדער אַ ווערק מיט דעם ציעל צו פערטיידיגען אַ בעשולדיגטען.

**אַפּאָלאָן** (גריכ.) – דער גאָט פון ליטעראַטור און קונסט.

**אַפּאַנאַזש** (פראַנצ.) – די גיטער, וועלכע עס ערהאַלטען די מיטגלידער פון דער קייזערליכער פאַמיליע.

**אָפּאָנירען** (לאַט.) – אויסדריקען און ענטוויקלען געגענגעזעצטע מיינונגען פון דעם רעדנער אָדער רעפערענט.

**אָפּאָנענט** (ראַט.) – [illegible] ביי אַ דיסקוסיע אָדער אַ דיספּוט.

**אַפּאָסטאָל** (גריכ.) – אַ שליח, אַ פאָרבאָטע; אַזוי ווערען אָנגערופען די 12 תלמידים פון ישו הנוצרי.

**אָפּאָפּאָנאַקס** (אראב.) – מין פערפומע.

**אַפּאָפּלעקסיע** (גריכ.) – אַ שלאַג, וועלכער בעשטעהט אין דעם, דאָס דאָס בלוט פונ'ם מוח שלאָגט צו און אַנדערע טיילען פונ'ם קערפער.

**אַפּאָקריפען** (גריכ.) – כתובים אחרונים, די ספרים, וועלכע זענען פארצייטענס געשריבען געוואָרען מיט אַ ביבלישען חאַראַקטער און זענען נישט צוגערעכענט געוואָרען צו'ם תנ"ך.

**אַפּאַראַט** (לאַט.) – אַנ'איינריכטונג, וואָס מיט איהר הילף פיהרט מען אויס אַ בעשטימטע אַרבייט.

**אַפּאַרט** (פראַנצ.) – פאַר זיך, אין אַ זייט.

**אַפּאַרטאַמענט** (פראַנצ.) – גרויסע וואָהנונג.

**אָפּאָרטוניסט** (לאַט.) – פּאָליטיקער, וועלכער נוצט אויס יעדע בעלעגענהייט לטובת דעם ציעל פון זיין פּאַרטיי.

**אַפּטייק** (גריכ.) – אַ געשעפט, וואו מען פערפערטיגט און פערקויפט פערשידענע הייל-מיטעל.

**אַפּטייקער** (גריכ.) – אייגענטימער פון אַנ'אַפּטייק.

**אָפּטימיזמוס** (לאַט.) – וועלט-אַנשוי-אונג; דאָס אַלעס, וואָס עס בעשטעהט אויף דער וועלט, איז צום גוטען.

**אָפּטימיסט** (לאַט.) – אַנהענגער פון אָפּטימיזמוס.

**אָפּטיק** (לאַט.) – לעהרע וועגען ליכט-ערשיינונגען.

**אָפּטיקער** (לאַט.) – 1) געלעהרטער אין דער אָפּטיק. 2) מייסטער פון אָפּטישע אינסטרומענטען.

**אָפּיום** – געדיכטע מאַסע, וועלכע ווערט געבילדעט פון דעם זאַפט פון אומצייטיגע מאָהן-קעפּלעך, האָט נאַרקאָטישע (ז. ד.) איינגענשאַפטען.

**אָפּיניע** (לאַט.) – מיינונג, אורטייל.

**אַפּלאָדיסמענט** (לאַט.) – דאָס פּאַטש-שעריי מיט די הענד אַלס צייכען פון צופריעדענהייט אָדער איינשטימונג.

**אַפּלאָדירען** (לאַט.) – פּאַטשען מיט די הענד אַלס צייכען פון צופריעדענהייט אָדער איינשטימונג.

**אַפּליקע** (פראַנצ.) – אַ זאַך, וועלכע איז אַרומגעלעגט מיט גאָלד אָדער זילבער.

**אַפּעטיט** (לאַט.) – חשק צום עסען.

**אַפּעלאַנט** (לאַט.) – דער, וואָס דער-לאַנגט אַנ'אַפּעלאַציע.

**אַפּעלאַציע** (לאַט.) – אַ קלאַגע אין אַ העכערע אינסטאַנץ, דאָס די נידעריגערע אינסטאַנץ איז זיך נישט געזעצמעסיג בעגאַנגען מיט דעם אַפּע-לאַנט.

**אַפּעלירען** (לאַט.) – זיך ווענדען אין אַ העכערע אינסטאַנץ מיט אַ קלאַגע, דאָס די נידריגערע אינסטאַנץ איז נישט געזעצמעסיג פאָרגעגאַנגען מיט דעם בעקלאַגער.

**אַפּעלסינע** (דייטש) – פּאָמעראַנץ, אַזאַ מין פרוכט.

**אָפּעראַטאָר** (לאַט.) — ווער עס מאַכט אָפּעראַציעס.

**אָפּעראַציאָנס=פּונקט** (לאַט.) — דאָס אָרט אויפ'ן שלאַכט=פעלד, פון וואַנען מען פיהרט די גאַנצע מלחמה.

**אָפּעראַציאָנס=פּלאַן** (לאַט.) — פּלאַן ווי צו פיהרען אַ מלחמה.

**אָפּעראַציע** (לאַט.) — 1) אַרבייט, אונטערנעהמונג. 2) אין דער מעדיצין — דערוויַיטערונג פון אַ קראַנקען קערפּער-טהייל. 3) טאַקטישע בעוועגונגען אויף אַ מלחמה.

**אָפּעריִרען** (לאַט.) — מאַכען אָפּעראַציע.

**אָפּערע** (איט.) — פאָרשטעלונג פון אַ דראַמאַטיש ווערק מיט מוזיק און געזאַנג צוזאַמען.

**אָפּערעטע** (איט.) — טעאַטער=פּיעסע מיט מוזיק און געזאַנג.

**אַ פּראָפּאָ** (פר.) — ביי אַ געלעגענהייט.

**אַפּריל** (לאַט.) — דער פיערטער מאָנאַט פון קריסטליכען יאָהר, האָט 30 טאָג.

**אַפּרעטור** (פראַנצ.) — דאָס פערענדיגען פון אַ שטיק מאַנופאַקטור=סחורה דורך פּרעסען און גלאַנצען.

**אָפּטאַלמאָלאָגיע** (גריכ.) — לעהרע וועגען אויגען=קראַנקהייטען.

**אָפּיציאָז** (לאַט.) — האַלב אָפיציעל. ניט דירעקט פון דער רעגירונג, נאָר מיט איהר ידיעה אָדער איינפלוס.

**אָפיציעל** (לאַט.) — רעגירונגסמעסיג, וואָס געהערט צו דער רעגירונג, וואָס ווערט פון איהר פערעפענטליכט.

**אָפיציער** (פראַנצ.) — מיליטער=בעאַמטער.

**אַפישע** (פראַנצ.) — מודעה וועגען אַ טעאַטער=פאָרשטעלונג, אַ קאָנצערט א. ד. ג.

**אַפעקט** (לאַט.) — מאָמענטאַלע ליידענשאַפט.

**אַפעקטאַציע** (לאַט.) — געמאַכטע, ניט נאַטירליכע בעוועגונג אָדער ליידענשאַפטס=אויסדרוק.

**אַפעריסט** (פראַנצ.) — דער, וואָס בעשעפטיגט זיך מיט אַפערען, אָדער האָט ליעב אַפערען.

**אַפערע** (פראַנצ.) — אַ געשעפט, וועלכעס איז פערבונדען מיט גרויסע ריזיקאַ, זיין אויסגאַנג הענגט אָב פון ריינעם צופאַל, און דער געשעפטס=אונטערנעהמער האָט דערביי נאָר אין זינען זיינע ריין=פערזענליכע אינטערעסען.

**אַצטעקען** — די איינוואָהנער פון מעקסיקאַ און פּערו אין דער צייט, ווען אַמעריקאַ איז ענטדעקט געוואָרען.

**אָצעאַן** (גריכ.) — וועלט=ים, גרויסער ים.

**אַצעטילען** (לאַט.) — גאַז, וועלכער בעשטעהט פון וואַסערשטאָף און קוילען=זויערשטאָף; ער דיענט אַלס בעלייכטונגס=גאַז.

**אַקאַדעמיע** (גריכ.) — 1) אַ גאָרטען ניט וויַיט פון אַטען און

גריכענלאנד, וואו עס פלעגען זיך פערזאמלען פלאטאנ'ס תלמידים צו הערען זייער לעהרער. 2) א העכערע לעהר-אנשטאלט (אוניווערזיטעט, פאליטעכניקום, קונסט-אקאדעמיע א. ז. וו.). 3) א געזעלשאפט (אויך דאס הויז פון דער געזעלשאפט) פון געלעהרטע און קינסטלער, וועלכע האבען דעם ציעל צו ענטוויקלען די וויסענשאפטען אדער די קונסט.

**אקאדעמיק** (גריכ.) — מיטגליעד פון אנ'אקאדעמיע.

**אקאדעמישעס יאהר** (גריכ.) — די צייט פון יאהר, אין וועלכער עס ווערט געלערענט אין די שולען (אין רוסלאנד — פון אויגוסט ביז יוני, אין אויסלאנד — פון סעפטעמבער ביז ענדע יולי).

**אקאזיע** (לאט.) — געלעגענהייט.

**אקאמאדאציע** (לאט.) — די אייגענשאפט פון דעם מענשליכען אויג זיך צוצופאסען צו פערשיעדענע שטרעקען.

**אקאמפאנימענט** (פראנצ.) — בעגלייטונג פון מוזיק דאס זינגען פון איינעם אדער דאס שפילען פון איין אינסטרומענט.

**אקאמפאנירען** (פראנצ.) — בעגלייטען מיט מוזיק.

**א קאנטא** (איט.) — אויפ'ן רעכנונג פון דעם, וועם מען דארף צו צאהלען.

**אקאציע** (גריכ.) — נישט קיין הויכער בוים, אויף וועלכען עס וואקסען ווייסע בלומען מיט איין אנגענעהמען ריח.

**אקארד** (פר.) — די ריכטיגע און הארמאנישע פעראייניגונג פון עטליכע טענער, וועלכע ווערען אויסגעזונגען אדער אויסגעשפיעלט אין דעם זעלבען מאמענט.

**אקוואריום** (לאט.) — א וואסער-האלטער, אין וועלכען מען האלט פיש און אנדערע בעשעפענישען, וועלכע קענען נאר לעבען אין וואסער.

**אקווארעל** (איט.) — וואסער-פארב; געמאלט מיט וואסער-פארבען.

**אקווילאן** (לאט.) — אזוי האט געהייסען ביי די פארצייטיגע רוימער דער צפון-ווינד.

**אקולאר** (לאט.) — אין פערגרעסערערעהרען דאס גלאז, וועלכעס איז געווענדעט צום אויג.

**אקוליסט** (לאט.) — אויגען-דאקטאר.

**אקומולאטאר** (לאט.) — אנ'אפאראט, וועלכער זאמעלט עלעקטרישע ענערגיע.

**אקוסטיק** (גריכ.) — דער טייל פיזיק, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט די לעהרע וועגען דעם קול.

**אקוסטיש** (גריכ.) — דאס, וואס איז אזוי איינגעארדענט, אז מען קאן גוט הערען דאס קול.

**אקופאציע** (לאט.) — דאס פערנעהמען א לאנד פון א שונא.

**אקוראט** (לאט.) — פינקטליך, אזוי ווי מען האט פריהער גערעכענט.

**אַקושער** (פראַנצ.) – אַ דאָקטאָר, וועלכער העלפט אַ געווינערין בײַם האָבען דאָס קינד.

**אַקושערקע** (פראַנצ.) – אַ פרוי, וועלכע העלפט אַ געווינערין בײַם האָבען דאָס קינד.

**אַקט** (לאַט.) – אַ געשעהעניש; 1) אַ טייל פון אַ טעאַטער־פּיעסע, פאַר וועלכער מען הויבט אויף און נאָך איהר לאָזט מען אַראָב די פאָרהאַנג. 2) אַ שריפטליך צײַגניס וועגען דעם, וואָס איז פאָרגעקומען.

**אָקטאַווע** (לאַט.) – 1) אַכטער טאָן אין מוזיק. 2) שיר פון אַכט פערזען.

**אַקטועל** (לאַט.) – פינקטליך, ריכטיג.

**אָקטיאַבער־מאַניפעסט** (לאַט.) – מאַניפעסט, וועלכען דער רוסישער קייזער האָט אַרויסגעגעבען דעם 17 (30) אָקטיאַבער 1905 וועגען פערשידענע פרײַהײַטען און אַ געזעצגעבענדער פערזאַמלונג.

**אָקטיאַבריסטען** — רוסישע פּאָליטישע פּאַרטײַ, וועלכע האַלט, דאָס אין רוסלאַנד דאַרפען פערווירקליכט ווערען נאָר די רעפאָרמען וועלכע זענען צוגעזאָגט אין אָקטיאַבער־מאַניפעסט.

**אַקטיִוו** (לאַט.) – טעטיג.

**אַקטיִוו** (לאַט.) – דאָס קאַפּיטאַל, וועלכעס בעשטעהט פון דעם בּאַרען געלד, סחורות און חובות, וואָס עס קומט דער פירמע, ד. ה. דאָס גאַנצע פערמעגען, וואָס עס געהערט איהר.

**אַקטער** (פראַנצ.) – אַ פּערזאָן, וועלכער פיהרט אויס אַ ראָלע אין אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג.

**אַקטריסע** (פראַנצ.) – אַ פרויענצימער, וועלכע שפּיעלט אַ ראָלע אין אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג.

**אַקלאַמאַציע** (לאַט.) – צושטימונג.

**אַקלימאַטיזאַציע** (גריכ.) – דאָס צוגעוואָהנען פון אַ לעבעדיג בעשעפעניש אָדער אַ פּפלאַנצע צו אַ פרעמדען קלימאַט, צו וועלכען זיי זענען ביז יעצט נישט געוועזען געוואָהנט.

**אַקלימאַטיזירען** (גריכ.) – צוגעוואָהנען צו אַ פרעמדען קלימאַט.

**אַקסיאָמע** (גריכ.) – אַ וואָהרהײַט, וועלכע איז גאַנץ אָפענבאַר און דאַרף נישט בעוויזען צו ווערען.

**אָקסיד** (גריכ.) – פערבינדונג פון זויערשטאָף מיט אַנ׳אַנדער כעמישען עלעמענט.

**אַקסעלבאַנד** (דײַטש) – אַ שנור, וועלכע פערשידענע מיליטער־בעאַמטע טראָגען אויפ׳ן מונדיר.

**אַקסעסואַרען** (פראַנצ.) – זײַטיגע זאַכען; אין דער קונסט – די זײַטיגע שטריכען און שאָטענס, וועלכע דיענען צום פערפּוצען דאָס קונסט־ווערק.

**אַקציאָנער** (פראַנצ.) – בעזיצער פון אַנ׳אַקציע.

**אַקציִז** (לאַט.) – די שטײַערען, וועלכע ווערען אָבגעצאָהלט פון די

סחורות, וועלכע ווערען אויסגעארבייט אין דער מדינה.

**אַקציע** (לאט.) — אַ צייגניס, דאס דער בעזיצער פון דעם איז בעטיילינט אין אַ געשעפט, וועלכעס געהערט צו אַ גאנצער געזעלשאפט מיט אַ בעשטימטען קאפּיטאל און האט דערוּבער דאס רעכט צו זאָגען אַ דעה אויף די פערזאמלונגען פון דער געזעלשאפט און נעהמען יעדעס יאהר פערדינסט, וויפיעל עס מאכט אויס אויף זיין חלק.

**אַקציען-געזעלשאפט** (לאט.) — אַ געזעלשאפט פון מיטגלידער, וועלכע טראָגען אריין אין אַ געשעפט יעדער אַ בעשטימטען אָדער עטליכע בעשטימטע טיילען פון דעם קאַפּיטאל, וועלכעס איז נויטיג צום געשעפט.

**אַקצענט** (לאט.) — 1) דאס ארויסרעדען איין זילבע פון דעם וואָרט מיט אַ העכערען טאָן, ווי די אנדערע. 2) בעזונדערע ארט אויסשפּראכע פון איין מענש, אַ בעזונדערער געגענד אָדער פון אַ גאנץ פאָלק.

**אַקצעפּטאַט** (לאט.) — דער, וואס נעהמט צו אַ וועקסעל צום צאָהלען.

**אַקצעפּטאַציאָנס-טערמין** (לאט.) — דער טערמין, ווען דער וועקסעל דאַרף געצאָהלט ווערען.

**אַקצעפּטירען** (לאט.) — 1) אָננעהמען אַ וועקסעל צום צאָהלען. 2) אָננעהמען אַ זאַך, בעווילינגען עפּעס.

**אַקר** (פראנצ.) — אַ מאָס איינהייט פון פלעכען אין ענגלאנד, קנאַפּע 900 רוסישע קוואדראט-קלאפטער.

**אַקראָבאַט** (גריכ.) — קונצענמאכער.

**אַקראָסטיך** (גריכ.) — אַ שיר, אין וועלכען די ערשטע אותיות אָדער די לעצטע פון די שורות בילדען אַ נאָמען אָדער אַ זאץ.

**אַקרעדיטיוו** (פראנצ.) — 1) אַ פערטרויענס-שריפט, וועלכע רעגירונגען געבען זייערע פערטרעטער אין פרעמדע מדינות. 2) אַ בעפאָלמעכטיגונג, וועלכע געשעפטס-פירמען געבען ארוים זייערע פערטרעטער.

**אַקרעדיטירען** (פראנצ.) — ארויסגעבען אַ פערטרויענס-שריפט אָדער אַ בעפאָלמעכטיגונג.

**אַר** (פראנצ.) — פלעכען-איינהייט אין פראנקרייך און פיעלע אַנדערע לענדער, גלייך 100 קוואדראט-מעטער.

**אַראַבער** — אַ סעמיטיש פאָלק, עהנליך צו יידען; זייער שפּראך איז עהנליך צו העברעאיש.

**אַראָגאַנץ** (פראנצ.) — חוצפּה, עזות.

**אָראַטאָר** (לאט.) — רעדנער פאר אַ פובליקום.

**אַראָמאַט** (גריכ.) — אַנגענעהמער ריח.

**אָראַנג-אוטאַנג** (מאלאיש) — וואלד-מענש, מין אַפּפע (מאלפע) אויף די מזרח-אזיאטישע אינזלען.

**אָראַנזש** (פראנצ.) — פאַרב צווישען רויט און געלב.

**אָרגאַנזשערעע** (פראַנצ.) — נעבויידע צום קונסטליכען בפלעגען פון פלאַנצען, וועלכע וואַקסען נאַטיר־ליך נאָר אין וואַרעמע לענדער.

**אַראַפּניק** — לאַנגער קאַנטשיק פון דינע צוזאַמענגעפלאָכטענע לעדערלעך.

**אַראַק** (אַראַב.) — אַן׳אַלקאָהאָליש געטראַנק.

**אָראַקול** (לאַט.) — נביאות־זאָגער.

**אַרבוז** (פּרס.) — אַ גרויס געוויקס, וועל־כעס וואַקסט גלייך פון דער ערד, הויפּטזעכליך אין דרום־רוסלאַנד.

**אָרביטע** (לאַט.) — 1) דער וועג פון אַ פּלאַנעטע אַרום די זון. 2) דאָס לאָך, אין וועלכען עס זיצט דאָס אויג.

**אָרגאַן** (גריכ.) — כלי, טהייל פון אַ לע־בענדינען קערפּער אָדער אַ פּפלאַנצע, וועלכער האָט אַ בעשטימטע טעטיגקייט (דאָס אויער הערט, דאָס אויג זעהט א. ז. וו.)

**אָרגאַניזאַטאָר** (לאַט.) — פעראיינינער פון בעזונדערע טהיילען צו איין ציעל אָדער אַרבייט.

**אָרגאַניזאַציע** (לאַט.) — פעראיינינונג פון בעזונדערע טהיילען צו איין אַלגעמיינער אַרבייט.

**אָרגאַניזמוס** (לאַט.) — אַלע אָרגאַנען צוזאַמען פון אַ לעבענדיג בעשעפעניש.

**אָרגאַניסט** (לאַט.) — אָרגעל־שפּיעלער.

**אָרגאַניש** (לאַט.) — וואָס איז שייך צו בעשעפענישען, וועלכע האָבען אָרגאַנען, ד. ה. לעבענדיגע און פּפלאַנצען.

**אַרגומענט** (לאַט.) — בעווייז.

**אַרגומענטאַציע** (לאַט.) — דאָס צו־שטעלען בעווייזען.

**אַרגומענטירען** (לאַט.) — ערקלערען, בעווייזען, אויסווייזען.

**אָרגיע** (גריכ.) — צייט־פערברענגונג אין פיעל שכור׳ן מיט ווילדע טענץ און אויסגעלאַסענהייטען צוזאַ־מען.

**אָרגעל** (דייטש) — מוזיקאַלישער אינ־סטרומענט, אויף וועלכען מען שפּיעלט אין קירכען.

**אָרדינאַטאָר** (לאַט.) — דאָקטאָר, וועלכער האָט אויפזיכט אויף עטליכע זאַלען אין שפּיטאָל.

**אָרדינער** (לאַט.) — געוועהנליך, פּשוט.

**אָרדען** (לאַט.) — 1) געזעלשאַפט פון גייסטליכע אָדער ריטער, גע־גרינדעט צו אַ געוויסען ציעל מיט בע־שטימטע סטאַטוטען. 2) עהרען־צייכען פאַר נוצליכע טעטיגקייט לטובת די מדינה, געשאַנקען פון דעם הערשער.

**אָרטאָגראַפיע** (גריכ.) — דער טהייל גראַמאַטיק, וועלכער לערנט, ווי מען דאַרף שרייבען אָהן פעהלער.

**אָרטאָדאָקס** (גריכ.) — מאמין, דער וואָס גלויבט אין די אמונה אָהן שום צווייפעל און ערפילט אַלעס, ווי עס שטעהט.

**אָרטאָפּעדיע** (גריכ.) — די לעהרע וועגען פערקרימונגען פון

גליִעדער פון מענשליִכען קערפּער און דיִ מיִטלען זיִי צו היִילען.

**אַרטיִלעריִסט** (לאַט.) — דער, וועלכער דיִענט איִן אַרטיִלעריִע; דער, וועלכער בעשעפטיִגט זיִך מיִט דער וויִסענשאַפט וועגען שיִסווערקע.

**אַרטיִלעריִע** (לאַט.) — דאָס מיִליִטער, וועלכעס וויִרקט מיִט גרויסע שיִסווערקע — האַרמאַטען א. ד. ג.

**אַרטיִסט** (לאַט.) — קינסטלער, ווער עס בעשעפטיִגט זיִך מיִט דער שענער קונסט (מאַלער, אַקטער, מוזיִקער, סקולפּטאָר א. ד. ג.)

**אַרטיִסטיִן** (לאַט.) — אַ פרויענציִמער, וועלכע בעשעפטיִגט זיִך מיִט דער שענער קונסט.

**אַרטיִסטיִש** (לאַט.) — מייסטערהאַפט, קונסטפאָל.

**אַרטיִקעל** (לאַט.) — געשלעכטוואָרט (דער, דיִ, דאָס, איין, איינע); אויפזאַץ; געגענשטאַנד, זאַך.

**אַרטעזיאַניִשע ברונען** — אַ ברונען, וועלכע ווערט נעגראָבען דורך דורכבויערען דיִ ערד, ביִז מען געפיִנט וואַסער, וועלכעס קומט פון אַנ׳אונטערערדיִשען רעזערוואַר.

**אַרטעל** — פעראייניִנונג פון בעלי־מלאכות אָדער פּשוט׳ע אַרבייטער, וועלכע אַרבייטען שותפות.

**אַרטעריִע** (גריִכ.) — אַ לאַנגער אָדער, וועלכער טראָגט פאַנאַנדער דאָס בלוט פון דעם האַרץ איִן אַלע טיִילען פון דעם קערפּער.

**אָריִגיִנאַל** (לאַט.) — 1) דאָס ערשטע, דאָס וויִרקליִכע; דער מאַנוסקריִפּט, וואָס דער מחבר אַליין האָט געשריִבען, דאָס ביִלד, וואָס דער מאַלער אַליין האָט געמאָלט. 2) אויסטערליִשער, משונה׳דיִגער מענש.

**אָריִגיִנעל** (לאַט.) — 1) דאָס ערשטע, דאָס ריִכטיִגע, דאָס וויִרקליִכע. 2) אייגענטיִמליִך, משונה׳דיִג, אויסטערליִש.

**אַריִטמעטיִק** (גריִכ.) — דער טייל מאַטעמאַטיִק, וועלכער לערנט רעכנען מיִט בעשטיִמטע צאָהלען.

**אַריִסטאָקראַט** (גריִכ.) — אַ צוגעהערינער צו דער העכערער קלאַס פון דער געזעלשאַפט.

**אַריִסטאָקראַטיִע** (גריִכ.) — דיִ העכערע קלאַס פון דער געזעלשאַפט (דיִ רייכערע, געביִלדעטערע און אדעליִגע). 2) דער רעגיִרונגס־סיִסטעם, ביי וועלכען דיִ הערשאַפט ליִעגט איִן דיִ הענד פון דיִ אַריִסטאָקראַטיִע.

**אַריִע** (איִט.) — דער טייל פון אַנ׳אָפּערע, וועלכער ווערט געזונגען דורך איין שטיִמע.

**אָריִענט** (לאַט.) — מזרח, מזרח־לענדער.

**אָריִענטאַל** (לאַט.) — וואָס איִז שייך צום מזרח, צו דיִ מזרח־לענדער.

**אָריִענטאַליִסט** (לאַט.) — קענער פון מז. ה־שפּראַכען.

**אָריִענטיִרען** (לאַט.) — בעגרייפען, בעקלערען.

**אַריער** – די פֿעלקער, וועלכע רעדען מיט די אינדא־אייראָפּעאישע שפּראַכען. (מיט'ן נאָמען אַריער ווערען געוועהנליך בעצייכענט אין געגענזאַץ צו סעמיטען די קריסטען, וועלכע שטאַמען נישט זאָגאַר פֿון קיין יידען.)

**אַריערגאַרד** (פֿראַנצ.) – דער טייל מיליטער, וועלכער געהט נאָך די אַרמעע.

**אַרכאַאיזמוס** (גריכ.) – אַלטע אויסדריקס־ווייזע, וועלכע ווערט שוין יעצט נישט בענוצט.

**אַרכאָנטען** (גריכ.) – די נעווועהלטע פֿאָרשטעהער פֿון דער אויבערהערשאַפֿט און פֿאַרצייטיגען רעפּובּליקאַנישען אַטען.

**אַרכיוו** (גריכ.)– דאָס אָרט אָדער דאָס הויז, וואו עס ווערען געהיט פֿערשיעדענע נויטיגע דאָקומענטען און אַקטען.

**אַרכיטעקט**– (גריכ.) – דער, וועלכער האָט ערלערנט די קונסט פֿון בויען הייזער און בעשעפֿטיגט זיך מיט צוזאַמענשטעלען פּלאַנען אויף געביידעס און אויפֿזיכט אויפֿ'ן בויען.

**אַרכיטעקטאָניק** (גריכ.) – בויקונסט.

**אַרכיטעקטאָניש** (גריכ.) – לויט די געזעצען פֿון דער בויקונסט.

**אַרכיטעקטור** (גריכ.) – די קונסט צו בויען הייזער.

**אַרכימאַנדריט** (גריכ.) – דער הויפּט־אויפֿזעהער פֿון אַ קלויסטער ביי די פּראַוואָסלאַווען.

**אַרכימעדישעס־געזעץ** – דאָס פֿיזיקאַלישע געזעץ, וועלכעס דער גריכישער געלעהרטער אַרכימעדעס האָט ענטדעקט, דאָס יעדער קערפּער, געפֿינענדיג זיך אין אַ פֿליסיגקייט, ווערט אויף אַזוי פֿיעל לייכטער, וויפֿיעל עס וועגט די פֿליסיגקייט, וואָס דער קערפּער פֿערנעהמט זיין אָרט.

**אַרכיעפּיסקאָפּ** (גריכ.) – אַ טיטעל (אין רוסישען) פֿון די הויפּט־גלחים ביי די פּראַוואָסלאַווען.

**אַרכיערעי** (גריכ.) – פּראַוואָסלאַווער הויפּט־גלח.

**אַרכיפּעלאָג** (גריכ.) – אַ גרופּע פֿון אינזלען אויפֿ'ן ים.

**אַרכעאָלאָג** (גריכ.) – אַ געלעהרטער, וואָס בעשעפֿטיגט זיך מיט אַרכעאָלאָגיע.

**אַרכעאָלאָגיע** (גריכ.) – די וויסענשאַפֿט, וועלכע בעשעפֿטיגט זיך מיט די היסטאָרישע און קונסטלערישע געגענשטאַנדען פֿון די אַלטע צייטען.

**אָרלעאַן** – ברוינליך־רויטער טייגפֿאָרמיגער פֿאַרבשטאָף.

**אַרמאַטע** (לאַט.) – אַ גרויס שיסווערק.

**אַרמעע** (פֿראַנצ.) – 1) דאָס גאַנצע מיליטער, וועלכעס געהערט צו אַ מדינה, 2) אין דער צייט פֿון אַ מלחמה – אַ גרויסע מיליטער־אָבטיילונג, וועלכע ווירקט אונטער די לייטונג פֿון איין הויפּט־אָנפֿיהרער.

**אָרנאַמענט** (לאַט.) – פֿערצירונג,

פֿערפּוצונג בײַ סקולפּטור אָדער אַרכִיטעקטור-אַרבײַטען.

**אַרנִיקע** (לאַט.) — זאָלכע געלע בלומען, וועלכע ווערען בענוצט אַלס היײל-מיטעל.

**אַרסענאַל** (איט.) — אַ געבײַדע, וואו עס איז געזאַמעלט פֿערשיעדען געוועהר.

**אָרעאָגראַפֿיע** (גריכ.) — בעשרײַבונג פֿון בערג.

**אָרעאָל** (גריכ.) — 1) שײַנונג אַרום די קעפּ פֿון די הײליגע אויף די בילדער. 2) די העכסטע שטופּע פֿון רוהם.

**אַרעאָל** (לאַט.) — אַ העלער ראָד אַרום די לבנה און אַנדערע פּלאַנעטען.

**אַרעאָמעטער** (גריכ.) — אַן אײַנריכטונג צו מעסטען די דיכטע און דאָס ספּעציפֿישע געוויכט פֿון פֿליסיגקײַטען.

**אַרעאָפּאַג** (גריכ.) — דאָס העכסטע קרימינאַל-געריכט און פֿאַרצײַטיגען אַטען (די הויפּט-שטאָדט פֿון גריכענלאַנד).

**אַרענדאַטאָר** (לאַט.) — די פּערזאָן, וועלכע דינגט עפּעס אין אַרענדע.

**אַרענדאַר** (לאַט.) — אַזוי האָבען געהייסען די יידען, וועלכע פֿלעגען נעהמען בײַ די פּוילישע פּריצים אין אַרענדע די שענק אָדער די פּאַכט פֿון מילך (ז. פּאַכטשאַרוש).

**אַרענדע** (לאַט.) — דאָס פֿאַרדינגען אויף אַ בעשטימטע צײַט אַ גוט, אַ הויז אָדער אַ געשעפֿט מיט דעם תּנאי, דאָס דער, וועלכער דינגט עס, האָט און פֿערלויף פֿון דער צײַט דאָס רעכט צו געניסען פֿון אַלע אײַנקינפֿטע.

**אַרענע** (לאַט.) — אַ פּלאַץ אין מיטען פֿאַרצײַטישע אַמפֿיטעאַטער, אויף וועלכען עס פֿלעגען פֿאָרקומען די אַטלעטישע איבונגען אָדער די מלחמה פֿון די גלאַדיאַטאָרען; און הײַנטיגע צירקען דאָס אָרט, וואו עס קומען פֿאָר די פֿאָרשטעלונגען פֿון די פֿערד און אַנדערע.

**אַרעסט** (לאַט.) — 1) אַ שטראָף, וועלכע בעשטעהט אין צונעהמען בײַם בעשטראָפֿטען זײַן פֿרײַהײַט אויף אַ בעשטימטע צײַט. 2) דער פֿערבאָט צו פֿערקויפֿען אָדער צו געניסען פֿון אַ זאַך, ווײַל דער אייגענטימער פֿון דער זאַך איז שולדיג געלד אָדער ער האָט געטהון אַ פֿערברעכען.

**אַרעסטאַנט** (איט.) — די פּערזאָן, וועלכע איז בעשטראָפֿט געוואָרען צו זײַן אין געפֿענגעניש, אין אַרעסט.

**אַרעסטירען** (לאַט.) — פֿערהאַפֿטען, צונעהמען בײַ עמיצען די פֿרײַהײַט.

**אַרפֿע** (לאַט.) — אַ גרויסער מוזיקאַלישער סטרונען-אינסטרומענט, אויף וועלכען מען שפּיעלט מיט די בלויזע פֿינגער.

**אָרפֿעאום** (גריכ.) — פֿערזאַמלונג פֿון מוזיקאַנטען אָדער זינגער.

**אַרציביסקופּ** — ז. ערצבישאָף.

**אַרקאַדע** (לאַט.) — אַ פֿעראייניגונג פֿון עטליכע אַרקען, וועלכע בילדען אַזוי אַרום אַ מין טויער מיט אַ האַלב-קײַלעכיגען דאַך.

**אַרקטיש** (גריכ.) — וואָס עס געפֿינט זיך בײַם צפֿון-פּאָל.

**אַרקע** (לאַט.) — אַ שטיינערנער דורכ-גאַנג, וועלכער איז פֿון אויבען האַלב-קײַלעכיג.

**אָרקעסטער** (גריכ.) — אַלע מוזיקאַנטען צוזאַמען, וועלכע שפּיעלען אין טעאַטער, אויף אַ באַל אָדער אַ קאָנצערט.

**אַרשין** (טור.) — לענגען-איינהייט אין רוסלאַנד, האַלט 16 ווערש-קעס, אונגעפֿעהר 0.7 מעטער.

**אַרשעניק** (גריכ.) — אַ גיפֿטיגער מעטאַל.

# ב.

**באַא** (לאַט.) — 1) גרויסער שלאַנג, ריעזענ-שלאַנג. 2) פֿוטער-שאַל, וואָס דאַמען טראָגען אויפ'ן האַלז.

**באַבע** (פּויל.) — אַלטע בעטלערין.

**באַגאַזש** (פֿראַנצ.) — פּעק זאַכען, וועל-כע מען נעהמט מיט אויף דער רײַזע.

**באַגאַטעלע** (פֿראַנצ.) — קלייניגקײַט, נישט-וויכטיגע זאַך.

**באַזאַלט** — בלוילוך-שוואַרצער שטיין, בילדעט מײַסטענס דעם בע-שטאַנדטייל פֿון בערג.

**באַזאַר** (פּרס.) — 1) מאַרק מיט בודקעס. 2) ספּעציעלער פּלאַץ מיט אָפּענע געשעפֿטען.

**באַזיס** (גריכ.) — גרונדלאַגע, פֿונדאַ-מענט.

**באַטאַליאָן** (פֿראַנצ.) — אָבטהײלונג פֿון אַ פּאָלק, האָט אונגעפֿעהר טויזענד מאַן מיליטער.

**באַטיסט** — פֿײַנער לײַנוואַנד-שטאָף.

**באַטאַריע** (פֿראַנצ.) — 1) אַרטילעריע-אָבטהײלונג, בעשטימטע צאָהל מענשען מיט אַלעם נויטיגען געוועהר. 2) פֿעראייניגונג פֿון עטליכע גאַלוואַני-שע עלעמענטען.

**באָטאַניק** (גריכ.) — וויסענשאַפֿט וועגען פּפֿלאַנצען.

**באָטאַניקער** (גריכ.) — געלעהרטער, פֿאָרשער פֿון פּפֿלאַנצען.

**באָטאַניש** (גריכ.) — וואָס איז שייך צו באָטאַניק.

**באַי** (ענג.) — יונג, יונגעל.

**באָיאַר** (רוס.) — הויכער בעאַמטער פֿאַר-צײַטענס אין רוסלאַנד.

**באַל** (פֿראַנצ.) — 1) טאַנץ-אָווענד. 2) צייכען וועגען די ידיעות פֿון אַ תלמיד.

**באַלאַדע** (איט.) — ליריש ליעד, אין וועלכען עס ווערט ערצעהלט

אין פאָלקסטימליכען טאָן וועגען אַ געשעהעניש, וועלכעס איז גענומען פון די פאָלקס-לעגענדען אָדער פון פאָלקס-לעבען.

**באַלאָטירען** (פראנצ.) — אָבשטימען מיט קוילעכלעך (ווייסע — פאַר און שווארצע — געגען).

**באַלאָן** (פראנצ.) — 1) קוילעכיגער לופט-דיגער קערפּער, אָנגעפילט מיט לופט. 2) קוילעכיגע כלי פון גלאָז אָדער מעטאַל.

**באַלאַנס** (פראנצ.) — וואָג, גלייכגעוויכט.

**באַלאַנסירען** (פר.) — האַלטען אין גלייכגעוויכט, אויסגלייכען.

**באַלאַסט** (ענג.) — זעק מיט זאמד אָדער אַנדערע שווערע זאַכען, וועלכע מען לייגט אויף אַ שיף אָדער אַ לופט-באַלאָן, כדי צו דערהאַלטען דאָס גלייכגעוויכט. 2) איבערהויפּט אומנוצליכע משא.

**באַלדאַכין** (אראב.) — חופּה.

**באַלזאַם** (אראב.) — געדיכטע מאַסע מיט אַנגענעהמען ריח.

**באַלזאַמירען** (אראב.) — אָנפילען אַ מענשליכען טויטען קערפּער מיט באַלזאַם און אַנדערע זאַכען, כדי ער זאָל נישט פוילען.

**באַלנעאָגראַפיע** (גריכ.) — בעשרייבונג פון באָדערטער.

**באַלנעאָטעכניק** (גריכ.) — די לעהרע ווי אייַנצוּאָרדנען און זיך צו בענוצען מיט בעדער.

**באַלנעאָלאָגיע** (גריכ.) — וויסענשאַפט וועגען היילבעדער.

**באַלעט** (פראנצ.) — טאַנץ מיט פּאַנטאָמימע, סצעניִשער טאַנץ.

**באָלעראָ** (שפּאנ.) — שפּאַניִשער טאַנץ.

**באַלקאָן** (פראנצ.) — גאַנעק.

**באָלשעוויק** (רוס.) — מיטגליעד פון דעם לינקערען, עקסטרעמערען פליגעל פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וועלכער פערוואַרפט יעדען פּאָליטישען קאָמפּראָמיס מיט נישט רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען.

**באַמבוס** (לאט.) — ראָהר-געוויקס אין אָסט-אינדיען, הויך ווי די גרעסטע בוימער.

**באָמבאַרדירען** (גריכ.) — שיסען מיט קוילען אָהן אויפהער.

**באָמבע** (גריכ.) — אייזערנע קויל, גע-פילט מיט פולווער און אַנדערע עקספּלאָדירענדע שטאָפען.

**באַן** (סלאוו.) — הערר, רעגירער ביי די זיד-סלאַווען.

**באַנאַל** (לאט.) — פּראָסט, גראָב.

**באַנאַליטעט** (לאט.) — פּראָסטע, געוועהנליכע, גראָבע זאַך.

**באָנבאָן** (פראנצ.) — נאַשוואַרג, צוקער-וואַרג.

**באָנבאָניערע** (פראנצ.) — שעכטעל מיט באָנבאָן.

**באַנדאַזש** (פראנצ.) — אַרומבינדעכץ צו אַ וואונד (ראַנע); ברוך-גאַרטעל.

**באַנדיט** (פראנצ.) — פערשיקטער, גזלן.

**באַנדע** (פר.) — אַ חברה לייַדיג-גייערס, אַרומשלעפּער'ס אָדער מערדער.

**באַנדעראָל** (פר.) – געדרוקטער בילעט אָדער שמאָלער פּאַס אויף סחורות, פון וועלכע מען מוז אָבצאָהלען אַקציז.

**באָנזשור** (פר.) – גוט מאָרגען.

**באָן טאָן** (פר.) – גוטער טאָן, פיינע מאַניערען.

**באַניאָ** (איט.) – באָד, מרחץ.

**באָנע** (פראַנצ.) – פרוי צום אויפזעהען אויף קינדער.

**באַנק** (איט.) – 1) קרעדיט-אַנשטאַלט צו ענטלייהען געלד און מאַכען אַלערליי געלד-אָפּעראַציעס. 2) מין קאָרטענשפּיעל.

**באַנקיער** (איט.) – באַנק-איינענטימער; סוחר, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט קרעדיט-געשעפטען, מיט דיסקאָנטאָ און אינקאַסאָ פון וועקסלען א. ד. ג.

**באַנקנאָטען** (איט.) – שיינען, וועלכע אַ באַנק גיט אַרויס און ווערען איבעראַל אָנגענומען פאַר געלד.

**באַנקעט** (פר.) – גרויסאַרטיג אָבענדמאָהל-צייט לכבוד איינעם.

**באַנקראָט** (לאַט.) – אונפעהיג צו צאָהלען.

**באַנקראָטירען** (איט.) – ווערען אונפעהיג צו צאָהלען; אויפהערען צו צאָהלען חובות.

**באַס** (איט.) – די נידעריגסטע מענער-שטימע.

**באַסטאַ** (איט.) – גענוג, גוט.

**באָסטאָן** (ענג.) – מין קאָרטענשפּיעל.

**באַסטיליע** (פראַנצ.) – געפענגניס פאַר פּאָליטישע פערברעכער אין פּאַריז, וועלכעס האָט עקזיסטירט ביז דאָס יאָהר 1789.

**באַסען** (פראַנצ.) – בעקען, וואַנע, וואַסערהאַלטער.

**באָערען** – קאָלאָניסטען אין דרום-אַפריקע, וועלכע קומען אַרויס פון האָלאַנד.

**באָפעל** (פון סור. בָבֶל) – פערלעגענע סחורה.

**באַקטעריען** (לאַט.) – קליינע אָרגאַניזמען, וועלכע זענען די אורזאַכע פון פערשידענע קראַנקהייטען.

**באַקטעריאָלאָגיע** (גר.-לאַט.) – די וויסענשאַפט וועגען באַקטעריען.

**באַקכאַנאַליען** (לאַט.) – טענץ צוזאַמען מיט שכור'ן (לכבוד דעם גאָט פון וויין באַקכוס).

**באַקכוס** (לאַט.) – גאָט פון וויין ביי די פאַרצייטיגע רוימער.

**באָקסירען** (ענג.) – שלאָגען זיך מיט פויסטען אין ענגלאַנד.

**באָקסער** (ענג.) – פויסטען-שלעגער.

**באַקשיש** (פרס.) – מתנה, בויערגעלד.

**באַראָמעטער** (גריכ.) – אינסטרומענט צו מעסטען דעם דרוק פון דער לופט און צו דערקענען, וואָס פאַר אַ וועטער עס וועט זיין.

**באַראָן** (דייטש) – עהרענטיטעל, וועלכער געהט איבער בירושה.

**באַראָנעט** (ענג.) — מיטעל אין ענגלאַנד מיט איין שטופע נידעריגער פון „באַראָן".

**באַראָנעסע** (דייטש) — פרוי פון אַ באַראָן.

**באַראַנקע** (רוס.) — פיינגעקרויזטע שעפּסענפעלכעל.

**באַראַק** (פראַנצ.) — אָרים פעלדהייזעל.

**באָראַקס** (אַראַב.) — באָרזויערע סאָדע, מין קריסטאַלפאָרמיגע זאַלץ.

**באַרבאַר** (גריכ.) — אומגעבילדעטער, ווילדער מענש.

**באַרבאַריזמוס** (גריכ.) — אויסדריקספאָרם, וועלכע שטאַמט פון אַ פרעמדער שפראַך.

**באַרבאַריש** (גריכ.) — ווילד, אַכזריות'דיג, אונמענשליך.

**באָרד** — דעק פון שיף (ווערט בענוצט אַלס סוהרישער טערמין, למשל „פראַנקאָ באָרד" בעדייטעט: מיט צושטעלען אויפ'ן דעק פון שיף).

**באָרדעל** — הויז פון זונות.

**באָרדעראָ** (פראַנצ.) — 1) פערקירצטע קאָפּיע פון אַ פּלאַן אָדער אַ רעכנונג. 2) צעטעל פון פערשידענע מטבעות.

**באַריטאָן** (איט.) — מיטעלשטימע צווישען טענאָר און באַס.

**באַרילע, באַרילקע** (פר.) — פעסעל.

**באַריערע** (פר.) — צוים אַרום עפּעס.

**באַריקאַדע** (פר.) — פערמאַכטער צוגאַנג, וועלכער ווערט פערלעגט מיט וואָס עס טרעפט זיך, כדי דער נעגנער זאָל נישט קאָנען צוקומען.

**באַרכענט** — סאָרט בוימוואָהל־שטאָף.

**באַרקע** (פר.) — שיף צו פיהרען משא.

**באַשי, בשי** (טור.) — ערשטער, עלטסטער.

**באַשי־באַזשוקען** (טאַר.) — נעדונגענע זעלנער אין טערקיי.

**בודאַ** (סאַנסקר.) — חכם: דער גרינדער פון דער אינדישער רעליגיע — בודיזמוס.

**בודואַר** (פר.) — דאַמען־קאַבינעט אָדער טואַלעט־צימער.

**בודזשעט** (פר.) — פּלאַן פון איינקונפטען און אויסגאַבען אויף אַ בעשטימטע צייט.

**בודיזמוס** — רעליגיע אין אינדיען, וועלכע שטעהט זעהר נאָהנט צום גלויבען אין איין גאָט.

**בויקאָט** (ענג.) — אָבגערעדטער אויסשלוס פון דעם געזעלשאַפטליכען פערקעהר.

**בויקאָטירען** (ענג.) — אויסשליסען פון דעם געזעלשאַפטליכען פערקעהר, לויט ווי עס ווערט אָבגערעדט צווישען אַלע אָדער אַ מעהרהייט פון דער געזעלשאַפט.

**בוכהאַלטער** (דייטש) — רעכענמייסטער אין האַנדעלס־געשעפטען.

**בוכהאַלטעריע** (דייטש) — וויסענשאַפט וועגען פיהרען האַנדעלס־ביכער, בעשעפטיגונג מיט פיהרען די האַנדעלס־ביכער.

**בולדאָג** (ענג.) – בייזער הונד.

**בולוואַר** (פר.) – ברייטע, פיין געפּלאַסטערטע גאַס, מייסטענס מיט אַלעען פון ביידע זייטען.

**בוליאָן** (פר.) – זופּ פון רינד־פלייש.

**בולע** (לאַט.) – בעפעהל, ערקלערונג פון פּאַפּסט.

**בונד** (דייטש) – פעראייניגונג: יודישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין רוסלאַנד.

**בונדיסט** – מיטגליעד פון „בונד".

**בונט** (דייטש) – אויפשטאַנד קעגען די רעגירונג.

**בופאָן** (איט.) – קאָמישער זינגער.

**בופאָנאַדע** (איט.) – קאָמישע אָפּערעטע.

**בופעט** (פר.) – 1) טיש מיט שפּייזען און געטראַנק. 2) צימער צום עסען און טרינקען אויף באַהן־סטאַציעס אָדער פערזאַמלונגס־ערטער.

**בופער** (ענג.) – איינריכטונג ביי וואַגאָנען פון דער אייזענבאַהן, וועלכע דיענט צום אָבשוואַכען דעם אומפּעט ביי אַ צוזאַמענשטויס פון צוויי צוגען.

**בוצעפאַל, בוקעפאַל** (גריכ.) – אָקסענקאָפּ: 1) דאָס פערד פון אַלכּסנדר מוקדון, וועלכעס האָט קיין אַנדערען נישט געלאָזט אויף זיך רייטען. 2) טייער פערד.

**בוקאָליק** (גריכ.) – ליעד וועגען דעם לעבען פון פּאַסטוכער.

**בוקאָליש** (גריכ.) – ווי עס פּאַסט פאַר פּאַסטוכער, וואָס איז שייך צום לעבען פון פּאַסטוכער.

**בוקסירען** (ענג.) – שלעפּען אַ שיף מיט די הילף פון אַן אַנדער שיף.

**בוקעט** (פראַנצ.) – געשמאַקפאָל צוזאַמענגעבונדען בינטעל בלומען.

**בורגמיסטר** (פון דייטשען „בורגערמייסטער") – שטאָדט־פערוואַלטער.

**בורזשואַ** (פראַנצ.) – בירגער, זעלבסטשטענדיגער סוחר אָדער בעל־מלאכה.

**בורזשואַזיע** (פראַנצ.) – מיטעלער קלאַס: אַלע זעלבסטשטענדיגע סוחרים און בעלי־מלאכה צוזאַמען.

**בורנוס** (אַראַב.) – לאַנגער, ווייסער אַראַבישער מאַנטעל.

**בורסע** (לאַט.) – גייסטליכער לעהראַנשטאַלט מיט פּענסיאָנאַט אויף קהל'שע רעכנונג.

**בורקע** (טאַט.) – גראָבער, לאַנגער מאַנטעל.

**ביאָגראַף** (גריכ.) – פערפאַסער פון אַ ביאָגראַפיע.

**ביאָגראַפיע** (גריכ.) – לעבענס־בעשרייבונג.

**ביאָלאָגיע** (גריכ.) – די לעהרע וועגען דעם לעבען.

**ביבולע** — זעהר דינעס פּאַפּיער, פּליספּאַפּיער.

**ביבליאָגראַף** (גריכ.) – בעשרייבער אָדער קענער פון ביכער.

**ביבליאָגראַפיע** (גריכ.) – בעשרייבונג

פון ביכער (ווען און וואו זיי זענען גע־דרוקט געוואָרען א. ז. וו.)

**ביבליאָטעק** (גריכ.) — 1) זאמלונג פון ביכער. 2) זאַל צו לעזען ביכער.

**ביבליאָטעקאַר** (גריכ.) — אויפזעהער, פערוואַלטער פון אַ ביבליאָ־טעק.

**ביבליאָמאַניע** (גריכ.) — שטרעבונג צו זאמלען פערשידענע ביכער.

**ביבליאָפיל** (גריכ.) — ביכער־ליעב־האָבער.

**ביבעל** (גריכ.) — תנ"ך (ביי קריסטען אויך די „ברית הדשה").

**ביגאַמיע** (גריכ.) — וואָהנען מיט צוויי ווייבער.

**ביוואַק** (פראַנצ.) — פעלד־לאַגער אונטערן פרייען הימעל.

**ביולעטען** (פראַנצ.) — קורצער טאָג־בעריכט.

**ביוסט** (פראַנצ.) — 1) אויבערשטער טייל פון קערפער. 2) בילד פון אויבערשטען טייל קערפער אָהן די הענד.

**ביוראָ** (פראַנצ.) — 1) שרייב־טיש. 2) גע־שעפטס־צימער. פערוואַל־טונגס־אָרט.

**ביוראָקראַט** (פר.-גר.) — 1) אַלע בעאַמטע צוזאַמען. 2) הער־שאַפט פון בעאַמטע; פאָליטישעס סיס־טעם, ביי וועלכען די העכערע בעאַמ־טע זענען אויך די געזעצגעבער און זענען נישט פעראַנטוואָרטליך פאַר די פאָלקס־פערטרעטער.

**ביוראָקראַטיש** (פר.-גר.) — אויפן אופן ווי ביי ביוראָקראַטען, וואו יעדעס פאַפיער געהט דורך צעהנ־דליגע הענד און ווערט איינגעשריבען אין פופצעהן ביכער.

**ביזשוטעריע** (פראַנצ.) — תכשיטים, צירונג.

**ביי** ז. בעג.

**בייראַם** (טורק.) — נאָמען פון צוויי מחמד'נישע יום־טובים.

**ביל** (ענג.) — פאָרלאַגע פון אַ געזעץ אין ענגלאַנד.

**בילאַרד** (פראַנצ.) — טיש מיט זעקס לעכער, אויף וועלכען מען שפּיעלט מיט קוילען.

**בילאַנץ** (איט.) — שלוס־רעכנונג פון די איינגאַהמען און אויסגאַבען און פערלויף פון אַ מאָנאַט אָדער אַ יאָהר.

**בילאַנצירען** (איט.) — מאַכען אַ בילאַנץ.

**ביליאָן** (פראַנצ.) — טויזענד מיליאָנען.

**בילעט** (פראַנצ.) — קאַרטע, צעטעל.

**בימבאַשי** (טור.) — טורקישער פּול־קאָווניק.

**בינאָקל** (לאַט.) — דאָפּעל־פערגרעסער־גלאָז, לאָרנעטע מיט צוויי גלעזער.

**בים** (לאַט.) — צוויי מאָל.

**ביסקוויט** (פראַנצ.) — דאַרע קיכעלעך.

**ביפשטעק** (ענג.) — צוקלאַפּט און שנעל געבראָטען שטיק רינדער־פלייש.

**בלאָנדין** (פראַנצ.) — מענש מיט בלאָנ־דע (העלע) האָר.

**בלאַנקאָ** (איט.) — ווייס, אונאויסגעפילט,

אומבּעשריבּענער בּוינגען פּאַפּיער מיט אַ בּלויזער אונטערשריפֿט.

**בּלאָק** (פֿראַנצ.) – 1) קײַלעכיגער קלאָץ אויף אַנ׳אַקס, אַרום וועלכער ער קען זיך דרעהען. 2) פֿערבּינדונג צו אַ געוויסען צוועק פֿון עטליכע פּאַרטײַען.

**בּלאָקאַדע** (פֿראַנצ.) – דאָס בּעלאַגערן, אַרומרינגלען דעם שונא׳ס פֿעסטונג פֿון אַלע זײַטען.

**בּלאָקהויז** (פֿר.–דײַטש) – צײַטווײַליגע בּעפֿעסטיגונג, געבּויט פֿון האָלץ.

**בּלאָקירען** (פֿראַנצ.) – בּעלאַגערן, אַרומרינגלען.

**בּלוזע** (פֿראַנצ.) – אַרבּײַטס=העמדעל, דאַמען=ראָק.

**בּעבּי** (ענג.) – זויגענדיג קינד.

**בּעג** (טור.) – העֶרר, נאַטשאַלניק.

**בּעג=לערבּערג** (טור.) – גובּערנאַטאָר, הערשער פֿון אַ גאַנצער פּראָווינץ.

**בּעדואינען** (אַראַבּ.) – וואַנדערענדע און רויבּערישע אַראַבּער.

**בּעטאָן** (פֿראַנצ.) – מאַסע פֿון קאַלך, זאַמד און קליינע שטיינדלעך, ווערט בּענוצט צו טראָטואַר=פּליטעס.

**בּעלוועדער** (איט.) – שיינע אויסזיכט; שיינעם הויז געבּויט אויף אַנ׳אָרט מיט פּראַכטפֿאָלער אויסזיכט.

**בּעלעטריסט** (פֿראַנצ.) – שרײַבּער פֿון דער שיינער ליטעראַטור.

**בּעלעטריסטיק** (פֿראַנצ.) – שיינע ליטעראַטור (ראָמאַנען, ערצעהלונגען, פּעריעטאָנען א. ד. ג.)

**בּענגאַליש פֿײַער** – פֿײַערווערק פֿון דעם געמיש פֿון סעליטרע, שוועבּעל און אַנדערע מאַטעריאַלען.

**בּענזאָעם** – שמעקענדיגע סמאָלע פֿון בּענזאָעם=בּוים, וועלכער וואַקסט אין דרום=מזרח פֿון אַזיען.

**בּענזין, בּענזאָל** – פֿליסיגעס, לײַכטעס בּרען=מאַטעריאַל.

**בּענעדיקטינער** – קאַטוילישע מאָנאַכען (נזירים) פֿונ׳ם אָרדען פֿון דעם הייליגען בּענעדיקט.

**בּענעפֿיס** (פֿראַנצ.) – טעאַטער=פֿאָרשטעלונג לטובת איינעם פֿון די אַרטיסטען.

**בּעסטיע** (לאַט.) – ווילדע חיה.

**בּערגאַמאָט** (איט.) – זעהר פֿיינע בּאַרנע אָדער פּאָמעראַנץ.

**בּערג=אַקאַדעמיע** (דײַטש–גריכ.) — האָכשולע פֿאַר די בּערג=וויסענשאַפֿטען.

**בּערזע** (פֿראַנצ.) – פֿערזאַמלונגס=אָרט פֿון סוחרים אָדער פֿון אַרבּײַטער.

**בּערלאָקען** – קליינע תכשיטים, וועלכע מען הענגט זיך אָן בּײַם קייטעל פֿון אַ זייגערעל.

**בּערלינקע** ז. בּאַרקע.

**בּראַוואָ** (איט.) – גוט, אויסגעצייכענט.

**בּראַווּיסימאָ** (איט.) – זעהר וואויל, גראָסאַרטיג.

**בּראַזיליענהאָלץ** – געל אָדער רויט האָלץ צום פֿאַרבּען.

**בראָם** (גריִכ.) — כעמישער עלעמענט פֿון בראָנלויכע פֿאַרב און אונאנגענעהמען ריח און טעם, ווערט בענוצט אין פֿאָטאָגראַפֿיע און מעדיצין, (בראָם-פֿערבינדונגען ווערען בענוצט אַלס בערוהיגענדעס מיטעל ביי נערווען-קראַנקהייטען).

**בראַמאַ** (סאַנסקר.) — איינער פֿון די געטער, און וועלכע עס גלויבען דער גרעסטער טייל אינדיאַנער.

**בראַמאַניזמוס** (סאַנסקר.) — דער גלויבען אין בראַמאַ.

**בראַמינען** (סאַנסקר.) — די פּריסטער (גלחים) פֿון בראַמאַ.

**בראַנדער** — שיפֿעל געפֿילט מיט צינד-שטאָף, כדי אונטערצוצינדען דעם שונא׳ס שיפֿען.

**בראָנזירען** (איט.) — אָבפֿאַרבען אויף אַ קאָליר ווי בראָנזע.

**בראָנזע** (איט.) — מעטאַל-פֿערבינדונג פֿון קופּער, צין און צינק.

**בראַנזשע** (פֿראַנצ.) — צווייג, פֿאַך.

**בראַנכיט, בראָנכיטיס** (גריִכ.) — ענטצינדונג פֿון די לופֿטרעהרען.

**בראָנכיען** (גריִכ.) — לופֿטרעהרען און מענשלויכען אָרגאַניזמוס.

**בראַסלעט** (פֿראַנצ.) — ציהרונג, וועלכעס מען טראָגט אַרום דער האַנד.

**בראָקאַט** (פֿראַנצ.) — זיידענשטאָף בעפּוצט מיט בלומען פֿון גאָלד און זילבער.

**בראָקאַטעל** (פֿר.) — 1) קאָלירטער בוימוואָל-אָדער זיידענשטאָף צו ווייך מעבעל. 2) קאָלירטער איטאַליענישער מאַרמאָר.

**בראָשורע** (פֿר.) — העפֿט, ביכעל, נעהבונדען אין פּאַפּיער, בכלל אַ דין ביכעל.

**בראָשירען** (פֿר.) — צונויפֿלייגען אין העפֿטען, אין ביכער נאָר וואָס אָבגעדרוקטע בויגען.

**בראָשע** (פֿר.) — גרעסערע, פֿיין אויסגעאַרבייטע שפּילקע.

**ברוטאָ** (איט.) — 1) וואָג פֿון סחורה מיט דער פֿערפּאַקונג. 2) איינקונפֿט אָהן אַראָברעכענען די הוצאות.

**ברוטאָ-פֿערמעגען** — פֿערמעגען אָהן אַראָברעכענען די חובות.

**ברוטאַל** (לאַט.) — גראָב, רויה.

**ברוליאָן** (פֿר.) — העפֿט צום פֿערשרייבען זאַכען, וועלכע מען וויל דערנאָך איבערשרייבען אויף ריין.

**ברומער** (פֿר.) — נעפּעלהאַפֿטער חודש לויט דעם רעוואָלוציאָנערען קאַלענדאַר פֿון דער ערשטער פֿראַנצויזישער רעפּובליק, האָט געדויערט פֿון 23 אָקטאָבער ביז 21 נאָוועמבער.

**ברונעט** (פֿר.) — ווער עס האָט שוואַרצע האָר.

**בריג** (ענג.) — קליינע שיף צו פֿיהרען משא.

**בריגאַדיער** (פֿראַנצ.) — אָנפֿיהרער פֿון אַ בריגאַדע.

**בריגאַדע** (פֿר.) — מיליטער-אָבטהיילונג אונטער די אָנפֿיהרונג פֿון אַ באַזונדערען קאָמאַנדיר.

**ברינגאַנד** (פר.) – איטאַליענישע רויבער אויף די וועגען.

**בריז** (פר.) – נישט-שטאַרקער ווינד, וואָס זיין אורזאַכע איז די בעוועגונג פון דער ערד אַרום די זון.

**בריטאַניאַמעטאַל** — זילבערעהנליכעס געמיש פון מעש, צין, אַנטימאָן און ביסמוט.

**בריליאַנט** (פר.) – געשליפענער אַלמאַז, טייערער שטיין.

**ברעלאָק** — ז. בערלאָקען.

## ג׳

**גאַביאָן** (פראַנצ.) – קאָרב געפּילט מיט ערד, צום שיצען פון שונא׳ס קוילען די אַרבייטער פון בעפעסטיגונגען.

**גאַבעלע** (פראַנצ.) – שטייער פון זאַלץ.

**גאָבעלען** (פראַנצ.) – טייערער דיוואַן פעראַרבייט מיט פּראַכטפאָלע בילדער.

**גאַגאַט** (גריכ.) – פּעכקויל, זעהר שווארצער שטיינקויל.

**גאודעאַמוס** (לאַט.) – „לאָמיר זיך פריהען" — אַ בעקאַנט סטודענטיש ליעדעל.

**גאוואָט** (פראַנצ.) – אַ פראַנצויזישער טאַנץ.

**גאַז** (פראַנצ.) – 1) לופט-פאָרמיגער קערפּער. 2) לופטפאָרמיגער בעלייכטונגס-מאַטעריאַל.

**גאַזע** (פראַנצ.) – דינער, דורכזיכטיגער שטאָף.

**גאַזעלע** (אַראַב.) – סאָרט הירשען, בערג-הירשען.

**גאַזעטע** (איט.) — צייטונג.

**גאַזשע** (פראַנצ.) — געהאַלט, בעלוינונג.

**גאָטיש** — וואָס עס שטאַמט פון די גאָטען, פון די אַלט-דייטשען.

**גאָטען** — אַלט-גערמאַניש פאָלק.

**גאָלאָווא** (רוס.) – געוועהלטער פערוואַלטער פון די שטאָדט-אַנגעלעגענהייטען און רוסישע שטעדט.

**גאַלאָמאַן** (פראַנצ.) – ליעבהאָבער פון אַלעם, וואָס איז פראַנצויזיש.

**גאַלאָמאַניע** (פראַנצ.) – ליעבשאַפט צו אַלעם, וואָס איז פראַנצויזיש.

**גאַלאָן** (פראַנצ.) – זיידענער באַנד, זיידענער שנור.

**גאַלאַנט** (פראַנצ.) — אַרטיג, פיין, גוט ערצויגען.

**גאַלאַנטעריע-סחורה** (פר.-העבר.) — פערפוצונגס-סחורה: מאָדע-אַרטיקעל און אַלערליי קליינינקייטען.

**גאַלאָפּ** (פראַנצ.) — געשווינדעם לויפען פון אַ פערד.

**גאַלאָפּאַדע** (פראַנצ.) — געשווינדער טאַנץ.

**גאַלאָפּירען** (פראַנצ.) — אונגעהויער שנעל רייטען אָדער טאַנצען.

**גאַלאַקטאָמעטער** (גריכ.) – אַפּאַראַ־טעל צום בעשטימען די קוואַ־ליטעט פֿון מילך.

**גאַלאָשען** – ז. קאַלאָשען.

**גאַלבאַן, גאַלבאַנום** (לאַט.) – אין העבר. „חֶלְבְּנָה" – פֿײַן שמע־קענדיגע סמאָלע.

**גאַלגאָטאַ** (פֿון העבר. גֻּלְגֹּלֶת) – בערגעל נעבען ירושלים, וואו קריסטוס איז געקרײַצט געוואָרען.

**גאַלוואַנאָגראַפֿיע** (גריכ.) – אויסאַר־בײַטען קלישעס פֿון בילדער און צײַכנונגען מיט דער הילף פֿון גאַל־וואַניזמוס.

**גאַלוואַנאָפּלאַסטיק** (גריכ.) – די קונסט צו בעדעקען זאַכען מיט מעטאַל־שיכטען פֿון פֿערשידענער פֿאָרם מיט דער הילף פֿון גאַלוואַניזמוס.

**גאַלוואַניזירען** — עלעקטריזירען דורך גאַלוואַניזמוס.

**גאַלוואַניזמוס** — עלעקטריציטעט, וועלכע ווערט ערעגט דורך בערירונג פֿון צוויי פֿערשידענאַרטיגע מעטאַלען.

**גאַליזירען** (פֿראַנצ.) – צומישען צוקער און אַנדערע סובסטאַנצען צו נעמיינערע סאָרטען ווײַן.

**גאַלימאַטיע** (פֿראַנצ.) – פּלוידעריַי; רעדע, און וועלכער איינס צום צווייטען קלעפּט זיך נישט.

**גאַליפּאָט** (פֿראַנצ.) – העלע סמאָלע פֿון סאָסנע־בוימער.

**גאַליציזמוס** (לאַט.) – פֿראַנצויזישע אויסדרוקס־פֿאָרם אין אַן אַנדער שפּראַך.

**גאַליצינשטיין** — שוועבעל צינקאָ־קסיד – ווײַסע, קליינע קריס־טאַלען, ווערען בענוצט קעגען אויגען־ענטצינדונגען.

**גאַלמיי** (גריכ.) – קאָהלענזויערעס צינק.

**גאַלעאַסע** (איט.) – גרויסע פֿערציַיטי־גע שיפֿען אין די לענדער בײַם מיטעל־לענדישען ים.

**גאַלעריע** (פֿראַנצ.) – 1) לאַנגער קאָ־רידאָר. 2) אויבערשטע ריַהע פֿון ערטער אין אַ טעאַטער אָדער אַנ'אַנ־דער זאַל פֿאַר פֿאָרשטעלונגען. 3) זאַמ־לונג פֿון בילדער, סטאַטוען א. ד. ג.

**גאַלערע** (לאַט.) – גרויסעס פֿערצייטי־געס שיף בײַ די גריכען און רוימער, וועלכע פֿלעגט ווערען געפֿיהרט דורך קנעכט.

**גאַלערען** (פֿראַנצ.) – קאַטאָרזשנע אַר־בייט, צו וועלכער עס ווערען פֿער'משפּט גרויסע פֿערברעכער אין פֿראַנקרײַך.

**גאָלף** (איט.) – טייל פֿון ים, וועלכער איז אײַנגעשניטען אין דער יבשה.

**גאַמביט** (איט.) – אַ גאַנג בײַם שאָכ־שפּיעל.

**גאַמע** (גריכ.) – 1) דאָס דריטע אות פֿון גריכישען אלף־בית. 2) די זיבען הויפּטנאָטען אין דער מוזיק 3) ערשטע איבונגען בײַם שפּיעלען אויף קלאַוויער.

**גאָנאָרע** (גריכ.) – ז. טריפּער.

**גאַנגליאָן** (גריכ.) — נערווען=קניפּ, נערווען=פֿערבינדונג.

**גאַנגליענסיסטעם** (גריכ.) — סיסטעם פֿון נערווען=פֿערבינדונגען.

**גאַנגרענע** (גריכ.) — בראַנד, אָבדאַרונג פֿון אַ גליעד און אָרגאַניזמוס.

**גאָנדעל** (איט.) — פֿלאַכעס שיף מיט אַ קאַיוטע און דער מיט.

**גאָנדעליער** (איט.) — פֿיהרער פֿון אַ גאָנדעל.

**גאָניאָמעטער** (גריכ.) — ווינקעל=מעסטער.

**גאָניאָמעטריע** (גריכ.) — לעהרע וועגען מעסטען ווינקלען.

**גאַסטראַלגיע** (גריכ.) — מאָגענקראַמפּף.

**גאַסטראָליט** (גריכ.) — מאָגענשטיין.

**גאַסטראָלע** (דייטש-פֿר.) — פֿאָרשטעלונג פֿון אַנ׳ארטיסט אין אַ טעאַטער, וואו ער שפּיעלט נישט שטענדיג.

**גאַסטראָנאָם** (גריכ.) — מבין אויף גוטע מאכלים.

**גאַסטראָנאָמיע** (גריכ.) — מבינות אויף גוטע מאכלים. 2) קונסט צו קאָכען גוט.

**גאַסטריש** (גריכ.) — וואָס איז שייך צום מאָגען.

**גאָספּאָדאַר** (מאָלדאַוו.) — סערבישער אָדער מאָלדאַוואַנישער פֿירשט.

**גאָספּאָדאַרזש** (פּויל.) — קליינער גוטס=בעזיצער אין פּוילען, ווירט.

**גאָספּאָדאַרסטוואָ** (פּויל.) — קליין גוט, ווירטשאַפֿט.

**גאַסקאָנאַדע** (פֿר.) — שמועס, מעשה, וואָס אַלעם דאַרין איז ליגען (נאָך דעם נאָמען פֿון די איינוואָהנער פֿון גאַסקאָן, אַ פּראָווינץ אין פֿראַנקרייך, וועלכע האָבען ליעב אַלעם צו פֿערגרעסערן, מגוזם צו זיין).

**גאַפֿ** (פּויל.) — פֿער׳הויש׳טער מענש.

**גאַפּיען** (פּויל.) — קוקען פֿער׳חוש׳ט.

**גאַראַנטיע** (פֿראַנצ.) — גוט זאָגען, פֿערזיכערונג.

**גאַראַנטירען** (פֿראַנצ.) — גוט זאָגען, ערב זיין, פֿערזיכערען.

**גאַרב, גאָרב** (רוס. א. פּויל.) — הויקער, פּוקעל.

**גאָרגאָנען** (גריכ.) — אין דער מיטאָלאָגיע — דריי שרעקליכע בעשעפֿעניסען, וואָס פֿון זייער קוק אויף אַ זאַך פֿלעגט די זאַך פֿערשטיינערט ווערען.

**גאַרדינע** (פֿראַנצ.) — פֿאָרהאַנג.

**גאָרדישער קניפּ** — 1) קניפּ, מיט וועלכען דער פֿריגישער קעניג גאָרדיוס האָט צוגעבונדען אַנ׳אָקסען=יאָך צום דישעל פֿון יופּיטערס קאַרעטע און קיינער האָט עס נישט געקענט אויפֿבינדען, ביז אַלעקסאַנדער מוקדון האָט עס געטהון, 2) שווערע אונלעזבאַרע אויפֿגאַבע, פֿערפּלאָנטערטע פֿראַגע.

**גאַרדעראָב** (פֿראַנצ.) — קליידער=צימער; קליידער=שאַנק.

**גאָרילע** (לאַט.) — מין אַפֿע (מאַלפּע) אין מערב=אַפֿריקע.

**גאַרמאָנד** (פֿר.) — סאָרט דרוקשריפֿט.

**גאַרניזאָן** (פראַנצ.) — דאָס מיליטער, וועלכעס שטעהט אין אַ שטאָדט אָדער אַ פעסטונג.

**גאַרניטור** (פראַנצ.) — אַלע צוגעהעריגקייטען: 1) אַנצוג (גאַרניטור קליידער). 2) טיש, שטוהלען מיט אַ סאָפע (גאַרניטור מעבעל). 3) פּרובטען און געווירץ צו אַ מאכל.

**גאַרניעץ** (רוס. א. פויל.) — טאָפּ, אַ מאָס פון 4 קוואַרט אָדער 4 1/7 ליטער (פויל. גאַרנ.), אָדער 1/8 טשעטווערק (רוס. גאַר.)

**גאַרסאָן** (פראַנצ.) — יונגעל, משרת אין אַ גאַסטהויז אָדער קאַפעעהויז, קעלנער.

**גואַנאָ** — מיסט פון ים-פויגעל, וועלכעס איז זעהר גוט צו מיסטיגען די פעלדער.

**גואַש** (פראַנצ.) — מאַלעריי מיט וואַסער-פאַרב.

**גובערנאַטאָר** (לאַט.) — פערוואַלטער פון אַ גובערניע.

**גובערניע** (לאַט.) — יעדער פון די טהיילען, אין וועלכע רוסלאַנד איז איינגעטהיילט צו אַדמיניסטראַטיווע צוועקען.

**גובערנאַנטין, גובערנאַנטקע** (פראַנצ.) — ערציהערין, לעהרערין פון קליינע קינדער.

**גובערנער** (פראַנצ.) — 1) ערציהער. 2) פערוואַלטער.

**גוואַיאַק-האָלץ** — פראַנצויזיש האָלץ, מין פאַרב-האָלץ.

**גוואַרדיע** (איט.) — מיליטער, וועלכעס איז בעשטימט צו היטען די הערשענדע פּערזאָנען.

**גוטאַפּערטשאַ** (לאַט.) — פערטריקענטער זאַפט פון אַ בוים, וועלכער הייסט „איזאָנאַנדראַ גוטאַ".

**גולאַרדישעס וואַסער** — געמיש פון בלייעסיג, שפּיריטוס און וואַסער, וועלכעס דיענט אַלס מיטעל צו קיהלען וואונדען אויפ'ן לייב.

**גומי** (לאַט.) — קלעביגער שטאָף, וועלכער רינט אַראָב פון טייל פלאַנצען.

**גומי אַראַביקום** (לאַט.) — אַראַבישע גומי: גומי פון איינינע סאָרטען אַקאַציעס אין אַפריקע.

**גומיגוט** (לאַט.) — געלע גומי פון סאָרטען בוימער אין סיאַם און אויפ'ן אינזעל צייללאָן.

**גומילאַק** (לאַט.) — רויטע סמאָלע פון אָסט-אינדישע בוימער, ווערט בענוצט צו לאַק און לאַקירען.

**גומי עלאַסטיק** (לאַט.) — איינגעפּאַקטע גומע, ווייכער קויטשוק.

**גומירען** — בעשמירען פּאַפּיער מיט צולאָזטער גומי.

**גוסטו** (לאַט.) — געשמאַק, טעם.

**גוסטירען** (לאַט.) — געפינען אַ געשמאַק, אַ טעם, אַ חן.

**גוסלע** (סלאַוו.) — מוזיקאַלישׁ אינסטרומענט, עהנליך צו אַ האַרפע.

**גוראַל** (פויליש) — בערגבעוואָהנער, הויפּטזעכליך די בעוואָהנער פון די פּוילישע קאַרפּאַטען.

**גוריען** — ז. הוריען.

**גיבעלינען** — פּאָליטישע פּאַרטיי אין רוימישען קייזעררייך פון מיטעלאַלטער, וועלכע האָבען געהאַלטען פאַר די קייזערליכע פאַמיליע האָהענשטויפען.

**גיאור** (פּרס). — אונגלויבינגער, כופר: בעצייכנונג ביי די מחמד'נער פאַר אַלע ניט מחמד'נער (ווי „גויים" ביי יידען).

**גיגאַנטען** (גריכ.) — ריעזען (שפּילען אַ גרויסע ראָלע אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע).

**גיגאַנטיש** (גריכ.) — ריעזיג, אונגעהויער.

**גיטאַרע** (פראַנצ.) — ציטרע: מוזיקאַלישעס סטרונען-אינסטרומענט.

**גילדהאָל** (ענג.) — לאָנדאָנער ראַטהויז.

**גילדע** (אַלט-גערמ.) — האַנדעלס-שטופּע פון סוחרים אין רוסלאַנד.

**גיליאָטינע** (פראַנצ.) — מאַשין צום קאָפּ-אָבהאַקען אין פראַנקרייך.

**גיליאָטינירען** (פראַנצ.) — אַראָבנעהמען דעם קאָפּ מיט דער גיליאָטינע.

**גימנאַזיאַל** (גריכ.) — וואָס איז שייך צו אַ גימנאַזיום.

**גימנאַזיום** (גריכ.) — מיטעל-שוהלע, אין וועלכער מען לערנט, אויסער אַנדערע וויסענשאַפטען, אויך לאַטיינויש (אָפט אויך גריכיש) און וועלכע דיענט אַלס פאָרשטופע צו דער אוניווערזיטעט.

**גימנאַזיסט** (גריכ.) — תלמיד פון גימנאַזיום.

**גימנאָסאָפּיסטען** (גריכ.) — אינדישע פילאָזאָפען, וועלכע פלעגען געהן האַלב-נאַקעט און גאַנץ וועניג עסען

**גימנאַסטיק** (גריכ.) — קערפּערליכע איבונגען, בעוועגונגען פון פערשיעדענע קערפּער-גלידער, כדי צו ענטוויקלען און צו שטאַרקען דעם קערפּער.

**גינעקאָלאָג** (גריכ.) — ספּעציאַליסט פון פרויען-קראַנקהייטען.

**גינעקאָלאָגיע** (גריכ.) — תורת נשים: לעהרע וועגען פרויען-אָרגאַניזמוס און פרויען-קראַנקהייטען.

**גינעקאָקראַטיע** (גריכ.) — ווייבער-הערשאַפט, ממשלת נשים.

**גינעקעאום** (גריכ.) — פרויען-אָבטהיילונג אין פערצייטיגע גריכישע וואָהנונגען.

**גירלאַנדע** (פראַנצ.) — קראַנץ פון בלומען אָדער פרוכטען.

**גלאָבוס** (לאַט.) — קוגעל: קוגעל, אויף וועלכער ס'איז פאָרגעשטעלט די ערד-אָבערפלעכע אָדער דער אויסגעשטערנטער הימעל.

**גלאַדיאַטאָר** (לאַט.) — קעמפּפער מיט די חיות אָדער חברים אין די פאָלקס-שפּיעלען פון פאַרצייטיגען רוים.

**גלאָווניע** (פּויל.) — שטיק האָלץ, וועלכעס איז פון אַלע זייטען אַרומגעברענט.

**גלאַזור** (דייטש) — גלאַטיגע גלאָזפערמיגע

אויבערפלעכע (פון ערדענע כלים און צינק).

**גלאַזירען** (דייטש) – בעדעקען מיט גלאַזור.

**גלאָסאַטאָר** (לאַט.) – פערפאַסער פון גלאָסען, ערקלערער פון שווערע ערטער אין טעקסט.

**גלאָסאַר** (לאַט.) – ווערטערבוך פון אַלטע, וועניג ברויכבאַרע ווערטער.

**גלאָסיטיס** (גריכ.) – צונג-ענטצינדונג.

**גלאַסני** (רוס.) – געוועהלטער שטאָדט-פאָרשטעהער און רוסישע שטעדט.

**גלאָסען** (לאַט.) – ערקלערענדע בעמערקונגען צו שווערע ערטער אין טעקסט.

**גלאָריע** (לאַט.) – כבוד.

**גלויבערזאַלץ** (דייטש) – פערבינדונג פון נאַטראָן מיט שוועבעל-זוירע (פיטריאָל), ביטערזויערעס זאַלץ.

**גליפטיק** (גריכ.) – קונסט פון שטיינער שניידען.

**גליצערין** (גריכ.) – אַ פאַרבלאָזע, זיסע געדיכטע פליסיגקייט.

**גלעטשער** – מאַסע פון אייז מיט שנעע, וועלכע קייקלען זיך אַראָב פון די הויכע בערג און די טאָלען.

**גמינע** (פויל.) – קהלה, געמיינדע.

**גנאָם** (גריכ.) – רוח, גייסט, וועלכער וואוינט אין דער ערד (לויט דעם גלויבען פון המון).

**גנאָמאָן** (גר.) – זונזייגער, אַ שטעקעלע, וואָס לויט דעם אָרט, וואו זיין שאָטען פאַלט, דערקענט מען, ווי שפעט עס איז.

**גנאָמיקער** (גריכ.) – פערפאַסער פון גנאָמען.

**גנאָמע** (גריכ.) – שאַרפזיניגער שפרוך, משל.

**גנו** — טין אַפריקאַנישע אַנטילאָפע.

**געאָגאָניע** (גריכ.) – לעהרע וועגען צושטאַנדע-קומען פון דער ערד און איהר יעצטיגער פאָרם.

**געאָגראַף** (גריכ.) – ערדבעשרייבער, קענער פון געאָגראַפיע.

**געאָגראַפיע** (גריכ.) – ערד-בעשרייבונג.

**געאָגראַפישע ברייט** — ווייטקייט פון אַ פונקט אויף דער ערד פון דעם עקוואַטאָר.

**געאָגראַפישע לענג** — ווייטקייט פון אַ פונקט אויף דער ערד פון דעם ערשטען מערידיאַן.

**געאָדעזיע** (גריכ.) – לעהרע וועגען מעסטען די ערד.

**געאָדעט** (גריכ.) – ערד-מעסטער.

**געאָלאָג** (גריכ.) – קענער פון דעם געבוי פון דער ערד.

**געאָלאָגיע** (גריכ.) — וויסענשאַפט פון דעם אויפבוי און בעשטאַנדטיילען פון דער ערד.

**געאָמעטער** (גריכ.) קענער פון געאָמעטריע, פעלד-מעסטער.

**געאָמעטריע** (גריכ.) לעהרע וועגען די מאָסען פון קערפער.

**געאָסטאַטיק** (גריכ.) — טייל פֿון
דער מעכאַניק, וועלכער בע=
שעפֿטיגט זיך מיט דער לעהרע וועגען
דעם גלייכגעוויכט פֿון פֿעסטע קערפּער.

**געאָצענטריש** (גריכ.) – 1) וואָס קומט
אַרויס פֿון דעם מיטעלפּונקט
פֿון דער ערד. 2) אַנשויאונג, דאָס די
ערד (און נישט די זון) איז דער מיטעל=
פּונקט פֿון דעם פּלאַנעטען=סיסטעם.

**געאָראַמאַ** (גריכ.) — בילד פֿון דער
גאַנצער ערד

**געאָרגינע** (לאַט.) – מעקסיקאַניש גע=
וויקס מיט שענע בלומען
(וואַקסט אין בלומען-גערטנער).

**געבער** (פּרס.) – אונגלויביגער: אַנהענ=
גער פֿון דער תּורה פֿון זאָראָ=
אַסטער, פֿייערדינער.

**געזען** (פֿראַנצ.) – בעטלער; נידערלענ=
דישער פֿערבאַנד אין 16=טען
יאָהר=הונדערט צו קעמפּפֿען קעגען די
איבערהערשאַפֿט פֿון שפּאַניען און די
אינקוויזיציע.

**געטאָ** (איט.) – יידענפֿירטעל; אָבגע=
זונדערטער קוואַרטאַל אין
פֿיעל אייראָפּעאישע שטעדט אויסער=
האַלב וועלכען די יידען האָבען נישט
געטאָרט וואָהנען.

**געמאַך** (דייטש) – גרויס הויז.

**געמען** (לאַט.) – טייערע שטיינער אויף
וועלכע עס זענען אויסגע=
קריצט אויפֿשריפֿטען.

**גענוס** (לאַט.) – געשלעכט, מין, גאַטונג.

**געניאַל** (לאַט.) – גאונישׁ, וואָס איז
פֿערבונדען מיט געניע, מיט גייסטיגער
קראַפֿט און בעגאַבונג.

**געניאַליטעט** (לאַט.) – שעפּפֿערישע
גייסטיגע קראַפֿט.

**געניום** (לאַט.) – מלאך אָדער גייסט,
וועלכער שיצט דעם מענשען.

**געניע** (לאַט.) – 1) אונגעהויערע גייסטי=
גע קראַפֿט. 2) גרויסע ער=
פֿינדערישע און שעפּפֿערישע פֿעהיגקייט.
3) פּערזאָן, וועלכע בעזיצט אַזאָלכע פֿע=
היגקייטען.

**געניטיוו** (לאַט.) – געשלעכטספֿאַל:
צווייטער פֿאַל (קאַזוס) אין
דער דעקלינאַציע.

**גענעאַלאָגיע** (גריכ.) – יחוס=וויסענ=
שאַפֿט, די וויסענשאַפֿט וועגען דעם, פֿון וועם, וועלכער פֿאַמיל=
יע, וועלכע אָבות א. ז. וו. קומט אַרויס
די אָדער יענע היסטאָרישע פּערזאָן.

**גענעאַלאָגיש** (גריכ) – וואָס איז נוגע
דעם יחוס, דעם אַרויסקומען.

**גענעזיס** (גריכ.) – 1) דאָס בעשאַפֿען
ווערען, דאָס צוהאַנדען קו=
מען (בריאה). 2) דער נאָמען פֿון חומש
בראשית אין אַלע אייראָפּעאישע שפּראַ=
כען.

**גענעטיש** (גריכ.) – וואָס איז שייך צום
בעשאַפֿען ווערען, צום צו=
שטאַנדע קומען.

**גענעטישע מעטאָדע** (גריכ.) – מע=
טאָדע, וועלכע לערנט, ווי
אַזוי די זאַך איז צו שטאַנדע געקומען
און ענטוויקעלט געוואָרען.

**גענעראַל** (לאַט.) — 1) אין צוזאַמענזעצונג מיט אַנדערע ווערטער: גרונד-, הויפּט-, וויכטיגסטע-, אָבער- (גענעראַל-פּראָבע — הויפּט-פּראָבע, גענעראַל-אינספּעקטאָר — אָבער-אינספּעקטאָר). 2) גרויסער טיטול פון אָפיצירען.

**גענעראַל-אַדיוטאַנט** (לאַט.) — אַדיוטאַנט פון הערשענדע פּערזאָנען.

**גענעראַל-אַדמיראַל** (לאַט.-אַר.) — הויפּטפערוואַלטער פון'ם גאַנצען פלאָט אין אַ מדינה.

**גענעראַלבאַס** (לאַט.-איט.) — גרונדבאַס, הויפּטבאַס.

**גענעראַל-גובערנאַטאָר** (לאַט.) — הויפּטפערוואַלטער פון אַ גאַנצער געגענד.

**גענעראַליזירען** (לאַט.) — פעראַלגעמיינערן.

**גענעראַליסימוס** (לאַט.) — הויפּט-קאָמאַנדיר פון אַלע פעראייניגטע אַרמעען.

**גענעראַל-לייטענאַנט** (לאַט.-פר.) — מיליטער-טיטול פון דריטער קלאַס.

**גענעראַל-מאַיאָר** (לאַט.) — מיליטער-טיטול פון צווייטער קלאַס.

**גענעראַלשטאַב** — פערזאַמלונג (אויך דאָס פערזאַמלונגס-הויז) פון די העכסטע אָפיצירען מיט זייערע אַדיוטאַנטען.

**גענעראַלשטאַטען** — פערזאַמלונג פון דעפּוטאַטען פון די זיבען ניעדערלענדישע שטאַטען אין דער צייט פון דער ניעדערלענדישער רעפּובליק.

**גענעראַטאָר** (לאַט.) — דאַמפּפקעסעל.

**גענעראַציע** (לאַט.) — דור, געשלעכט.

**געפּאַרד** (פראַנצ.) — מין ווילדע חיה, איז בייהילפיג די יעגערס ביים יאַגט אין די מדבריות.

**געראַניום** (לאַט.) — שמעקענדיג געוויקס, ווערט בענוצט צו פּערפום-פאַבריקאַציע.

**גערמאַניזירען** (לאַט.) — מאַכען פאַר דייטשיש.

**גערמאַניזמוס** (לאַט.) — דייטשע אויס-דריקס-פאָרם אין אַן'אַנדערער שפּראַך.

**גערמאַניסט** (לאַט.) — קענער פון די גערמאַנישע שפּראַכען אָדער דייטשעם רעכט.

**גערמאַניע** (לאַט.) — דייטשלאַנד.

**גערמאַנישע פעלקער** — פעלקער, וועלכע רעדען גערמאַנישע שפּראַכען.

**גערמאַנישע שפּראַכען** — די דייטשע און צו איהר ענהליכע שפּראַכען, וועלכע האָבען אַלע די זעלבע ווארצלען (דייטש, האָלענדיש, שוועדיש, דעניש א. ז. וו.)

**גראַ, גראַסיסט** — ז. אַנגראַ, אַנגראַסיסט.

**גראַד, גראַדוס** (לאַט.) — טריט, שטופע, טייל (פון אַ קרייז, פון דער ערד-אָבערפלעכע, פון אַ טערמאָמעטער א. ז. וו.)

**גראַדאַטים** (לאַט.) – טריט ביי טריט, שטופּענווייזע.

**גראַדאַציע** (לאַט.) – שטייגערונג, דאָס גיעהן אַלע מאָל העכער.

**גראַוויטאַציע** (פר.) – שווערקראַפט; די קראַפט, מיט וועלכער צוויי קערפּער בעמיהען זיך צו דער־נעהנטערען איינער צום אַנדערן.

**גראַווירען** (פראַנצ.) – שניצען אויף האָלץ, שטיין אָדער מעטאַל.

**גראַווער** (פראַנצ.) – שניצער אויף האָלץ, שטיין אָדער מעטאַל.

**גראַט** (פויל.) — אַלט געשיר, מעבעל.

**גראַטולאַנט** (לאַט.) – דער, וואָס ווינשט גליק.

**גראַטולאַציע** (לאַט.) – גליק־ווינשונג, מזל־טוב.

**גראַטולירען** (לאַט.) – ווינשען גליק.

**גראַטים** (לאַט.) – בחנם, אומזיסט.

**גראַטיפיקאַציע** (לאַט.) – פערגני־טיגונג מיט אַ מתנה.

**גראַטיפיצירען** (לאַט.) – געבען אַ מתנה אַלס אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט.

**גראָטעסק** (פר.) – וואונדערליך, פאַנ־טאַסטיש; מאַלעריי פון זאַ־כען, וועלכע קומען ניכט פאָר אין דער נאַטור.

**גראַם** (פראַנצ.) – געוויכטסאיינהייט אין מעטרישען סיסטעם: דאָס געוויכט פון איין קובישען סאַנטימעטער וואַסער ביי 4 גראַד וואַרם צעלזיוס (אונגעפעהר 1/22 לויט).

**גראַמאַטיק** (גריכ.) – דקדוק: לעהרע פון די כללים, לויט וועלכע מען דאַרף רעדען און שרייבען אַ שפּראַך.

**גראַמאַטיקאַליש** — וואָס איז שייך צו דער גראַמאַטיק.

**גראַמאַטיקער** (גריכ.) – שפּראַך־לעה־רער, שפּראַך־פאָרשער.

**גראַן** (לאַט.) – קערנדעל. קליין געוויכט.

**גראַנאַט** (לאַט.) – 1) מין טייערער שטיין. 2) בלאָע פאַרב. 3) זיי־סע, געשמאַקע פרוכט פון אַ בוים, וועל־כער וואַקסט אין אזיע און זיד־אייראָפּא.

**גראַנאַטע** (פראַנצ.) – קליינע באָמבע.

**גראַנדיעז** (פראַנצ.) – גראָסאַרטיג.

**גראַנדען** (שפּאַנ.) – גרויסע לייט: די הערשענדע קלאַסע און פריי־הערען שפּאַניען.

**גראַניט** (פראַנצ.) – מין פעלזען.

**גראָס** (פראַנצ.) – 12 דוץ—144 שטיק.

**גראַסירען** — הערשען, אומגעהען (אויף אַ קראַנקהייט).

**גראַפּען** – גרויסער געגאָסענער אייזער־נער טאָפּ.

**גראַף** (דייטש) – הויכער טיטעל פון געבורטס־אדעליגע.

**גראַפיט** — וואַסערבליי, מין שוואַר־צעם מינעראַל.

**גראַפיק** (גריכ.) – 1) קונסט פון שריי־בען, צייכנען און מאָלען. 2) דיפּלאָמאַטישע שרייבקונסט.

**גראַפיש** (גריכ.) – פאָרגעשטעלט מיט צייכנונגען.

**גראַציע** (לאַט.) – 1) ליעבליכקייט;

אנגענעהמע, רייצפֿאָלע בעגעהמונגען. 2) דאַנק, גענאָד, חסד.

**גראַציעז** (לאַט.)–ליעבליך, אַנגענעהם, רייצפֿאָל.

**גראַציען** (לאַט.) – אין דער מיטאָלאָגיע — 3 געטינען פֿון שענהייט און ליעבענסווירדיגקייט, דינערינען פֿון ווענוס.

**גראָשען** — אַמאָליגע פּוילישע מטבע, אונגעפֿעהר 1/2 קאָפּ.

**גרוביאַן** (פּויל.) — גראָבער, אונאַנשטענדיגער מענש.

**גרודזיען** (פּויל.) — פּוילישער נאָמען פֿון חודש דעצעמבער.

**גרונדירען** (דייטש) – מאַכען אַ גרונד צו אַ מאַלעריי.

**גרופּירען** (פֿר.)–איינטיילען אין גרופּען.

**גרופּע** (פֿראַנצ.) – אָבטיילונג, פֿעראייניגונג פֿון עהנליכע זאַכען.

**גרייצאַר** (פּויל.) – פּראָפּען-ציהער.

**גרימאַסע** (פֿראַנצ.)– העויה, אָנשטעל, פֿערקרימונג פֿון געזיכט.

**גרעמיום** (לאַט.) – חברה, פֿערבינדונג.

**גרענאַדינע** (פֿראַנצ.) – גאַזע-אַרטיגער זיידענשטאָף.

**גרענאַדיער** (פֿראַנצ.) – גראַנאַטען-(באָמבען) וואַרפֿער; בעסערער סאָרט פּיעחאָטע.

**גרעפּין** (דייטש) – פֿרוי אָדער טאָכטער פֿון אַ גראַף.

**גרעציזמוס** (לאַט.) – גריכישע אויסדריקס-פֿאָרם אין אַן אַנדער שפּראַך.

## ד.

**דאָ אוט דעם** (לאַט.) — כ'גיעב דיר, כדי דו זאָלסט מיר געבען.

**דאָגמא** (גריכ.) – 1) וויסענשאַפֿטליכער זאַץ, וועלכער ווערט נעהאַלטען פֿאַר אונבעדינגט ריכטיג. 2) אונבעדינגט ריכטיגער גלויבענס-זאַץ (עיקר האמונה).

**דאָגמאַטיזמוס** (גריכ.) – לעהר-סיסטעם, ביי וועלכען מען שטיצט זיך אויף זעצען און מיינונגען אָהן בעווייזען, פֿאַר וואָס מען מוז זיי האַלטען אַלס ריכטיג.

**דאָגמאַטיק** (גריכ.) – לעהרע וועגען דאָגמען (הויפּטזעכליך רעליגיאָנס-דאָגמען).

**דאָגמאַטיש** (גריכ.) – 1) אָהן בעווייזען. 2) וואָס איז שייך צו רעליגיאָנס-לעהרע.

**דאָזאָר** (פּויל.) – נעזוועהלטער פֿאָרשטעהער פֿון יודישער קהלה אין פּוילען.

**דאָזע** (פֿראַנצ.) – פּאָרציע מעדיצין-מיטעל, וועלכע אַ קראַנקער דאַרף נעהמען אויף אַ מאָל.

**דאָזש** (איט.) — פּרעזידענט פון דער רעפּובליק און ווענעדיג און גענוא (איטאַליענישע שטעדט, וועלכע זיינען פריהער געוועזען זעלבסטשטענדיגע רעפּובליקען).

**דאַטום** (לאַט.) — געגעבענע זאַך: טאָג פון אַ חודש.

**דאַטיוו** (לאַט.) — דריטער פאַל (קאַזוס) ביי דער דעקלינאַציע.

**דאַטירען** — שטעלען דאָס דאַטום (די דאַטע) אויף אַ בריעף אָדער אַנ׳אַנדער פּאַפּיער.

**דאַטע** — ז. דאַטום.

**דאַלטאָניזמוס** — אויגען-פעהלער, ביי וועלכען מען קאָן נישט אונטערשיידען די פאַרבען (איבערהויפּט רויט פון גרין).

**דאַליי-לאַמאַ** (מאָנג.) — כהן-גדול: הויפּט-היילינער ביי די בודיסטען און טיבעט.

**דאָלמעטש, דאָלמעטשער** — איבערזעצער.

**דאָלער** (ענג.) — זילבער-מטבע און די פעראייניגטע שטאַטען פון צפון-אַמעריקע (אונגעפעהר 2 רובל).

**דאָם** (לאַט.) — גרויסע קירכע.

**דאַמאַסט** (דייטש) — זיידענער, ליינוואַנדענער, וואָלענער אָדער בּוימוואָלענער שטאָף מיט אַטלאַסגרונד און אויסגענייטע פיגורען פון ביידע זייטען.

**דאַמאַסקירט** (פון דעם וואָרט דמשק) — שטאָהל-אַרבייט מיט פערשידענע אויסגעאַרבייטעטע פיגורען דאַרויף.

**דאַמאָקלעס׳עס שווערד** — 1) שווערד, וועלכע האָט, לויט דעם בעפעהל פון דעם סיראַקוזישען קעניג דיאָניזי, געהאַנגען אויף אַ האָר איבער׳ן קאָפּ פון דאַמאָקלעס, ווען ער איז געזעסען אין די קליידער פון דיאָניזי אין זיין פּאַלאַץ און דאָרט געגעסען. 2) איימיגע סכנה און אַ גליקליכען צושטאַנד.

**דאַמאַר** — דורכזיכטיגער טרוקענער זאַפט פון פערשידענע מאָס-נע-בוימער.

**דאָמינאָ** (איט.) — 1) מאַסקענמאַנטעל. 2) שפּיעל מיטביינדלעך, וועלכע האָבען לעכלעך פון אויבען.

**דאָמינוס** (לאַט.) — הערשער, גאָט (ווי אין העברעאישען „אדני").

**דאָמיניקאַנער** (לאַט.) — קאַטוילישע נזירים פון אַנ׳אָרדען, וועלכען דער היילינער דאָמיניקוס האָט געגרינדעט.

**דאָמינירען** (לאַט.) — הערשען, געוועלטיגען.

**דאַמע** (פראַנצ.) — 1) עדעלע פרוי, האָכגעשעצטע פרוי. 2) די מלכה און קאָרטען-אָדער שאַך-שפּיעל.

**דאָמענען** (לאַט.) — גיטער, וועלכע געהערען צו דער מדינה און זייער איינקינפטע זענען בעשטימט פאַר די מיטגליעדער פון דער הערשענדער

פּאַמיליע אָדער פּאַר בעזונדערע מדינישע
צוועקען.

**דאָן** (שפּאַנ.) – הערר.

**דאָנאַ** (שפּאַנ.) – הערין, עדעלע פּרוי.

**דאַנאַאידען-אַרבייט** — אומזיסטע
אַרבייט, וועלכע מען מוז אַלע
מאָל אָנהויבען אויפ'ס ניי (49 טעכטער
פון אַ גריכישען קעניג דאַנאַאָס האָבען
דער'הרג'עט זייערע מענער און דערפאַר
זענען זיי געוואָרען פער'משפט אין גיהנם
אָנצופילען אַ פאַס אָהן אַ דעק).

**דאַנאַער געשענק** — מתנה, וועל-
כע איז צום שלעכטען פון
דעם, וואָס קריגט זי. (די דאַנאַער, ד. ה.
די גריכען, ווען זיי האָבען אַ לאַנגע צייט
נישט געקאָנט איינעהמען די שטאָדט טראָ-
יאַ, זענען אַוועק פון איהר און איבערגע-
לאָזט דאָרט אַ גרויס הילצערן פערד. די
טראָיאַנער האָבען דאָס פערד גענומען אין
שטאָדט אַריין; אָבער אין דעם פערד זע-
נען געלעגען גריכען, וועלכע זענען ביי-
נאַכט אַרויסגעקראָכען, האָבען געעפענט
די טויערען, און זייערע חברים, וועלכע
האָבען זיך דערווייל צוריקגעקעהרט, זע-
נען אַריין אין שטאָדט און האָבען זי חרוב
געמאַכט).

**דאָן-זשואַן** — העלד פון אַ'אַלטער
שפּאַנישער לעגענדע, ליעב-
האָבער פון פרויען.

**דאַנטיסט** (פראַנצ.) – צאָהן-אַרצט,
ספּעציאַליסט צו היילען ציין.

**דאָן-קישאָט** — העלד פון אַ ראָמאַן
פון שפּאַנישען שרייבער



סערוואַנטעס, ליעבהאָבער פון אונגע-
וועהנליכע, אָבער נישט וויכטיגע גע-
שעהענישען, וועלכע זעהען ביי איהם
אויס וויכטיג און גרויס.

**דאָפינע** (פראַנצ.) – פרוי פון פראַנצוי-
זישען קראָנפּרינץ אין דעם
פריהערען מאָנאַרכיסטישען פראַנקרייך.

**דאָפען** (פראַנצ.) – פראַנצויזישער קראָנ-
פּרינץ אין דעם פריהערען
מאָנאַרכיסטישען פראַנקרייך.

**דאָצענט** (לאַט.) – אוניווערסיטעטס-
לעהרער.

**דאָק** (ענג.) – קונסטליכער האַפען צום
אויפלאָדען און אויסלאָדען
פון סחורות און רעפּערירען פון שיפען.

**דאָקומענט** (לאַט.) – שריפטליך
צייגניס.

**דאָקטאָר** (לאַט.) – געלעהרטער:
עהרענטיטעל פון געלעהרטע,
וועלכען די אוניווערסיטעטען האָבען
דאָס רעכט צו געבען. 2) אין פּראָסט
יידיש: אַ'אַרצט, געענדיגטער מעדי-
ציגער.

**דאַקטיל, דאַקטילום** (גריכ.) – פינ-
גער: פעררזפוס פון דריי זיל-
בען, פון וועלכע די ערשטע איז הויכ-
טאָניג און די צוויי לעצטע – טאָנלאָז.

**דאַקטילאָגיע** (גריכ.) – 1) קונסט צו
רעכנען אויף די פינגער.
2) פינגער-שפּראַך.

**דאַקטיליאָגראַפיק** (גריכ.) – בע-
שרייבונג פון אַלטע רינגען
און געשניטענע שטיינער.

**דאַקטיליאָטעק** (גריכ.) – זאַמלונג פון אַלטע רינגען, געשניטענע שטיינער אָדער אָבדרוקען דאַפון.

**דאָקטרין** (לאַט.) – וויסענשאַפט, וויסענשאַפטליך סיסטעם.

**דאָקטרינער** (לאַט.) – ווער עס בענעהמט זיך אין דער פּאָליטיק נאָר לויט בעשטימטע וויסענשאַפטליכע טעאָריעס.

**דאַרדאַנאַריאַט** (לאַט.) – שפּעקולאַציע מיט דעם פערקויף פון לעבענס-מיטלען.

**דאַרוויניזמוס** – טעאָריע פון טשאַרלז דאַרווין, דאָס אַלע מינים אין דער נאַטור קומען אַרויס פון איינע אָדער עטליכע וועניגע פאָרמען.

**דואַליזמוס** (לאַט.) – צווייהייט: גלויבען אין צוויי גרונדאורזאַכען פון אַלעם, וואָס געפינט זיך אין דער וועלט; פון איינער קומט אַרויס דאָס גוטע, ליכטיגע, שענע, זיסע א. ז. וו., פון דער צווייטער – דאָס שלעכטע, פינסטערע, מאוסע, ביטערע א. ז. וו.

**דואַליסט** (לאַט.) – אָנהענגער פון דואַליזמוס.

**דובליקאַט** (לאַט.) – דאָקומענט אין צוויי עקזעמפּלאַרען.

**דוטיץ** (פון לאַט.) – צוועלף שטיק.

**דומע** (רוס.) – 1) פערזאַמלונג פון געוועהלטע שטאָדט-פאָרשטעהער אין רוסישע שטעדט (שטאָדט-דומע). 2) פערזאַמלונג פון געוועהלטע פאָרשטעהער פון דער גאַנצער מדינה אין רוסלאַנד, רוסישער פּאַרלאַמענט (גאָסודאַרסטווענע דומע).

**דועט** (איט.) – געזאַנג פון צוויי שטימען, שפּיעל פאַר צוויי אינסטרומענטען.

**דועל** (לאַט.) – געשלעג מיט געוועהר צווישען צוויי פּערזאָן.

**דוקאַטען** (איט.) – גאָלדענע מטבעות פון פערשידענעם פּרייז.

**דור** (איט.) – האַרטער טאָן.

**דוש** (פראַנצ.) – אין באָד אַ רעהר, פון וועלכער עס גיסט זיך וואַסער פון אויבען אַראָב אויף דעם מענשען, וואָס שטעהט אונטער איהר.

**דזיאַד** (פויל.) – אַלטער בעטלער.

**דזשואיש** (ענג.) – יודיש (Jewisch)

**דזשואיש קאָלאָניזיישען עסאָסיישען** (ענג.) — ז. יק"א.

**דזשואיש קאָלאָניעל טרעסט** (ענג.)–ז. יודישע קאָלאָניאַל-באַנק.

**דזשואיש קראָניקעל** (ענג.)–וויכטיגע יודישע צייטונג אין ענגלישער שפּראַך אין לאָנדאָן, רעדאַגירט פון י. ל. גרינבערג.

**דזשואיש וואָרלד** (ענג.) – וויכטיגע יודישע צייטונג אין ענגלישער שפּראַך אין לאָנדאָן, רעדאַגירט פון לוסיען וואָלף.

**דזשין** (ענג.) — ענגלישער אַלקאָהאָלישער געטראַנק.

**דזשענטעלמען** (ענג.) — עדעלמאַן,

הערר, נעבולדעטער, אנשטענדיגער מאַן.

**דיאַבעל** (פראַנצ.) — טײַפעל.

**דיאַגאָנאַל** (גריכ.) — גלײַכע ליניע, וועלכע פעראייניגט צוויי עקען פון א פיל-עק, וועלכע געהערען נישט צו איין ליניע.

**דיאַגנאָז** (גריכ.) — ערקענונג פון א קראַנק לויט די סימפטאָמען.

**דיאַגנאָסטיק** (גריכ.) — דער טייל מעדיצין, וועלכער לערנט בעשטימען די קראַנקהייטען.

**דיאַדעם** (גר.) — 1) פערצירונג אויפ'ן קאָפּ פון פאַרצײַטיגע מלכים. 2) פערצירונג פון פערעל און טײַערע שטיינער, וואָס פרויען טראָגען אויפ'ן קאָפּ.

**דיאַטאָניק** (גריכ.) — מוזיקאַלישער איבערגאַנג פון טענער פון דעם נידעריגסטען צום העכסטען.

**דיאַלאָג** (גריכ.) — צווישענגעשפרעך: געשפרעך פון צוויי אָדער מעהר מענשען צווישען זיך.

**דיאַלאָגיזירען** (גריכ.) — 1) פיהרען א געשפרעך. 2) אויספיהרען א געדאַנק אין דער פאָרם פון א געשפרעך צווישען צוויי פערזאָנען.

**דיאַלאָגיש** — אין דער פאָרם פון א דיאַלאָג.

**דיאַלעקט** (גריכ.) — מין אויסשפּראַכע, צווײַג פון א שפּראַך.

**דיאַלעקטיק** (גריכ.) — 1) קונסט, ווי זיך מתוכּח צו זיין. 2) קונסט ווי אויסצודריקען קלאָר און דײַטליך די געדאַנקען.

**דיאַלעקטיקער** (גריכ.) — לערער פון דיאַלעקטיק.

**דיאַמאַנט** (גריכ.) — 1) טײַערער שטיין, ז. אַלמאַז. 2) קלענסטע דרוקשריפט.

**דיאַמעטער** (גריכ.) — גלײַכע ליניע, וועלכע געהט דורך דעם צענטער פון קרײַז און איז בעגרענעצט פון צוויי פּונקטען אויפ'ן קרײַז.

**דיאַמעטראַל** (גריכ.) — גערעדע ענטגעגען, גאַנץ געגענגעזעצט.

**דיאַנאַ** — געטין פון יאַגד און דער לבנה בײַ די רוימער.

**דיאָניס** — ז. באַקכוס.

**דיאַספּאָראַ** (גריכ.) — 1) גלות. 2) די יודען, וועלכע וואָהנען נישט אין ארץ-ישראל.

**דיאָפּטריק** (גריכ.) — טייל פון דער אָפּטיק, וועלכע בעשעפטיגט זיך מיט דער ברעכונג פון ליכטשטראַהלען בײַ זייער דורכגעהן דורך געשליפענע גלעזער.

**דיאַפאַן** (גריכ.) — דורכזיכטיג, דורכשײַנענד.

**דיאַפאַנאָמעטער** (גריכ.) — אפּאַראַט צו מעסטען די דורכזיכטיגקייט פון דער לופט.

**דיאַפאַנאָראַמאַ** (גריכ.) — פערספּעקטיווע פאָרשטעלונג פון געמעלטע לאַנדשאַפטען.

**דיאַפראַגמאַ** (גריכ.) — 1) הײַטעל.

וועלכעס טיילט אָב די אונטערע ברוסט-טיילען פון די אונטערע בויך-טיילען. 2) שוואַרצע רינגען און פערגרעסער-רעהרען.

**דיאַקאָן** (גריכ.) – קלענערער גייסטליכער ביי די פּראַוואָסלאַווען.

**דיגיטאַליס** (לאַט.) – פינגערהוט-געווקס; געוויקס, וועלכעס ווערט בענוצט אַלס מיטעל קעגען האַרץ-קראַנקהייטען.

**דיגניטאַר** (לאַט.) – בעזיצער פון קראַפט, מאַכט און שטאַרקען איינפלוס אין דער מדינה.

**דידאַקטיק** (גריכ.) – לעהרער-קונסט; וויסענשאַפט ווי צו לערנען.

**דידאַקטיש** (גריכ.) – מיט דעם ציעל צו לערנען, צו ערקלערען.

**דיוואַן** (טורק.) – 1) פערזאַמלונג פון סולטאַנ'ס יועצים. 2) טייערע ווייכע סאָפע. 3) פון טייערען שטאָף אויסגעאַרבייטעם און פערציערטעם טוך אויף די וואַנד אויפצוהענגען אָדער אויף דער ערד אַנידערצולעגען. 4) זאַמלונג פון שירים.

**דיווידענד** (לאַט.) – די צאָהל, וועלכע דאַרף געטיילט ווערען (ביים חלוק.

**דיווידענדע** (לאַט.) – פערדיענסט פון אַ געשעפט, וועלכעס אַן-אַקציאָנער קריגט אויף זיין חלק.

**דיוויזיע** (לאַט.) – 1) טיילונג, חלוק. 2) אָבטיילונג פון מיליטער (פון 6 ביז 10 טויזענד מאַן).

**דיזענטעריע** (גריכ.) – שלשול מיט בלוט.

**דיהראַיזמוס** (גריכ.) – דאָפּעלטע פאַרבינדונג (פון פילע מינים קריסטאַלען).

**דיהראַמאַטיש** (גריכ.) – צוויי פאַרבינג.

**דיטאָ** (איט.) – געזאָגט, דאָס אייגענע ווי פריהער.

**דיטיראַמב** (גריכ.) – 1) לויב-ליעד (שיר תהלה) לכבוד באַקכוס. 2) ליעד פול בעגייסטערונג און לויב.

**דיליזשאַנס** (פראַנצ.) – פליים; אָמניבוס, וועלכער פיהרט פּאַסאַזשירען צווישען 2 בעשטימטע פּונקטען. (ער הייסט אזוי, ווייל ער פאָהרט אָהן אויפהער, „פליסיג" הין און צוריק).

**דילעטאַנט** (איט.) – דער, וואָס בעשעפטיגט זיך מיט קונסט אָדער אַ וויסענשאַפט נישט ספּעציעל, נאָר אַלס פערגעניגען.

**דילעטאַנטיזמוס** (איט.) — בעשעפטיגונג מיט קונסט אָדער אַ וויסענשאַפט נישט ספּעציעל נאָר פון פערגעניגען וועגען.

**דילעמאַ** (גריכ.) – רעזולטאַט, צו וועלכען מען קומט אויף צוויי פערשיעדענע, געגענגעזעצטע וועגען.

**דימאַנט** — ז. דיאַמאַנט.

**דימיסיאָנירען** (לאַט.) – אָנגעבען אַ ביטע צו פּטר'ן פון אַ שטעלע (אין שטאַאַט).

**דימיסיע** (לאַט.) – אָבזאָגונג פון אַ שטעלע.

**דינאַמאָמעטער** (גריכ.) – אַפּאַראַט צו מעסטען קרעפטען.

**דינאַמיט** (גריכ.) – שטאַרק עקספּלאָדירענדער שטאָף.

**דינאַמיק** (גריכ.) – לעהרע וועגען בעוועגונגען פון קערפּער אונטער דעם איינפלוס פון אויסערע קרעפטען.

**דינאַמיש** (גריכ.) – אונטער דעם איינפלוס פון קרעפטען.

**דינאַסטיע** (גריכ.) – הערשענדע פאַמיליע.

**דינען** (דייטש) – בערגלעך זאַמד, וועלכע בילדען זיך אויפ'ן ברעג פון ים.

**דיסאָנאַנס** (לאַט.) – נישט האַרמאָנירונג פון טענער.

**דיסהאַרמאָניע** (גריכ.) – 1) אומאַנגענעהמער קלאַנג (צוליעב דעם, וואָס מען קאָמבינירט טענער, וועלכע שטימען נישט צוזאַמען). 2) אומאייניגקייט, נישט שטימונג.

**דיסהאַרמאָנירען** (גריכ.) – 1) אומאַנגענעהם קלינגען. 2) אומאייניג זיין, נישט שטימען.

**דיסהאַרמאָניש** (גריכ.) – 1) מיט אומאַנגענעהמען קלאַנג. 2) נישט איינשטימענד, אומאייניג.

**דיסטאַנץ** (לאַט.) – שטרעקע, ווייטקייט.

**דיסטריבוציע** (לאַט.) – 1) איינטיילונג, פערטיילונג. 2) טאַבאַק-געשעפט.

**דיסטריקט** (לאַט.) – לאַנדעס-אָבטהיילונג, ווי אין רוסלאַנד „אויעזד", „פּאָוויאַט".

**דיסידענט** (לאַט.) – נישט געהעריגער צו דער רעליגיע, וועלכע איז אַנערקענט אַלס הערשענדע אין דער מדינה.

**דיסלאָקאַציע** (לאַט.) – פּעראַנדערונג; 1) בעשטימונג, וואו יעדער טייל פון דער מחנה דאַרף זיך געפינען. 2) אויסלענקונג (פון א ביין).

**דיסמעמבראַציע** (לאַט.) – צערגליעדערונג: פערטיילונג פון גרונדבעזיצונגען אויף קליינע שטיקער.

**דיסענטער** (לאַט.) – נישט געהעריגער צו דער אַנגליקאַנישער קירכע אין ענגלאַנד.

**דיסערטאַציע** (לאַט.) – קליינע וויסענשאַפטליכע פערפאַסונג, כדי צו קריגען אַ געלעהרטען טיטעל (דאָקטאָר).

**דיספּאָזיציע** (לאַט.) – 1) פעראָרדנונג, בעפעהל. 2) פּלאַן, פאָרשלאַג. 3) רשות, מאַכט.

**דיספּאָנירען** (לאַט.) – איינריכטען, פאָרבערייטען, בעפעהלען. 2) האָבען אין רשות.

**דיספּאָנענט** (לאַט.) – בעפאָלמעכטיגטער.

**דיספּוט** (לאַט.) – וכוח, מחלוקה.

**דיספּוטאַציע** (לאַט.) – עפענטליכער וכוח איבער אַ וויסענשאַפטליכע פראַגע אין אוניווערזיטעטען.

**דיספּוטירען** (לאַט.) – מתוכח זײַן, אַרגען זיך.

**דיספּענסאַטאָריום** (לאַט.) – פֿאָר־שריפֿט, לעהרבוך ווי צו מי[..]גן רעצעפּטען.

**דיספּענסאַציע** (לאַט.) – ערלויבניס פֿון אַ העררשער אײַנעם צו בעגעהן זיך קעגען דעם געזעץ; בע־פֿרײַאונג פֿון שטראָף.

**דיספּענסירען** (לאַט.) – 1) מאַכען רע־צעפּטען. 2) ערלויבען, בע־פֿרײַען פֿון פֿערבינדונג, פֿון שטראָף.

**דיסציפּלין** (לאַט.) – 1) בעשטימטע, בעזונדערע וויסענשאַפֿט. 2) שטרענגע אָרדנונג.

**דיסציפּלינירט** (לאַט.) – געוואָהנט צו שטרענגער אָרדנונג.

**דיסק** (גריכ.) – 1) רעדעל צום וואַרפֿען בײַם שפּילען. 2) טייל פֿון דער פּלאַנעטע, וועלכען מען קאָן זעהען.

**דיסקאַנט** (לאַט.) – העכסטע זינג־שטימע.

**דיסקאָנטאָ** (איט.) – די אָפּגעבראָכענע סומע פֿון אַ וועקסעל, ווען מען צאָהלט איהם אויס פֿאַר די צײַט.

**דיסקאָנטאַנט** (איט.) – פּערזאָן, וועל־כע צאָהלט אויס וועקסלען פֿאַר די צײַט.

**דיסקאָנטירען** (איט.) – 1) צאָהלען פֿאַר אַ וועקסעל פֿאַר די צײַט. 2) קויפֿען אָדער פֿערקויפֿען אויסגע־שטעלטע וועקסלען.



**דיסקוטירען** (לאַט.) – אַרומרעדען, פֿערהאַנדלען, שפּאַרען זיך.

**דיסקוסיע** (לאַט). – אַרומרעדונג, פֿער־האַנדלונג, וִכּוּחַ.

**דיסקרעדיטירען** (פֿראַנצ.) – דעם קרעדיט קאַליע מאַכען, מוציא שם רע זײַן.

**דיסקרעט** (לאַט.) – פֿאָרזיכטיג, קלוג, שווײַגענד.

**דיסקרעציע** (לאַט.) – פֿאָרזיכטיגקײַט, בעשעהענהייט, בסוד־האַל־טונג.

**דיע** (פֿראַנצ.) – גאָט.

**דיעטיש** (גריכ.) – אין דער מאָס, מיט אָבהיטונג פֿון דער נויטיגער דיעטע.

**דיעטע** (גריכ.) – לעבענסאָרדנונג בנוגע צו עסען און טרינקען.

**דיעטעטיק** (גריכ.) – לעהרע וועגען לעבענסאָרדנונג פֿון קראַנקע.

**דיעטען** (לאַט.) – טאָג־געלדער דעפּו־טאַטען, פֿערטרעטער אוז[..] אַגענטען.

**דיפּלאַזיאָן** (גריכ.) – פֿאָרטאָפּיאַן מיט צוויי קלאַוויאַטורען.

**דיפּלאָם** (גריכ.) – צײַגניס וועגען ענ[..] דיגען אַ האָכשולע אָדער אַנ־אַנדער מין צײַגניס, וועלכעס גיט דעם בעזיצער בעשטימטע רעכטע און פּרי־ווילעגיען.

**דיפּלאָמאַט** (גריכ.) – 1) בעאַמטער צו פֿיהרען פֿערהאַנדלונגען מיט אַנדערע מדינות. 2) מענש, וועלכער

איז גענויט און פֿעהיג צו פֿיהרען פֿערהאַנדלונגען.

**דיפּלאָמאַטיע** (גריכ.) – קונסט, וויסענשאַפֿט צו פֿיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט פֿרעמדע מדינות.

**דיפּלאָמאַטיקער** (גריכ.) – קענער פֿון דיפּלאָמאַטיע.

**דיפּלאָמאַטיש** (גריכ.) – ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ דיפּלאָמאַט, וואָס איז נוגע דער דיפּלאָמאַטיע; קלוג, גוט פֿריהער אויסבערעכענט.

**דיפּלאָמאַטישער קאָרפּוס** (גר.-ראַט.) – אַלע פֿערטרעטער פֿון פֿרעמדע מדינות, וועלכע געפֿינען זיך ביי אַ הויף.

**דיפֿאַמאַציע** (לאַט.) – פֿערשפּרייטונג פֿון בלבולים.

**דיפֿאַמירען** (לאַט.) – מאַכען אַ בלבול, בעפֿלעקען (מיט ווערטער).

**דיפֿוזיע** (לאַט.) – איינענשאַפֿט פֿון גאַזען זיך צוזאַמענצומישען אָהן ענדערונג פֿון זייערע חעמישע איינענשאַפֿטען.

**דיפֿערענט** (לאַט. – פֿערשיעדען.

**דיפֿערענץ** (לאַט.) אונטערשיעד.

**דיפֿערענציאַל** (לאַט.) – אונענדליכקליינער צוואַקס.

**דיפֿערענציאַל=רעכנונג** — טייל פֿון דער העכערער מאַטעמאַטיק, וועלכעס בעשעפֿטיגט זיך מיט דעם רעכנען מיט אונענדליך=קליינע צאָהלען, כדי צו בערעכנען אויף דעם אופן פֿערשיעדענע אויפגאַבען, וועלכע עס איז אונמעגליך אַנדערש אויסצורעכנען.

**דיפֿראַקציע** (לאַט.) – אָבביינונג פֿון דעם ליכטשטראַהל פֿון זיין פֿריהערער ריכטונג.

**דיקאַסטעריום** (לאַט.) – העכסטע געריכט (אין רוסלאַנד – דער סענאַט, אין אַנדערע מדינות – געריכטסהאָף).

**דיקטאַט** (לאַט.)– נאָכגעשריבענע זאַך (נאָכ'ן פֿאָרלעזען).

**דיקטאַטאָר** (לאַט.) – צייטווייליגער געוועלטיגער מיט אונבעגרענצטער מאַכט, כדי צו בערוהיגען אַ מדינה אָדער זי רעטען פֿון סכנה.

**דיקטאַטור** (לאַט.) – מאַכט, שטעלע פֿון אַ דיקטאַטאָר.

**דיקטאַנדאָ** (לאַט.) – לויט דעם פֿאָרזאָגען עפּעס שרייבען.

**דיקציע** (לאַט.) — די אַרט פֿון דער אויסשפּראַכע.

**דיריזשירען** (פֿראַנצ.) – לייטען, אָנפֿיהרען אַן אָרקעסטער, אַ חאָר אָדער אַ טאַנץ.

**דיריזשער** (פֿראַנצ.) – לייטער, פֿיהרער פֿון אַן אָרקעסטער, אַ האָר אָדער אַ טאַנץ.

**דירעקט** (לאַט.) – גראַדע, אָהן פֿערמיטלונג.

**דירעקטאָר** (לאַט.) — פֿערוואַלטער, פֿאָרשטעהער.

**דירעקטאָריום** (לאַט.) — 1) פֿאָרשטאַנד פֿון עטליכע בערזאָנען,

וועלכע האָבען דעם חוב צו פיהרען די געשעפטען פון אַנ'אַנשטאַלט אָדער אַ פירמע. 2) העכסטע שטאַטס-פערוואַלטונג אין פראַנקרייך אין יאָהר 1795.

**דירעקטריסע** (לאַט.) — פערוואַלטערין.

**דירעקציע** (לאַט.) – פערוואַלטונג, לייטונג.

**דעאיזמוס** (לאַט.) – גלויבען אין גאָט אויפ'ן גרונד פון פערשטאַנד און נישט פון די געטליכע מיט נסים פערבונדענע אָפענבאַרונג.

**דעבאַטירען** (פראַנצ.) – בעהאַנדלען אַ פראַגע, שפּאַרען זיך, זיך מתוכח זיין.

**דעבאַטע** (פראַנצ.) – פערהאַנדלונגען וועגען אַ פראַגע, וכוה.

**דעבאַנקירען** (פראַנצ.) – צוקלאַפּען איינעם אַ באַנק ביי קאָרטען-שפּיעל.

**דעבאַקלאַזש** (פראַנצ.) – שפּייכלערס פון אַ האַפען.

**דעבאַקלירען** (פראַנצ.) – אויסראָמען פון שיפען.

**דעבוט** (פראַנצ.) – דאָס ערשטע אויפטרעטען (פון אַנ'ארטיסט אויף דער סצענע, אַנ'אַדוואָקאַט מיט אַ רעדע ביי אַ פּראָצעס א. ז. וו.)

**דעבוטאַנט** (פראַנצ.)– דער, וועלכער טרעט דאָס ערשטע מאָל אַרויס (אויף דער סצענע, מיט אַ רעדע א. ז. וו.)

**דעבוטירען** (פראַנצ.) – דאָס ערשטע מאָל אויפטרעטען (אויף דער סצענע, מיט אַ רעדע א. ז. וו.)

**דעביטאָר** (פראַנצ.) – בעל-חוב.

**דעביטירען** – איינשרייבען אויפ'ן חוב, אויפ'ן רעכנונג פון איינעם.

**דעביטום** (לאַט.) – חוב.

**דעבלאָקירען** (פראַנצ.) — 1) אַראָפּנעהמען בלאָקאַדע (ז. ד.) 2) אין דרוקערייען – אַרויסנעהמען פון זאַץ די אותיות, וועלכע זענען געוועזען אַריינגעזעצט על פי טעות, און אַריינזעצען די, וואָס קומען דאָרט.

**דעבעט** (לאַט.) – „ער איז שולדיג"; אין דער בוכהאַלטעריע: 1) מיר קומט, מען איז מיר שולדיג. 2) לינקע זייט בלאַט אין בוכהאַלטעריגע ביכער.

**דעבענט** — ז. דעביטאָר.

**דעגאַזשירען** (פראַנצ.) – בעפרייען (מיליטער, וועלכעס איז אַרומגערינגעלט פון שונא).

**דעגאַזשמאַן** (פראַנצ.) – אָפענהערציגקייט.

**דעגאַרנירען** (פראַנצ.) – אַרויספיהרען דאָס מיליטער פון פעסטונג.

**דעגענעראַנט** (לאַט.)– טיפּ, וועלכער האַלט ביים בטל ווערען, ביים אונטערגעהן.

**דעגענעראַציע** (לאַט.) – בטל ווערען, אונטערגאַנג.

**דעגענערירען** (לאַט.) – אונטערגעהען, בטל ווערען.

**דעגראַדאַציע** (לאַט.)– ערנידריגונג,

דאָס מאַכען מיט אַ שטופע אָדער אַ ראַנג נידעריגער (פון מיליטער-בעאַמטע).

**דעדוקציע** (לאַט.) — אויספיהרונג, בעווייז, בעגרינדונג פון אַן'אַלגעמיינעם כלל מיט דעם, דאָס די פרטים שטימען איין.

**דעדיט** ddt (לאַט.) — „ער האָט געגעבען, בעצאָהלט" — קאָמערציעלע בעצייכנונג אין בוך, דאָס דער חוב איז שוין געדעקט.

**דעדיקאַציע** (לאַט.) — ווידמונג פון אַ ליטעראַריש ווערק עמיצען.

**דעוויז** (פראַנצ.) — 1) אין ווערטער אָדער דורך אַ בילד קורץ אויסגעדריקטער געדאַנק. 2) וועקסעל אויף אַן'אויסלענדישע פירמע.

**דעזאַמבאַלירען** (פראַנ.) — אויספּאַקען פון אַ שיף.

**דעזאָרגאַניזאַציע** (לאַט.) — צושטערונג, אויפלעזונג פון אַן'אָרגאַניזאַציע אָדער אַן'אָרגאַניזירטער פערבינדונג.

**דעזאָרגאַניזירען** (לאַט.) — צושטערען, ברענגען אין אונאָרדנונג.

**דעזאָריענטירען** (לאַט.) — אַראָבפיהרען פון וועג, צושלאָגען דעם ריכטיגען געדאַנק.

**דעזאַרמירען** (פראַנצ.) — צונעהמען דאָס געוועהר, ענטוואָפנען.

**דעזידעריום** (לאַט.) — וואונש, פערלאַנג. (פיום דעזידעריום-פרומער, ד. ה. נישט אויספיהרבאַרער וואונש).

**דעזינפיצירען** (לאַט.) — אויסרייניגען, פערטיליגען אַנשטעקענדיגע שטאָפען.

**דעזינפעקציע** (לאַט.) — רייניגונג פון אַנשטעקענדיגע, צום געזונד שעדליכע שטאָפען.

**דעזערטירען** (פראַנצ.) — ענטלויפען פון מיליטער.

**דעזערטער** (פראַנצ.) — ענטלאָפענע פון מיליטער.

**דעזערציע** (פראַנצ.) — ענטלויפונג פון מיליטער.

**דעטאָנאַציע** (לאַט.) — געזאַנג מיט אַ פאַלשען טאָן.

**דעטאַשמאַן** (פראַנצ.) — אָבטיילונג מיליטער, מיט אַ בעזונדערן, ספּעציעלען צוועק.

**דעטטאָ** — ז. דיטטאָ.

**דעטייל** (פראַנצ.) — איינצעלהייט, פרט.

**דעטייל-האַנדעל, דעטייל-פערקויף** — פערקויף אין קליינע מענגען, צו איינציגע שטיק.

**דעטעקטיוו** (ענג.) — געהיימער פאָליציי-אַגענט.

**דעטערמיניזמוס** (לאַט.) — פילאָזאָפישע וועלט-אַנשויאונג, דאָס עס עקזיסטירט נישט קיין פרייער מענשליכער ווילען, נאָר אַלעס ווערט פריהער בעשטימט, און די מענשליכע מעשים קומען אַלס פאָלגע פון געוויסע, בעשטימטע אורזאַכען; וועלכע דער מענש איז נישט אימשטאַנד צו ענדערען.

**דעטערמינירען** (לאט.) — בעשטימען פריהער.

**דעטראַמפּ** (פראנצ.) — בילד, געמאָלט מיט וואַסער־פאַרב.

**דע יורע** (לאט.) — לויט דעם געזעץ.

**דעלאַטאָר** (לאט.) — מָסור.

**דעלאַציע** (לאט.) — מסירה.

**דעלטאַ** (גריכ.) — גריכישער דלת, האָט די פאָרם פון אַ דרייעק; אַזוי הייסט אויך אַ שטיק לאַנד, וועלכעס איז איינגעשלאָסען פון די מינדונגען פון אַ טייך ביים אריינפאַלען אין ים.

**דעליבעראַטיוו** (לאט.) — בעראַטענד.

**דעליבעראַציע** (לאט.) — בעראַטונג, איבערלעגונג.

**דעלימיטאַציע** (לאט.) — בעשטימונג פון גרענצען.

**דעליקאַט** (לאט.) — פיין, איידעל, שוועכליך.

**דעליקאַטעס** (לאט.) — 1) פיינהייט, 2) נאַשוואַרג.

**דעליקט** (לאט.) — פערברעכען.

**דעלעגאַט** (לאט.) — אויסגעוועהלטער, פערטרעטער פון אַ געמיינדע, אַ געזעלשאַפט אָדער אַ וואהל־קרייז.

**דעלעגאַציע** (לאט.) — 1) שליחות. 2) פערזאַמלונג פון דעלעגאַטען.

**דעלעגירען** (לאט.) — שיקען אַ פערטרעטער.

**דעלפין** (לאט.) — מין ים־חיה.

**דעמאָביליזאַציע** (לאט.) — פרייַלאָזונג פון מיליטער נאָך אַ מלחמה.

**דעמאָביליזירען** (לאט.) — אָבלאָזען מיליטער אַהיים נאָך אַ מלחמה.

**דעמאַגאָג** (גריכ.) — 1) פיהרער פון פראָסטען פאָלק. 2) שטרעבער צו קריגען די איבער־מאַכט מיט דער הילף פון פראָסטען פאָלק.

**דעמאַגאָגיע** (גריכ.) — 1) פאָלקספיהרער. 2) פערפאָלגונג פון אייגענע אינטערעסען אונטער דעם מאַנטעל פון פאָלקס־ליעבע.

**דעמאָלירען** (פראנצ.) — פערניכטען, צורייסען (אַ פעסטונג).

**דעמאָן** (גריכ.) — בייזער גייסט.

**דעמאָנטירען** (פראנצ.) — מאַכען אונטויגבאַר.

**דעמאָנסטראַטיוו** (לאט.) — 1) צום אויסווייזען. 2) צום אויסדריקען געפיהלען.

**דעמאָנסטראַציע** (לאט.) — 1) בעשיינפערליכער בעווייז, 2) פאָרשטעלונג פון פאַקטען, כדי צו בעשטעטיגען אָדער אויסצווייזען אַ וויסענשאַפטליכע טעאָריע. 3) מאַסענוויזער אויסדרוק פון געפיהלען דורך אַ גרויסער פערזאַמלונג א. ד. ג.

**דעמאָנסטרירען** (לאט.) — 1) בעווייזען מיט ביישפיעלען, בעשיינפערליך. 2) אויסדריקען געפיהלען דורך מאַסענפערזאַמלונג, רעדען א. ד. ג.

**דעמאָס** (גריכ.) — פאָלק, געמיינדע.

**דעמאַסקירען** (פראנצ.) — אַראָפּרייסען די מאַסקע, אויפדעקען דעם אמת'ן כאַראַקטער פון אַ פערשטעלטען מענש.

דעמאָקראַט (גריכ.) – אָנהענגער פֿון
דער פֿאָלקס=הערשאַפֿט.

דעמאָקראַטיע (גריכ.) – פֿאָלקס=
הערשאַפֿט, פּאָליטיש סיס=
טעם, בײַ וועלכעם די אויבערמאַכט
געהערט צום פֿאָלק און זײַנע געוועהלטע
פֿאָרשטעהער.

דעמאָראַליזאַציע (לאַט.) – 1) אויס=
וואָרצלונג פֿון גוטע מדות.
2) אָבשוואַכונג פֿון מוט.

דעמאָראַליזירען (לאַט.) – 1) אויס=
וואָרצלען גוטע מדות. 2) אָב=
שוואַכען דעם מוט.

דעמאַרקאַציאָנס=ליניע (פֿראַנצ.) –
גרענץ=ליניע צווישען צוויי מדינות.

דעמאַרקאַציע (פֿראַנצ.) – אָבגרענ=
צונג, גרענצענבעשטימונג.

דעמואַזעל (פֿראַנצ.) – פֿרײַלין.

דעמי (פֿראַנצ.) – האַלב, ווערט צוגע=
געבען צו פֿיעל ווערטער,
וועלכע שטאַמען פֿון פֿראַנצויזישען,
למשל:

דעמיורג (גריכ.) – בעל=מלאכה, בע=
זונדערע קלאַס בירגער
אין פֿאַרצײַטיגען אַטען (הויפּטשטאָדט פֿון
גריכענלאַנד).

דעמיטור — האַלבער דרעה, האַלבע
ווענדונג (בײַם טאַנצען).

דעמענטי (פֿראַנצ.) – הכחשה; אויס=
ווײַזונג, אַז די געבראַכטע
ידיעה איז פֿאַלש.

דעמענטירען (פֿראַנצ.) – אָבלײַקנען,
אויפֿווײַזען אַ ליגען.

דענאַטוראַליזירען (לאַט.) – צונעה=
מען די בירגער=רעכט.

דענאַטורירען (לאַט.) – ענדערען די
נאַטור פֿון אַ שטאָף דורך
צומישונג פֿון אַנדערע שטאָפֿען (למשל:
דענאַטורירטער ספּירט).

דענאַציאָנאַליזירען (לאַט.) – אויס=
וואָרצלען די נאַציאָנאַלע אײַ=
גענשאַפֿטען, צונעהמען די נאַציאָנאַלע
ניטער.

דענדי (ענג.) – וואוילער יונג.

דענדראָגראַפֿיע (גריכ.) – בעשרײַ=
בונג פֿון בוימער.

דענדראָלאָגיע (גריכ.) – לעהרע ווע=
גען בוימער.

דענדראָמעטער (גריכ.) – בוים=
מעסטער.

דענדראָמעטריע (גריכ.) – קונסט
פֿון בוימער=מעסטען.

דענדריטען (גריכ.) – שטײנער מיט
אָבבילדונגען (פֿון דער נאַטור
פֿון בוימער און אַנדערע פּפֿלאַנצען.

דענונציאַט (לאַט.) – בעשולדיגטער,
פֿער'מסר'טער.

דענונציאַטאָר, דענונציאַנט
(לאַט.) – בעשולדיגער, מסור,

דענונציאַציע (לאַט.) – בעשולדיגונג,
מסירה.

דענונצירען (לאַט.) – בעשולדיגען,
מסר'ן.

דענעגאַציע (לאַט.) – לײקענונג,

דענעגירען (לאַט.) – לײקענען, ניש
מודה זײַן.

**דעֶסטילאַציעֶ** (לאַט.) – רייניגונג פֿון פֿליסיגקייטעֶן (וואַסעֶר, ספּירי־טוס א. ד. ג.) דורך קאָכעֶן.

**דעֶסטילירעֶן** (לאַט.) – ריינִיגעֶן פֿליסיג־קייטעֶן פֿון צומישונגעֶן דורך קאָכעֶן.

**דעֶסעֶן** (פֿראַנצ.) – צייכנונג, מוסטעֶר אויף מאַנופֿאַקטור־אָדעֶר גאַ־לאַנטעֶריע־סחורות.

**דעֶסעֶרט** (פֿר.) – נאָכשפּייזעֶ.

**דעֶספּאָט** (גריכ.) – שטרעֶנגעֶר העֶר־שעֶר, וועֶלכעֶר רעֶגיעֶרט זיך נאָר מיט זיין ווילעֶן און נישט מיט דעֶר טובה פֿון די אונטעֶרטאַנעֶן.

**דעֶספּאָטיזמוס, דעֶספּאָטיעֶ** (גר.) אונבעֶגרעֶנצטעֶ העֶרשאַפֿט פֿון אונגעֶזעֶצליכקייט און ווילקיר.

**דעֶספּעֶראַט** (לאַט.) – פֿעֶרצווייפֿעֶלט.

**דעֶספּעֶראַציעֶ** (לאַט.) – פֿעֶרצווייפֿלונג.

**דעֶסקריפּציעֶ** (לאַט.) – בעֶשרייבונג.

**דעֶפּאָ** (פֿראַנצ.) – לאַגעֶר פֿון סחורות.

**דעֶפּאָזיט** (לאַט.) – זאַך אָדעֶר קאַפּי־טאַל, וועֶלכעֶס מעֶן גיט אוועֶק צו בעֶהאַלטעֶן.

**דעֶפּאָזיטאָר** (לאַט.) – ווער עֶס גיט עֶפּעֶס אַוועֶק צו בעֶהאַלטעֶן.

**דעֶפּאָזיטאָריום** (לאַט.) – אָרט אויף צו היטעֶן וויכטיגעֶ פּאַפּירעֶן אָדעֶר געֶלד און טייעֶרעֶ חפצים.

**דעֶפּאָנירעֶן** (לאַט.) – איינלעֶגעֶן געֶלד אָדעֶר חפצים אויף צו היטעֶן.

**דעֶפּאָסעֶדירעֶן** (לאַט.) – אַרויסיאָגעֶן איינעֶם פֿון זיין הויז אָדעֶר גוט; צונעֶהמעֶן יעֶנעֶמ'ס גוט.

**דעֶפּאָרטאַציעֶ** (לאַט.) – פֿעֶרשיקונג אין וויטעֶ מקומות אַלס אַ שטראָף.

**דעֶפּאָרטירעֶן** (לאַט.) – פֿעֶרשיקעֶן פֿאַר פֿעֶרברעֶכעֶן אין וויטעֶ מקומות.

**דעֶפּאַרטעֶמעֶנט** (פֿראַנצ.) – 1) רעֶגי־רונגס־אָבטיילונג. 2) פּראָ־ווינץ אין פֿראַנקרייך.

**דעֶפּוטאַט** (לאַט.) – פֿאָרשטעֶהעֶר, פֿעֶרטרעֶטעֶר.

**דעֶפּוטאַציעֶ** (לאַט.) – שליחות פֿון פֿאָרשטעֶהעֶר, פֿעֶרזאַמלונג פֿון פֿאָרשטעֶהעֶר.

**דעֶפּוטירעֶן** — שיקעֶן דעֶפּוטאַטעֶן.

**דעֶפּילאַטאָריום** (לאַט.) – מיטעֶל, די האָר זאָלעֶן אויסקריכעֶן.

**דעֶפּילאַציעֶ** (לאַט.) – אויסקריכונג פֿון האָר.

**דעֶפּלאַסירעֶן** (פֿראַנצ.) – פֿעֶרנעֶהמעֶן עֶמיצעֶנס שטעֶלעֶ, אַרויס־דריקעֶן.

**דעֶפּעֶנדעֶנט** (לאַט.) – אָבהעֶנגיגעֶר, אונטעֶרטאַן.

**דעֶפּעֶנדעֶנץ** (לאַט.) – אָבהעֶנגיגקייט, אונטעֶרטעֶניגקייט.

**דעֶפּעֶשעֶ** (פֿר.) – שנעֶלעֶ שריפֿטליכעֶ ידיעה.

**דעֶפּעֶשירעֶן** (פֿר.) – שיקעֶן געֶשווינד ידיעות, שיקעֶן דעֶפּעֶשעֶן.

**דעֶפּראַוואַציעֶ** (לאַט.) – פֿעֶרדאָרבעֶנ־הייט.

**דעֶפּרימירעֶן** (לאַט.) – 1) אַראָבדרי־קעֶן. 2) צונעֶהמעֶן דעֶם מוטה.

**דעפּרעסיע** (לאט.) – 1) זינקונג, אראָבּ־פאַלונג. 2) שלעכטער זעלענ־צושטאַנד, אָהן מוט.

**דעפּאַמירען** (לאט.) – מוציא שם רע זיין, בעשמוצען עמוצען׳ס נאָמען.

**דע פאַקטאָ** (לאט.) – לויט דער ווירק־ליכקייט, פאַקטיש.

**דעפאָרמאַציע** (לאט.) – ענדערונג פון דער פאָרם.

**דעפאָרמירען** (לאט.) – ענדערן די פאָרם, די מענשליכע געשטאַלט.

**דעפיגוראַציע** (לאט.) – פערענדערונג פון געשטאַלט, פערדאַרבונג פון א פיגור.

**דעפיניטיוו** (לאט.) – בעשטימט, ענד־גילטיג.

**דעפיניציע** (לאט.) – בעשטימונג, ער־קלערונג פון אַ בעגריף.

**דעפינירען** (לאט.) – בעשטימען, ער־קלערען א בעגריף.

**דעפיציט** (לאט.) – „עס פעהלט״ – איבערשטייגונג פון די הוצאות איבער די הכנסות.

**דעפענדירען** (לאט.) – פערטיידיגען, בעשיצען.

**דעפענזאָר** (לאט.) – פערטיידיגער, בעשיצער.

**דעפעקט** (לאט.) – חסרון; זאך, וועל־כע פעהלט.

**דעפּראַוואַציע** (לאט.) – שווינדעל, אויסנאַרונג פון שטייער־נעל־דער אונגעזעצליך.





**דעצי** (לאט.) – צעהנטעל: ווערט צו־געלייגט צו ווערטער, למשל: דעצימעטר – $^1/_{10}$ מעטער, דעצילוטער – $^1/_{10}$ ליטער א. ז. וו.

**דעצידירען** (לאט.) – ענטשיידען, בע־שטימען, מחליט זיין.

**דעציזיע** (לאט.) – החלטה, בעשלוס, בעשטימונג.

**דעצימאַל־ברוך** — ברוך (שבר), ביי וועלכען דער נענער בע־שטעהט פון 100,10 א. ז. וו., ד. ה. פון 1 מיט נולען.

**דעצימאַל־מאָס** — מאָס, וועלכע ווערט געטיילט אין 10 חלקים, אלס קלענערע מאָסען, (מעטער, גראַם, ליטער א. ד. ג.).

**דעצימאַציע** (לאט.) – 1) ערמאָרדונג פון יעדען צעהנטען (אלס שטראָף פאר א בונט אין מיליטער). 2) מאַסען־ערמאָרדונג.

**דעצימירען** (לאט.) – בעשטראָפען מיט׳ן טויט מאַסען־ווייז.

**דעצימע** (לאט.) – דער צעהנטער טאָן אין דער מוזיק.

**דעצעם** (לאט.)— צעהן.

**דעצעמבער** (לאט.) – דער 12־טער חודש אין קריסטליכען יאָהר (ביי די פערצייטיגע רוימער – דער צעהנטער) האָט 31 טאָג.

**דעצעמווירען** (לאט.) — 10 מענער, 10 זקנים, געזעצגעבער אין פאַרצייטיגען רוים.

**דעצענטראַליזאַציע** (לאט.) —

-זעלבסט-פערוואַלטונג פון שטעדט און געמיינדען און דער מדינה.

**דעצענטראַליזירען** (לאַט.) — אי-בערטראָגען די פערוואַלטונג איבער שטאָדט-און געמיינדע-אַנגעלע-גענהייטען פון דער צענטראַלער רע-גירונג אין די שטעדט און געמיינדען גופא.

**דעצעניום** (לאַט.) — 10 יאָהר.

**דעקאַ** (גריכ.) — צעהן. קומט פאַר פונעל ווערטער צום בעצייכנען „10 מאָל", למשל: דעקאַגראַם — 10 גראַם, דעקאַליטער — 10 ליטער.

**דעקאַבר** — רוסישער נאָמען פון דע-צעמבער.

**דעקאַבריסטען** — רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָבען גענומען אַנ-טהייל אין דעם אויפשטאַנד קעגען דעם רוסישען קייזער ניקאָלײַ דעם ערשטען (דעם 14 (26) דעקאַבר 1825).

**דעקאַדאַנס** (פר.) — דאַס זינקען: נײַע שטרעמונג אין ליטעראַטור און קונסט צו סימבאָליסטישע שילדע-רונג און פערדונקעלונג פון דעם אונהאַלט.

**דעקאַדע** (גריכ.) — 1) 10 טאָגיגע וואָך בײַ די פאַרצײַטיגע גריכען און אין פראַנקרײַך נאָך דער ערשטע רעוואָלוציע, וועלכע האָבען געטהיילט דעם חודש אויף דרײַ וואָכען.

**דעקאַדענט** (פר.) — 1) מחבר אָדער קינסטלער, וועלכער האָט ליעב די דעקאַדאַנס. 2) מענש, וועל-כער וויל לויט זײַן אויסערליכקײַט,

קליידונג און בעגעהמונגען בילדען איין אויסנאַהם פון דער געזעלשאַפט; אַנ-אָריגינאַל.

**דעקאָלאָראַציע** (לאַט.) — דאָס אַרויס-נעהמען פון פאַרבען און גע-פאַרבטע שטאָפען.

**דעקאָלטע** (פר.) — אויסגעשניטען בײַם האַלז און די ברוסטען (בײַ דאַמען-קליידער).

**דעקאַמעראָן** (גריכ.) — מעשה פון 10 טאָג, בוך פון איטאַליענישען פּאָעט באָקאַטשיאָ.

**דעקאָמפּאָזיציע** (לאַט.) — צערליי-זונג, פונאַנאַנדערנעהמונג.

**דעקאָמפּאָנירען** (לאַט.) — צערלייזען, פונאַנאַנדערנעהמען.

**דעקאַן** (לאַט.) — פאָרשטעהער פון אַ פאַקולטעט.

**דעקאַנאַט** (לאַט.) — שטעלע פון אַ דעקאַן, קאַנצעלאַריע פון אַ דעקאַן.

**דעקאָקט** (פר.) — אַראָבברעכונג.

**דעקאַפּיטאַציע** (לאַט.) — דאָס קע-פען, דעם קאָפּ אַראָבנעהמען.

**דעקאָנט** (לאַט.) — אָבגעזײַט וואַסער, אין וועלכען עס האָט זיך אויסגעקאָכט אַ גראָזוואַרג, אַ קרײַטאַכץ.

**דעקאָראַטאָר** (פר.) — פערבוצער, פערצירער (פון טעאַטער-סצענען, קאָנצערט-זאַלען א. ד. ג.)

**דעקאָראַציע** (פר.) — פערצירונג, פערבוצונג (פון טעאַטער-סצענען, קאָנצערט-און פערזאַמלונגס-זאַלען א. ד. ג.)

**דעקאָרט** (פראַנצ.) — אָראָבּרעכנונג פון פּרייז, אויב די סחורה איז עפּעס קאַליע געוואָרען.

**דעקוראַזשירען** (פראַנצ.) — אָבּנעהמען דעם מוטה.

**דעקלאַמאַטאָר** (לאַט.) — קונסטלער אין פאָרלעזען פון שען-ליטעראַרישע שטיקער.

**דעקלאַמאַציע** (לאַט.) — אויסדרוקס-פולע פאָרלעזונג פון אַ שען-ליטעראַריש (מייסטענס פּאָעטיש) שטיק.

**דעקלאַמירען** (לאַט.) — אויסדרוקס-פול מיט דייטליכער און ריכטיגער בעטאָנונג פאָרלעזען שען-ליטעראַרישע שטיקער.

**דעקלאַראַציע** (לאַט.) — 1) ערקלערונג. 2) צעטעל פון סחורות (אויף דער צאָל-קאַמער), פון פערמעגען (ביי אַ באַנקראָט) א. ז. וו.

**דעקלאַרירען** (לאַט) — 1) אָבּגעבען אַן ערקלערונג. 2) אויסשרייבען אַ צעטעל (פון סחורות א. ד. ג.).

**דעלינאַציע** (לאַט.) — 1) אָבּנייגונג. 2) אין דער גראַמאַטיק — דאָס ענדערען די ענדונגען פון ווערטער.

**דעקסטרין** — מין קלעב-מאַטעריאַל, קראָכמאַל-פּראָדוקט.

**דעקרעדיטירען** (פר.) — קאַליע מאַכען דעם קרעדיט אָדער די רענאָמע.

**דעקרעט** (לאַט.) — 1) החלטה, בעשלוס. 2) בעפעהל פון דער העכערער מאַכט.

**דעקרעטאַליען** (לאַט.) — ערקלערונגען פון פּאַפּסט.

**דעקרעשטשענדאָ** (איט.) — אָבּנעהמענדיג, ווערענדיג שוואַכער.

**דעראָגאַציע** (לאַט.) — ענדערונג פון איינציגע פּונקטען אין אַ געזעץ.

**דערוויש** (פּרס.) — מחמד'אַנישער נזיר.

**דעשאַרזש** (פראַנצ.) — קוויטונג, ערקלערונג פאַר ריכטיג (אַ רעכנונג, בעריכט פון אַ פערזאַמלונג).

**דעשיפרירען** (פראַנצ.) — איבערלעזען שיפרירטע שריפט, געפינען דעם שליסעל.

**דר.** — אָבקירצונג פאַר „דאָקטאָר".

**דראַגאָמאַן** (טורק.) — איבערזעצער אין טערקיי און אין אַנדערע מורח-לענדער.

**דראַגונער** (איט.) --- לייכט-בעוואָפענטע רייטער און סילוטער.

**דראָגיסט** (פראַנצ.) — סוחר פון אַפּטייקער- און פאַרב-סחורות.

**דראַזשע** (פראַנצ.) — צוקער-קערנדלעך מיט מעדיצין-מיטלען אין זיי.

**דראַכמע** (גריכ.) — 1) גריכישע מטבע. 2) אַפּטייקער-געוויכט.

**דראַמאַ** (גריכ.) — פאָרשטעלונג דורך טהאַטען, געשפּרעכען און בעוועגונגען אויף דער סצענע פון עפּעס אַ געשעהעניש.

**דראַמאַטורג** (גר.) -- דראַמען-שרייבער.

**דראַמאַטורגיע** (גריכ.) — קונסט צו שרייבען און פאָרצושטעלען דראַמען.

**דראַמאַטיזירען** (גריכ.) – בעשרייבען, פאָרשטעלען אין דער פאָרם פון אַ דראַמאַ.

**דראַמאַטיש** (גריכ.) – וואָס איז שייך צו דער דראַמאַ, אויפ'ן שטייגער ווי אין אַ דראַמאַ.

**דראַפּ** (פראַנצ.) – שטאַרקער כאָרט טוך.

**דראַפּירען** (פראַנצ.) – 1) פערבוצען מיט טוך. 2) שען אויסהענגען און פערלעגען פאָרהאַנגען.

**דראַפּעריע** (פראַנצ.) – שען פערלעגטע פאָרהאַנג.

**דראַקאָנישע געזעצע** – שטרענגע, האַרטע געזעצע (דראַקאָן איז געוועזען אַ געזעצגעבער ביי די פּאַרצייטי־גע אַטהענער פון אַלטען גריכישע הויפּט־שטאָדט], וואָס אין זיינע געזעצען איז גע־וועזען פאָרגעשריבען דער טויט־שטראָף פאַר די קלענסטע זינד).

**דראָשקע** (רוס.) – פּאַסאַזשיר־וועגעלע מיט איין אָדער צוויי פערד.

**דרוזען** — אַ כאַלק אין כיריען.

**דרווידען** — קעלטישע כומרים.

**דרענאַזש** (פר.) – טריקענונג פון גרונד, פון ערד, וועלכע ענטהאַלט צופיעל וואַסער.

**דרענירען** (פראַנ.) – אָבציהען פייכט־קייט פון ערד.

**דרעסירען** (פראַנצ.) – אויסלערנען אָדער געוואָהנען צו עפּעס אַ חיה.

## ה.

**האַגיאָגראַפען** (גריכ.) – 1) ביאָגראַ־פיען פון הייליגע מענער. 2) כתובים: ד. ה. תהלים, משלי, איוב, שיר השירים, רות, איכה, קהלת, אסתר, דניאל, עזרא, נחמיה, דברי־הימים.

**האַדזשאַ** (אַראַב.) — עולה לרגל זיין. דאָס פאָהרען קיין מעקאַ ביי די מהמד'נער.

**האַדעס** (גריכ.) – גיהנום, אונטער־וועלט ביי די גריכען.

**האַוואַנאַ** — הויפּט־שטאָדט פון דער אינזעל קובאַ, פון וואַנען מען ברענגט גוטע ציגאַרען, וועלכע הייסען אויך אַזוי.

**האַוואַריע** (שפּאַנ.) – 1) אַלע שאָדענס אין קאָסטען ביי אַ רייזע אויפ'ן ים. 2) שאָדען פון סחורות אויף די אייזענבאַהן.

**האַמאַגאַן אָדער יאַמאַגאַן** (טורק.) – ברייטער טערקישער קינזשאַל.

**האַטישעריף** (טורק.) — בעפעהל פון טערקישען סולטאַן מיט זיין אייגענער אונטערשריפט.

**האָטעל** (פראַנצ.) – גרויסע, שענע אַכסניה.

**האָלאָגראַף** (גריכ.) – דאָקומענט, גע־שריבען מיט אייגענער האַנד.

**האָלאָגראַפישער טעסטאַמענט** (גר.–לאַט.) – צוואָה, געשריבען מיט אייגענער האַנד.

**האַלוצינאַציע** (לאַט.) – פאַלש זעהונג

פאָרשטעלונג פון בילדער, וועלכע זעניען
און דער ווירקליכקייט גישטא, נאָר צו-
ליעב אַ נערווען-שוואַכונג דאַכט זיך, אַז
מען זעהט זיי.

**האַלע** (פראַנצ.) — גרויסע געביידע, מייסטענס מיט קראָמען און מאַרק-ביידלעך.

**האַלציאָנע** (גר.) — אייז-פויגעל, זעהר אַ רוהיג בעשעפעניש, דערפון

**האַלציאָניש** (גריכ.) — רוהיג, שטיל.

**האָמאָגען** (גריכ.) — גלייכאַרטיג, פון'ם זעלבען מין.

**האַמאַדריאַדע** (גריכ.) — בוים-נימפע.

**האָמאָלאָג** (גריכ.) — ענטשפּרעכענד, פון עהנליכער בעציהונג.

**האַמאַם** (אַראַב.) — מרחץ און טערקיי.

**האָמאָנימען** (גריכ.) — ווערטער, וועלכע האָבען פערשיעדענע בעדייטונגען.

**האַמאַק** (פראַנצ.) — פון שטריק געפלאָכטען בעטעל אויף אָנצובינדען צו בוימער.

**האָמילעטיק** (גריכ.) — לעהרע וועגען פרעדיגען און קירכען און דרשות האַלטען און שוהלען.

**האָמעאָפּאַטיע** (גריכ.) — היילמעטאָדע, וועלכע האַלט, דאָס געגען אַ קראַנקהייט דאַרף מען בענוצען נאָר אַזאַלכע מיטעל, וועלכע קאָנען ביי אַ געזונדען אַרויסרופען די דאָזיגע קראַנקהייט.

**האָמרולער** (ענג.) — פּאַרטיי פון אירלענדישע דעפּוטאַטען און ענגלישען פּאַרלאַמענט, וועלכע פאָדערן אַ זעלבסטשטענדיגע רעגירונג פאַר אירלאַנד מיט אַ פּאַרלאַמענט און דער שפּיץ.

**האָנאָר** (לאַט.) — עהרע, כבוד.

**האָנאָראַבעל** (לאַט.) — עהרענפול, אָנשטענדיג.

**האָנאָראַר** (לאַט.) — לוין, פערגיטיגונג פאַר גייסטיגע אַרבייט פון פאַרשטעהער פון די ליבעראַלע פּראָפעסיעס (לעהרער, שרייבער, דאָקטוירים א. ד. ג.)

**האַנדלאַרזש** (פּויל.) — הענדלער: קויפער פון אַלט-וואַרק, וועלכער געהט אַרום איבער די הויפען און וואַרשע.

**האָנוועד** (אונג.) — אונגאַרישע פאָלקס-מיליציע.

**האַנזע** (אַלט-גערם.) — פערבינדונג פון האַנדעלס-שטעדט.

**האָס** (פראַנצ.) — קורסען-שטייגערונג אויף דער בירזשע.

**האָסיער** (פראַנצ.) — שפּעקולאַנט צו הויבען די קורסען אויף דער בירזשע.

**האָסטיע** (לאַט.) — 1) קרבן. 2) הייליג ברויט (לחם הפנים) און קירכען.

**האָספּיטאַל** (לאַט.) — ז. שפּיטאָל.

**האָספּיטאַנט** (לאַט.) — צייטווייליגער בעזוכער (אלם גאַסט) פון אַנ'אָרט אָדער אוניווערזיטעטס-פאָרלעזונגען.

**האָפּליטען** (גריכ.) — שווער בעוואָפענטע קריגעס-לייט ביי די פאַרצייטיגע גריכען.

**האָקוספּאָקוס** — קונצען=מאַכעריי, פּערבלענדעניש.

**האָראָסקאָפּ** (גריכ.) — לאַגע פֿון די שטערען און דעם גאַנג פֿון עמיצענס געבוירען ווערען, לויט וועלכער די אַסטראָלאָגען פּלעגען פּאָראויס זאָגען דעם גורל פֿון דעם נייגעבוירענעם.

**האָרדע** (מאָנג.) — וואַנדערנדער, נאָמאַדישער שבט.

**האָרטיקולטור** (לאַט.) — גאָרטען־אַרבייטען, בעשעפֿטיגונג מיט פּפֿלאַנצען און בעאַרבייטען פֿון גאָרטען=געוויקסען.

**האָריזאָנט** (גריכ.) — געזיכטסקרייז, דאָס שטיק ערד=אָבערפֿלעכע, וועלכע דער מענש קאָן זעהען מיט דעם פֿרייען אויג.

**האָריזאָנטאַל** (לאַט.) — פֿון דער זעלבער לאַגע, וואָס דער גלאַטיגער האָריזאָנט אָדער פּאַראַלעל צו איהם.

**האַרמאַטאַן** — שטאַרקער, הייסער ווינד אין מזרח=אַפֿריקא.

**האַרמאָניע** (גריכ.) — איבעראיינשטימונג, צוזאַמענקלאַנג, צופּאַסונג (הויפּטזעכליך אין דער מוזיק).

**האַרמאָניקאַ** (גריכ.) — קליינער מוזיקאַלישער אינסטרומענט.

**האַרמאָניזירען** (גריכ.) — איינשטימען, צוזאַמענפּאַסען, פּאַסען איינס צום אַנדערען.

**האַרמאָניש** (גריכ.) — איינינ, איינשטימיג, צופּאַסענד איינס צום אַנדערען.

**האַרעם** (אַראַב.) — פֿרויען=אָבטהיילונג אין טערקישע, אַראַבישע א. ז. וו. הייזער.

**האָרען** (לאַט.) — געטינגען פֿון דער צייט אין דער גריכיש=רוימישער מיטאָלאָגיע.

**האַרפּאַגאָן** — זעהר קאַרגער מענש (פֿון דעם נאָמען פֿון דעם הויפּטהעלד אין מאָליער'ס קאָמעדיע „קאַרגער").

**האַרפּיען** (גריכ.) — מאוסע, רויבערישע ווייבליכע בעשעפֿענישען מיט פֿליגעל (אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע).

**האַרפֿע** — ז. אַרפֿע.

**האַשיש** (אַראַב.) — בעשכורונגס=מיטעל פֿון אינדישע קאַנאַפּליע, וועלכעס ווערט אין די מזרח=לענדער געקייט און גערויכערט.

**הוזאַר** (אונג.) — לייכטער רייטער.

**הויז אָף לאָרדס** (ענג.) — לאָרדען=הויז, אויבער=הויז אין ענגלישען פּאַרלאַמענט.

**הויז אָף קאָמענס** (ענג.) — הויז פֿון די פּשוטע, אונטער=הויז אין ענגלישען פּאַרלאַמענט.

**הוליען** (פּויל.) — לעבען, לוסטיג, אַרום=לעבען.

**הולטיי** (פּויל.) — פֿערשווענדער, געלד=פֿערברייגער אויף טרינקען, קאָרטען=שפּיעלען א. ד. ג.

**הומאַן** (לאַט.) — מענשליך, מענשען=פֿריינדליך.

**הומאַניזירען** (לאַט.) — מענשליך מאַכען, פֿעראיידלען.

**הומאַניזמוס** (לאַט.) – 1) בעשעפטיגונג מיט ריין מענשליכער, גייסטיגער בילדונג. 2) שטודיום פון קלאַסישע שפּראַכען און ליטעראַטור.

**הומאַניסט** (לאַט.) – ווער עס בעשעפטיגט זיך מיט הומאַניזמוס.

**הומאַניטאַר** (לאַט.) – מענשען-פריינדליך, גוטס טוענדיג פאַר די מענשהייט.

**הומאַניטאַריזמוס** (לאַט.) – לעהרע וועגען מענשען-ליעבע, אַנשויאונג, דאָס די מעשים פון יעדען איינצעלנען דאַרפען זיין געריכטעט לטובת די גאַנצע מענשהייט.

**הומאַניטעט** (לאַט.) – מענשליכקייט, מענשען-פריינדליכקייט; אַלזייטיגע אויסבילדונג פון דעם מענשליכען גייסט און קערפּער, לויט דעם אידעאַל פון די קלאַסיקער.

**הומאָר** (לאַט.) – איינענטליך „פייכטיגקייט": וויציגער אַרט שרייבען, וואו עס ווערט גוטהערציג, נאַאיוו אָבגעלאַכט פון מענשליכע שוואַכקייטען.

**הומאָריסט** (לאַט.) – מענש, וועלכער האָט הומאָר אָדער שרייבט מיט הומאָר.

**הומאָריסטיש** (לאַט.) – וויציג, מיט נאַאיווען אָבלאַכען.

**הומבאָג** (ענג.) – אונגלויבבאַרע, שטאַרק-סענסאַציאָנעלע ידיעה.

**הומוס** (לאַט.) – וואַכע ערד, אויבערשטע ערד-שיכטע, וועלכע איז גוט צו אַגריקולטור.

**הונען** – אַלט-גערמאַניש, האַלב-ווילד פאָלק.

**הוסיטען** — אָנהענגער פון דעם טשעכישען רעפאָרמאַטאָר און קעמפּפער קעגען קאַטאָליציזמוס, יאָהאַן הוס, וועלכער איז פערברענט געוואָרען אין יאָהר 1415.

**הוריען אָדער גוריען** (אַראַב.) – אייביג יונגע, אונשולדיגע שענע מיידלעך אין מהמד'ישען גן-עדן.

**הורמוזד** (פּרס.) – גאָט פון ליכטיגקייט און גוטס ביי די פאַרצייטיגע פּרסים.

**היאַליט** (גר.) – ווייסער אָדער גרינער דורכזיכטיגער אָפּאַל.

**היאַצינט** (גריכ.) געלב אָדער רויט געפאַרבטער דורכזיכטיגער צירקאָן (טיין עדעלשטיין).

**היבעריער** (לאַט.) — פאַרצייטיגע איינוואָהנער פון פירענעאישען האַלב-אינזעל.

**היבּרידען** (גריכ.) – 1) בעשעפּעניסען, וועלכע קומען אַרויס פון צוויי פערשידענע מינים. 2) מענשען, וועלכע קומען אַרויס פון עלטערען פון 2 פערשידענע ראַסען.

**היגיעאַ** (גר.) – געטין פון געזונדהייט.

**היגיענע** (גריכ.) – לעהרע וועגען היטען דאָס געזונד און זיך אָבהיטען פון קראַנקהייטען.

**היגראָלאָגיע** (גריכ.) – לעהרע וועגען די פייכטקייט און דער לופט.

**הידאַלגאָ** (שפּאַנ.) – קליין-אַדעלינגער.

מענש פון נידעריגען אדעל און שפאנ־
יען.

**הידראָגען** (גריכ.) — וואסערשטאָף, לייכטעסטער גאזפערמיגער, דורכזיכטיגער, ברענבארער חעמישער עלעמענט.

**הידראָגראפיע** (גריכ.) — בעשרייבונג פון די וואסערן, הויפטזעכליך פון די אָצעאנען, ימים און טייכען.

**הידראָדינאמיק** (גריכ.) — לעהרע וועגען די בעוועגונג פון פליסיגקייטען.

**הידראט** (גריכ.) — פערבינדונג פון וואסער מיט מעטאלאָקסידען.

**הידראָמאנטיע** (גריכ.) — כשוף לויט דער בעוועגונג פון וואסער.

**הידראָמעטער** (גריכ.) — אינסטרומענט צו מעסטען די שווערקייט, געדיכטקייט, געשווינדקייט און קראפט פון פליסיגקייטען.

**הידראָמעטער, הידראָסקאָפ** (גריכ.) — אינסטרומענט צו מעסטען די פייכטיגקייט אין דער לופט.

**הידראָסטאטיק** (גריכ.) — לעהרע וועגען גלייכגעוויכטס־צושטאנד פון פליסיגקייטען.

**הידראָסטאטישע וואָג** — וואָג צום בעשטימען דאס ספעציפישע געוויכט פון פערשידענע שטאָפען.

**הידראָפאטיע** (גריכ.) — וואסער־היילונג (מיט בעדער, וואשען דעם קערפער א. ז. וו.)

**הידראָפאָביע** (גר.) — מורא פאר וואסער.

**הידראוליק** (גריכ.) — 1) לעהרע פון וואסער־קרעפטען. 2) קונסט פון וואסערלייטונגען.

**הידראולישע פרעסע** — פרעסע וועלכע ווירקט מיט דער הילף פון וואסער־דרוק.

**הידרע** (גריכ.) — 1) וואסער־שלאנג. 2) אין דער מיטאָלאָגיע — א שלאנג מיט פיעל קעפ, וועלכע פלעגען פאר יעדעס מאל צוריק אָנוואקסען, אויב מען פלעגט זיי אָבהאקען.

**היידאמאק, היידוק** (טורק.) — 1) אנטלאָפענער פון טוליטער ביי די טערקען. 2) רויבער. 3) רויהער גראָבער מענש. 4) פעראכטונגס־נאָמען ביי די פאָליאקען פאר די קליינרוסען און רוטענען.

**היידפארק** (ענג.) — גרויסער פארק אין לאָנדאָן.

**הילפספעראיין** (דייטש) — חברת „עזרה" אין בערלין — פעראיין פון דייטשע יודען מיט דעם צוועל צו שטיצען פעראומגליקטע יודען פון אנדערע מדינות, הויפטזעכליך פון די מזרח־לענדער.

**הימנע** (גריכ.) — לויב־געזאנג (וועגען גאָט אָדער נאציאָנאלע).

**הימענעאָס** (גריכ.) — גאָט פון חתונה־האבען.

**היסטאָלאָגיע** (גריכ.) — לעהרע פון די געוועבער אין די קערפערס פון מענשען און חיות.

**היסטאריע** (גריכ.) — געשיכטע.

בעשרייבונג און פאָרשונג פון שטאַאַט-
ליבען, פּאָליטישען לעבען פון פעלקער.

**היסטאָריקער** (גריכ.) – געשיכטע-שרייבער.

**היסטאָריש** (גריכ.) – וואָס האָט אַ שייכות צו געשיכטע.

**היסטעריע** (גריכ.) – נערווענקראַנקהייט, וועלכע בעשטעהט אין אונמיטעלבאַרע איבערגאַנגען פון פרייד צו טרויער, און אויסברוכען פון געוויין און געלעכטער איינס נאָכ'ן אַנדערען.

**היעראָגליפען** (גריכ.) – הייליגע, געהיימע שריפט שריפט פון די פאַרצייטיגע מצריים.

**היעראַרכיע** (גריכ.) – הערשאַפט פון גייסטליכע.

**היפּאָגריף** (גריכ.) – פערד מיט פליגעל, אויף וועלכען עס רייטען די מוזען, פליהענדיג אין דער לופטען.

**היפּאָדראָם** (גריכ.)–פּלאַץ פאַר פערד-רענען (סקאַטשקעס, ווישציגעס).

**היפּאָטעזע** (גריכ.) – מיינונג, וועלכע איז נאָך נישט שטרענג בעוויזען און דיענט צו ערקלערונג פון אַ גאַנצע רייהע ערשיינונגען.

**היפּאָטעטיש** (גריכ.) – נישט זיכער געשטעלט, נישט גרונדליך בעוויזען, אָבער פון די טהאַט-זאַכען נישט אָבגעלייקענט.

**היפּאָטענוזע** (גריכ.) – גרעסטע זייט פון אַ רעכטווינקליגען דרייעק, ד. ה. די זייט, וועלכע ליענט קעגען איבער דעם רעכטען ווינקעל.

**היפּאָטעק** (גריכ.) — דאָס רעכט פון דעם, וועלכער באָרגט געלד אַנ'איינענטימער פון אַ הויז אָדער אַ גוט, צו פערקויפען דאָס הויז אָדער דאָס גוט, ווען זיין בעל-הבית צאָהלט נישט דעם חוב צו דער צייט.

**היפּאָטעק-באַנק** (גריכ.-דייטש) — באַנק צו באָרגען געלד אויף לאַנגע טערמינען איינענטימער פון הייזער און גיטער.

**היפּאָכאָנדריע** (גריכ.) — גייסטיגע קראַנקהייט, אַרט מרה-שחורה.

**היפּאָכאָנדריק** (גריכ.) — גייסטיגער קראַנקער, געהט שטענדיג אַרום פאַר'חושכ'ט און פיהלט זיך נאָר אונגליקליך און ניעדערגעשלאָגען.

**היפּאָמאַניע** (גריכ.) — שטאַרקע ליעבהאָבעריי פון פערד.

**היפּאָפּאָטאַם** (גריכ.) — טייך-פערד, נילוס-פערד.

**היפּיאַטער** (גריכ.) — פערד-דאָקטאָר.

**היפּנאָזיס** (גריכ.) — קונסטליכע איינשלעפערונג.

**היפּנאָטיש** (גריכ.) — וואָס איז פעהיג איינצושלעפערן, צו ברייננען אין אַנ'אונבעוואוסטען צושטאַנד.

**היפּנאָטיזירען** (גריכ.) — קונסטליך איינשלעפערן, ברייננען אין אַנ'אונבעוואוסטען צושטאַנד.

**היפּנאָס** (גריכ.) — שלאָף, גאָט פון שלאָף.

**היפּער-** (גריכ.) — איבער, מעהר ווי

מען דאַרף (ווערט צוזאַמענגעזעצט מיט אַנדערע ווערטער).

**היפּערבּעל** (גריכ.) — 1) איבּערטרײַבּונג, פֿערגרעסערונג, גוזמא. אין דער געאָמעטריע — קרומע ליניע, אַלס שניט פֿון אַ קאָנוס אין דער קווער.

**הירטענבּריעף** (דײַטש) — צירקולאַר פֿון בּישאָף צו אַלע קאַטאָלישע גײַסטליכע אָדער פֿון אַ בּישאָף צו דער קאַטאָלישער בּעפֿעלקערונג פֿון זײַן קרײַז.

**העאורעקאַ** (גריכ.) — איך האָב געפֿונען, אויסגעקלערט (אויסגעשריי, מיט וועלכען אַרכימעדעס איז, לויט די לעגענדע, אַרויסגעלאָפֿען נאַקעט פֿון באָד, ווי ער האָט געפֿונען דאָס געזעץ פֿון שווימען, ז. אַרכימעדישעס געזעץ).

**העבּע** — געטין פֿון יוגענד בּײַ די גריכען, פֿלעגט פֿאַנאַנדערטראָגען די געטער אויף׳ן אָלימפּ דעם געטליכען געטראַנק „נעקטאַר״.

**העגעמאָניע** (גריכ.) — אויבּערהערשאַפֿט פֿון איין מדינה איבּער עטליכע אַנדערע.

**העדזשראַ** (אַראַב.) — 1) אויסוואַנדערונג, מחמד׳ס אַנטלויפֿען פֿון מעקאַ נאָך מעדינה אין יאָהר 622. 2) דער אָנהויב פֿון דער מחמדניש׳ער צײַטרעכנונג.

**העטמאַן, אַטאַמאַן** — אָנפֿיהרער בּײַ די קאָזאַקען.

**העטעראָגען** (גריכ.) — נישט גלײַכאַרטיג, נישט פֿון זעלבּען מין.

**העטערע** (גריכ.) — 1) פֿרײַנדין. 2) נישט אַנשטענדיגע פֿרוי.

**העלאַדע** (גריכ.) — אַלט גריכענלאַנד.

**העלאָטען** — ז. אילאָטען.

**העליאָגראַפֿיע** (גריג.) — בּעשרײַבּונג פֿון דער זון.

**העליאָטראָפּ** (גריכ.) — 1) שמעקעדיג געוויקס, פֿון וועלכען מען מאַכט פּערפֿומע. 2) טײַערער שטיין אין די מזרח־לענדער. 3) זונען־שפּיגעל, אַפּאַראַט אויף סיגנאַלען בּײַ ענראָדעטישע מעסטונגען.

**העליאָמעטער** (גריכ.) — אַפּאַראַט צו מעסטען די גרויס פֿון דער זון.

**העליאָס** (גריכ.) זון, גאָט פֿון דער זון.

**העליאָסקאָפּ** (גריכ.) — טעלעסקאָפּ ספּעציעל פֿאַר דער זון.

**העליאָצענטריש** (גריכ.) — 1) וואָס בּעציהט זיך אויף די זון, אַלס מיטעלפּונקט פֿון דעם פּלאַנעטען־סיסטעם. 2) קאָפּערניקוס לעהרע, וועלכע איז יעצט איבּעראַל אָנגענומען, דאָס נישט די ערד, נאָר די זון איז דער מיטעלפּונקט פֿון אונזער פּלאַנעטען־סיסטעם, און אַרום איהר בּעוועגען זיך אַלע פּלאַנעטען, צווישען זיי אויך אונזער ערד.

**העליקאָן** (גריכ.) — בּאַרג אין בּעאָטיען (אין גריכענלאַנד), אויף וועלכען עס האָט געוואָהנט אַפּאָלאָ מיט די נײַן מוזען.

**העלעניזמוס** (גריכ.) — 1) אַלט-גריכענטום. 2) שטרעבונג ביי פיעל יודען און דער צייט פון בית שני איבערצונעהמען ביי די העלענען אַלע זייערע מנהגים.

**העלעניסט** (גריכ.) — 1) קענער פון אַלט-גריכישער ליטעראַטור, שפּראַך און קונסט. 2) מתיון – אסימילאַטאָרען ביי יודען און דער עפּאָכע פון בית שני, וועלכע האָבען געשטרעבט איבערצונעהמען אַלעס, וואָס איז גריכיש.

**העלענען** (גריכ.) – אַלט-גריכען.

**העלער** (דייטש) — קליינע מטבע אין עסטרייך.

**העמאַטאָזיס** (גריכ.) — בילדונג פון בלוט.

**העמאַטאָלאָגיע** (גריכ.) — לעהרע וועגען בלוט.

**העמאַטין** (גריכ.) – בלוטשטאָף, דער רויטער פאַרבשטאָף און די בלוט-קיילעכלעך.

**העמאָראָידען** (גר.) – רינען פון בלוט הינטען אַרום (פערגרייזט זאָגט מען אויך „מערידען").

**העמי** (גריכ.) – האַלב (ווערט צוזאַמענגעזעצט מיט אַנדערע ווערטער, למשל:

**העמיספערע** (גריכ.) — האַלב-קוגעל (פון דער ערד מייסטענס).

**העמיציקל** (גריכ.) – האַלבער קרייז.

**העספער** (וס) (גריכ.) – אָבענד-שטערן.

**העפּ! העפּ!** – שימפּפגעשריי קעגען די יודען און דער צייט פון די רוימער און אין מיטעל אַלטער, פערקירצונג פון Hierosolyma est perdita (ירושלים איז פערלוירען).

**העפּאַטאַלגיע** (גריכ.) — לעבער-קרענק.

**העפעסט** (גריכ.) – גאָט פון פייער און קונסט ביי די אַלט-גריכען.

**העקאַטאָמבע** (גריכ.) — קרבן פון הונדערט אָקסען אויף אַמאָל.

**העקאַטע** (גריכ.) – גריכישע געטין פון דער אונטערוועלט, געטין פון כשוף.

**העקטאָגראַם** (גר.) – געוויכט פון 100 גראַם (ז. ד.)

**העקטאָגראַף** (גריכ.) – אַפּאַראַט צו קאָפּירען פון איין אָנגעשריבענעם עקזעמפּלאַר עטליכע.

**העקטאָליטער** (גריכ.) — מאָס פון 100 ליטער (ז. ד.)

**העקטאַר** (גריכ.) – פלעכען-מאָס פון הונדערט אַר (ז. ד.)

**העקסאַמעטער** (גריכ.) – פערז פון 6 פערזפיס.

**הערָאיזמוס** (גריכ.) – העלדענשאַפט, אונשרעקהאַפטיגקייט.

**הערָאיש** (גריכ.) — העלדענאַרטיג, אָהן פּחד.

**הערָאלד** (דייטש) – מבשר: 1) פאַרצייטענס בעאַמטער, וועלכער פלעגט מבשר זיין דעם עולם וועגען אָנהויבען אַ מלחמה, מאַכען שלום א. ד. ג.

2) אין מיטעלאַלטער – אויפזעהער אויף טורנירען, וועלכע פלעגען אויסרופען די נעמען פון די זיעגער און די ריטער און ערקלערען די בעדייטונג פון זייערע הערבען.

**העראַלדיק** – וויסענשאַפט פון הער־בען, ד. ה. אָבצייכען פון אַדעלינגע, שטעדט און צעכען אין מיטעלאַלטער.

**העראָנ׳ס ברונען** — גלאָז־געפעס, פון וועלכען עס שפריצט וואַסער צוליעב דעם דרוק פון דער לופט.

**העראָסטראַט** – גריכע, וועלכער, חוילענדיג ווערען פערעוויגט אין דער געשיכטע, האָט פערברענט דעם טעמפעל פון דיאַנאַ אין עפעס (גריכיש אינזעל). זיין נאָמען איז טאַקי פערעוויגט, אָבער צו שאַנדע. דערי־זאָגט מען אויף יעדען, וועל־כער האָט געבריינגט אַ גרויסען שאָדען זיין שטאָדט, מדינה אָדער פאָלק: „ער האָט זיך ערוואָרבען הערָאָסטראַט׳ס רוהם״.

**הערָאָען** (גריכ.) – העלדען, האַלב־געטער.

**הערַאקלידען** (גריכ.) – די, וועלכע זענען אַרויסגעקומען פון הע־ראַקלעס (הערקולעס).

**הערב** (פויל.) – אָבצייכען פון אַדעלי־גע פאַמיליען, שטעדט אָדער צעכען אין מיטעל־אַלטער.

**הערבאַ** (לאַט.) – גראָז.

**הערבאַריום** (לאַט.) – זאַמלונג פון פערשידענע גרעזער.



**הערמאַנדאַד** (שפאַנ.) — ברידער־שאַפט, פערבינדונג פון שפאַ־נישע שטעדט.

**הערמאַפראָדיט** (גריכ.) – אַנדראָגינוס, בעשעפעניש מיט געשלעכטס־אָרגאַנען פון אַ זכר און פון אַ נקבה.

**הערמעטיש** (גר.) – פעסט פערמאַכט, דאָס די לופט קאָן ניט צוקומען.

**הערמען** — סטאַטוען אויף די וועגען ביי די אַלט־גריכען צום עהרען פון גאָט הערמעס.

**הערמעס** – מערקור, גאָט פון סוחרים, וועגען, שווינדלער און גנבים ביי די גריכען, שליח פון די געטער.

**הערניאַ** (גריכ.) – ברוך, גרידשעל.

**הערעזיע** (גריכ.) אַפיקורסות.

**הערעטיקער** (גריכ.) — אַפיקורס.

**הערצאָג** (דייטש) – מיליטער־אָנפיה־רער: עהרענטיטעל פון הויכע אַדעליגע און מערב־אייראָפּעאישע מדינות און אויך פון הערשער און קליינע עטלי־כע אייראָפּעאישע מדינה׳לעך.

**הערצל־בוים** — ציפרעסע, וועלכע ד״ר טעאָדאָר הערצל האָט געפלאַנצט אין יאָהר 1898 אין דער יודישער קאָלאָניע מוצא נעבען ירושלים.

**הערצל־וואַלד** – וואַלד פון אייל־בירט־בוימער אין ארץ־ישראל, וועלכער ווערט געפלאַנצט אויפ׳ן נאָמען פון ד״ר טעאָדאָר הערצל, און די איינ־קינפטע וועלען זיין בעשטימט אויף אויס־צוהאַלטען הויכע און מיטעלע יודישע בילדונגס־אַנשטאַלטען.

**הערצליזמוס** – פּאָליטיש-ציוניסטישע טעאָריע, וועלכע איז געשאַפען און בעגרינדעט געוואָרען פון ד"ר טעאָדאָר הערצל (געבוירען אין יאָהר 1860, געשטאָרבען אין 1904).

**הערצליסט** – אַנהענגער, פערעהרער פון ד"ר טעאָדאָר הערצל.

**הערקולעס** – 1) זוהן פון'ם גאָט זעאוס, גריכישער העלד, סאָרט שמשון הגבור ביי די גריכען. 2) געזונדער און אונגעהויער שטאַרקער מענש.

**הערקולעס-אַרבייט** – ריזען-אַרבייט, אונגעהויער שווערע אַרבייט.

**הערקולעס-זיילען** – בערג צו ביידע זייטען פון'ם גיבראַלטאַר.

**הערענ-הויז** (דייטש) – אויבערשטע פּאַלאַטע אין דייטשען און עסטרייכישען פּאַרלאַמענטען.

## ו.

**וואַגאָן** (ענג.) — וואָגען פון דער אייזענבאַהן אָדער טראַמוויי.

**וואַדי** (אַראַב.) — טייך, טאָל (ווי אין העברעאישען נחל).

**וואָדעוויל** (פראַנצ.) – 1) פראַנצעזיש פאָלקס-ליעד. 2) קליינע פּיעסע מיט געזאַנג פון לייכטען און קאָמישען אינהאַלט.

**וואָדקאַ** (רוס. און פויל.) – אייגענטליך וואַסערעל: בראָנפען.

**וואַהאַביטען** (אַראַב.) – מחמד'נישע סעקטע, וועלכע שטרעבט אויפצולעבען דעם איסלאַם פון דער צייט, ווען ער איז נאָר בעשאַפען געוואָרען.

**וואָוואַל** (פראַנצ.) — שלייער.

**וואולגאַטאַ** (לאַט.) – די איבערזעצונג פון תנ"ך אויף לאַטייניש, וועלכע איז דורך די רוימישע קירכע אַנערקענט געוואָרען פאַר די איינציג ריכטיגע.

**וואולגאַריזאַציע** (לאַט.) – פערברייטונג צווישען פּשוט'ן המון.

**וואולגאַריטעט** (לאַט.) – געמיינהייט.

**וואולגוס** (לאַט.) – המון, פּעבעל.

**וואולגער** (לאַט.) – המוניש, געוועהנליך; פּשוט, געמיין.

**וואולקאַן** — 1) גאָט פון פייער. 2) פייער-שפּייענדיגער בארג.

**וואולקאַניזמוס** — 1) וואולקאַנישע טעטיגקייט. 2) לעהרע וועגען דעם, דאָס די ערד-אָבערפלעכע האָט אָנגענומען איהר יעצטיגע פאָרם אַ דאַנק דער טעטיגקייט פון'ם פייער און דער ערד.

**וואולקאַניש** — וואָס איז שייך צו אַ וואולקאַן.

**וואַדעמעקום** (לאַט.) – קום מיט מיר: ביכעל, און וועלכען עס זענען דאָ פערשיעדענע אָנווייזונגען וועגען פערשיעדענע אַנגעלעגענהייטען.

**וואַזע** (לאַט.) – א שענעס גלאָז־אָדער פּאָרצעלאַן־געפֿעס.

**וואָטאַציע** (לאַט.) – אָבשטימונג.

**וואָטום** (לאַט.) – וואונש, פֿאָדערונג, שטימע, נֶדר.

**וואַטיקאַן** – 1) באַרג אין רוים. 2) הויף און פּאַלאַץ פֿון דעם פּאַבסט אין רוים.

**וואָטירען** (לאַט.) – אָבשטימען, טהון אַ נדר.

**וואַטען** (האָל.) – פֿלאַכע ערטער אויפ'ן צפון־ים (דייטשער ים, נאָרד־זעע) נעבען די ברעגעס.

**וואַטערקלאָזעט** (ענג.) – בית־הכסא מיט וואַסערלייטונג, וואו די צואות ווערען אַראָבגעשווענקט מיט וואַסער.

**וואָיאַזש** (פֿראַנצ.) – רייזע, הויפּטזעכליך צו מאַכען געשעפֿטען.

**וואָיאַזשער** (פֿראַנצ.) — רייזענדער, הויפּטזעכליך וועגען געשעפֿטס־אַנגעלעגענהייטען, אָנצונעהמען בעשטעלונגען.

**וואָיט** (פּויל.) – פֿערוואַלטער פֿון אַ גמינע (ז. דאָרט).

**וואָיעוואָדאַ** (סלאַוו.) — מיליטער־פֿיהרער: 1) גרעסטע סענאַטאָרען און לאַנדעס־פֿערוואַלטער ביי די פּאָליאַקען. 2) פֿריהערע אויבערהערשער אין מאָלדאַוויען און וואַלאַכיען.

**וואָלאָנטער** (פֿראַנצ.) – פֿריייוויליגער, דער וואָס דינט אָהן פּענסיע (שלא על מנת לקבל פּרס).

**וואַלאָנען** — פֿראַנצעזיש רעדענדע איינוואָהנער פֿון די נידערלאַנדען.

**וואָלאָסט** (רוס.) – עטליכע דערפֿער צוזאַמען אין רוסלאַנד, וועלכע שטעהען אונטער דער פֿערוואַלטונג פֿון איין בעאַמטען.

**וואָלאָסין** (גריכ.) – קינסטליכער פֿישביין.

**וואַלדענזער** — קריסטליכע סעקטע, געגרינדעט אין 12־טען יאָהרהונדערט פֿון וואַלדוס אין ליאָן, וועלכע שטרעבט אויסצוקעהרען דעם קריסטענטום זיין פּשטות און ריינהייט פֿון די ערשטע צייטען.

**וואַלוואַציאָנס־טאַבעלע** (איט.) – טאַבעלע פֿון אויסלענדישע מטבעות און זייערע פּרייזען.

**וואַלוואַציע** (איט.) – פּרייז־בעשטימונג פֿון סחורות און מטבעות.

**וואַלווירען** (איט.) – בעשטימען די פּרייזען פֿון מטבעות און סחורות.

**וואַלוטע** (איט.) – 1) די סומע, אויף וועלכע אַ וועקסעל איז אויסגעשטעלט. 2) ווירקליכער פּרייז פֿון אַ מטבע.

**וואָלומען** (לאַט.) – 1) מגילה. 2) אינהאַלט.

**וואַלי** (אַראַב.) – גובערנאַטאָר, פּראָווינצפֿערוואַלטער אין טערקיי.

**וואַליזע** (פֿר.) – לעדערנער אָדער מיט לעדער בעצויגענער רייזע־זאַק,

**וואַלס** (פֿראַנצ.) — 1) מין טאַנץ. 2) מו־זיק צוגעפּאַסט צו דעם טאַנץ.

**וואַלסירען** (פֿראַנצ.)—טאַנצען אַ וואַלס.

**וואַלעט** (פֿר.)—אויבער אין די קאָרטען.

**וואָלענס** (לאַט.) — ווילענדיג.

**וואָלענס־נאָלענס** (לאַט.) — ווילענדיג ניִשט ווילענדיג.

**וואַלענסין, וואַלאָנסיען** (פֿראַנצ.) — שמאָלע, פֿיינע שפּיצען, וועלכע ווערען אויסגעאַרבייט אין וואַ־לאַנסיאַן (פֿראַנקרייך).

**וואָלפֿראַם** — זעהר האַרטער מינעראַל.

**וואַמפּיר** — 1) גרויסע פֿלעדערמויז. 2) לויט דעם אַבערגלויבען פֿון פֿיעל קריסטליכע פֿעלקער אַ טויד־טער, וועלכער שטעהט אויף ביינאַכט פֿון קבר און זויגט ביי לעבענדיגע מענ־שען אויס דאָס בלוט. 3) בלוט־זויגער, אומבאַרמהערציגער מענש.

**וואַנאַדיום** (לאַט.)— מעטאַל, וועלכעס איז אין יאָהר 1830 ענט־דעקט געוואָרען, איז ענליך צו זילבער.

**וואַנדאַל** — 1) גערמאַנישעס פֿאָלק, וועלכעס האָט אין יאָהר 455 צערשטערט רוים און פֿערניכטעט אַלע קונסט־זאַכען פֿון דער שטאָדט. 2) גראָ־בער מענש, וועלכער פֿערניכטעט קונסט־זאַכען.

**וואַנדאַליזמוס** — ווילדהייט, גראָב־הייט, פֿערניכטונג פֿון קונסט־זאַכען.

**וואַנדעמיער** (פֿר.)— וויין־חודש, חודש אין דעם קאַלענדאַר פֿון דער ערשטער פֿראַנצויזישער רעפּובליק (פֿון 22 סעפּט. ביז 22 אָקט.)

**וואַנטאָז** (פֿראַנצ.) — ווינד־חדש, חדש אין דעם קאַלענדאַר פֿון דער ערשטער פֿראַנצויזישער רעפּובליק (פֿון 19 פֿעברואַר ביז׳ן 21 מערץ).

**וואַנטען** (דייטש) — גראָבער לייטער פֿון שטריק ביי אַ מאַסטע (מאַטשטע) אויף אַ שיף.

**וואַניליע** (פֿראַנצ.) — שמעקענדיג גע־וויקס, וועלכעס קומט פֿון זיד אַמעריקע.

**וואַסאַל** (לאַט.) — 1) אונטערטאַן. 2) איינגענטימער פֿון גיטער, וועלכער האָט זיי געקריגען פֿון אַן אַנ־דערען און איז פֿון יענעם (וועלכער הייסט אין דעם פֿאַל זיין „סוזערען") אין געווי־סער בעציהונג אָבהענגיג.

**וואַפּאָראַציע** (לאַט.) — פֿערדאַמפּפֿונג, פֿערוואַנדלונג פֿון פֿליסיגקיי־טען אין גאַזען.

**וואַפּערען** (פֿר.) — נערווען־אָנפֿאַלען.

**וואָקאַבולאַריום** (לאַט.) — ווערטער־בוך.

**וואָקאַבעל** (לאַט.)— וואָרט־ערקלערונג.

**וואָקאַל** (לאַט.) — זעלבסט־לויט, אות אין אייראָפּעאישע אַלף־בית׳ן, וועלכעם קאָן אַליין, אָהן דער הילף פֿון אַן׳אַנדער אות, געלעזען ווערען (a, o, e א. ד. ג.), אין העבּרעאישען — די תנועות.

**וואָקאַליזאַציע** (לאַט.) — איבונג אין געזאַנג.

**וואָקאַל־מוזיק** — געזאַנג.

**וואַקאַנט** (לאַט.) – לעדיג, נישט פֿאַרנומען.

**וואַקאַנס** (לאַט.) – נישט פֿאַרנומענע שטעלע.

**וואַקאַציע** (לאַט.) – פֿרייע צייט פֿון לערנען (פֿעריען) אָדער פֿון בעשעפֿטיגונג ביי בעאַמטע.

**וואַקוּאוּם** (לאַט.) – לעערער רוים; אָרט, וואו עס איז גאָר נישטאָ, זאָגאַר קיין לופֿט נישט.

**וואַקוּף** (אַראַב.) — הייליגע גיטער, ערד, וועלכע געהערט צו רעליגיעזע אינסטיטוציעס אין טערקיי.

**וואַקצין** (לאַט.) — קוה-פּאָקען, מאַטעריע צו שטעלען פּאָקען.

**וואַקצינאַטאָר** (לאַט.) – פּאָקען-שטעלער, דאָקטאָר אָדער פֿעלדשער, וועלכער שטעלט פּאָקען.

**וואַקצינאַציע** (לאַט.) – פּאָקען-שטעלען.

**וואַריאַ** (לאַט.) – פֿערשידענעס.

**וואַריאַבעל** (לאַט.) – פֿערענדערליך, וואָס עס ענדערט זיך אַלע מאָל.

**וואַריאַנט** (לאַט.) – פֿערענדערונגען אין טעקסט פֿון אַ ליטעראַריש ווערק.

**וואַריאַציע** (לאַט.) – פֿערענדערונג.

**וואַרינאַס** – גוטער סאָרט רויכטאַבאַק פֿון דער שטאָדט וואַרינאַס אין קאָלומביאַ.

**וואַרדירען** (דייטש) – אָבשאַצען דעם ווערט פֿון טייערע חפצים אין עדעלשטיינער.

**וואַרדעאַין** (דייטש) – בעאַמטער, אויפֿזעהער ביים גיסען מטבעות.

**וויאַ** (לאַט.) — וועג, דורך, איבער (למשל: וויאַ לאָנדאָן – איבער לאָנדאָן).

**וויאַדראָ** (פּויל.) — ז. וויעדראָ.

**וויאָלאַ** (איט.) — מוזיקאַלישער אינסטרומענט עהנליך צו אַ פֿידעל.

**וויאָלאָנטשעל** (איט.) — מוזיקאַלישער סטרונען-אינסטרומענט, קלענער פֿון אַ באַס.

**וויאָלאָנטשעליסט** (איט.) — וויאָלאָנטשעל-שפּיעלער.

**וויאָלעט** — ז. פֿיאָלעט.

**וויאַנאָ, וויענאָ** (סלאַוו.) — פּריז, וועלכען דער חתן פֿלעגט צו צאָהלען ביי די אַלטע סלאַווען פֿאַר דער כלה.

**וויאָרסט** (רוס.) — רוסישע לענגען-מאָס (1077 מעטער).

**וויבאָרעס** (רוס. אונ פּויל.) – וואַהלען, בחירות.

**וויבאָרצע, וויבאָרשטשיק** (פּויל. אונ רוס.) – וועהלער, בוחר.

**וויבראַציע** (לאַט.) – ציטערנדע בעוועגונג, בעוועגונג פֿון עלאַסטישע קערפּער.

**וויגיליע** (לאַט.) — 1) וואַכט-נאַכט. 2) אַשמורה. 3) ערב יום-טוב.

**וויגען** (ענג.) – ליבעראַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין ענגלאַנד.

**וויוואַט** (לאַט.) – זאָל לעבען! בראַוואָ!

**וויוואַריום** (לאַט.) — זאַמלונג פון חיות.

**וויוויסעקציע** (לאַט.) — צערשנײַדונג פון לעבענדיגע בעשעפענישען (מיט אַ וויסענשאַפטליכען ציעל).

**וויז-אַ-ווי** (פראַנצ.) — געגענאיבער.

**וויזיט** (פראַנצ.) — בעזוך, בקור (איבערהויפט פון אַ דאָקטאָר אַ קראַנקען).

**וויזיט-קאַרטע** (פראַנצ.) — קאַרטע מיט אויפגעדרוקטען נאָמען און פאַמיליע פון אַ פערזאָן.

**וויזיע** (לאַט.) — ערשײַנונג, חלום (ווי אין העברעאישען „חזון").

**וויזירען** (לאַט.) — בעמערקען אויף אַ פּאַפּיער, דאַס מען האָט עס דורכגעזעהען; לעגען אַ שטעמפּעל.

**וויטאַ** (לאַט.) — לעבען.

**וויטאַל** (לאַט.) — לעבענספעהיג, לעבענס-קרעפטיג.

**וויט'ס-טאַנץ** — נערווענאַנפאַל מיט קראַמפּפהאַפטער בעוועגונג פון אַלע גלידער און קערפער.

**וויטריאָל** — שוועפעל-זוירע.

**ווילאַיעט** (אַראַב.) — פּראָווינץ אין טערקײַ, לאַנדעס-אײַנטהײלונג, ווי אין רוסלאַנד גובערניע.

**ווילע** (לאַט.) — הויז אויף זומערוואָהנונג, שען הויז אונטער דער שטאָדט.

**ווינדע** — מאַשין אַרויפצופאָהרען אויף אַ העכערען שטאָק פון אַ הויז.

**ווים** (לאַט.) — כח, מאַכט.

**וויסט** (ענג.) — מין קאָרטענשפּיעל.

**וויסמוט** — מעטאַל פון רויטליך-ווײַסער קאָליר.

**וויסקי** (ענג.) — ענגלישער בראָנפען.

**וויעדראָ** (רוס.) — עמער (אונגעפעהר 12½ ליטער, 12 קוואַרט, 10 שטאָף).

**וויצע** (לאַט.) — אַנשטאַט עמיצען, אויף דעם אָרט פון עמיצען, געהילף, אונטער א. ד. ג. למשל:

**וויצע-גובערנאַטאָר** (לאַט.) — שטעל-פערטרעטער פון אַ גובערנאַטאָר.

**וויצע-דירעקטאָר** (לאַט.) — שטעל-פערטרעטער פון אַ דירעקטאָר, געהילף פון אַ דירעקטאָר.

**וויצע-פרעזידענט** (לאַט.) — שטעל-פערטרעטער פון אַ פרעזידענט, געהילף פון אַ פרעזידענט.

**וויצע-קעניג** — אונטער-קעניג, פערוואַלטער פון אַ געגענד און נאָמען פונ'ם קעניג.

**וויקאָנט** (פראַנצ.) — וויצע-גראַף: טיטעל צווישען גראַף און באַראָן אין פראַנקרײַך און ענגלאַנד.

**וויקאַר** (לאַט.) — שטעלפערטרעטער, הויפּטזעכליך פון גײַסטליכע.

**וויקטאָריע** (לאַט.) — נצחון, געטין פון נצחון.

**וויקטואַלען** (לאַט.) — לעבענס-מיטעל, שפּײַזען.

**ווירטואָז** (איט.) — מײַסטער אין זײַנער קונסט, איבערהויפּט אין מוזיק, גרויסער קינסטלער.

**ווישנו** — צווייטע פערזאָן פון דעם גאָטהײַטס-סיסטעם בײַ די

אונדיאַנער, דער כּוֹמבאָל פון דער געטליכער ערהאַלטונגס־קראַפט.

**וועגעטאַציע** (לאט.) – דאָס וואַקסען, די לעבענסקראַפט פון די געוויקסען.

**וועגעטאַריאַניזמוּס** (לאַט.) – ערנעהרונג דורך געוויקסען, נישט בענוצונג פון שפּייזען, וואָס כּדי זיי צו פערפערטיגען, מוז מען טויטען לעבענדיגע בעשעפענישען.

**וועגעטאַריאַנער** (לאַט.) – מענשען, וועלכע נוצען צום עסען נאָר געוויקסען־פּראָדוקטען.

**וועדאַ** (סאַנסק.) – הייליגע בוך, תּוֹרה ביי די אינדוסען.

**וועזוּמאַ** (איט.) – אויסזיכט, פּייזאַזש, לאַנדשאַפט.

**וועזיר** (אַראַב.) – מיניסטער, סולטאַנ׳ס ראַט־געבער אין טערקיי.

**וועטאָ** (לאַט.) – כ׳ פערביעט; רעכט צו פערווערען, נישט צו דערלאָזען צו עפּעס (אַזאַ רעכט האָבען צום ביישפּיעל געהאַט די פאָלקס־טריבונען אין רוים און יעדער סיים־מיטגליעד אין פּוילישען סיים).

**וועטוּרינאָ** (איט.) – איזוואָזטשיק, פוהרמאַן אין איטאַליע.

**וועטעראַן** (לאַט.) – 1) אַלטער ערפאַהרענער סאָלדאַט. 2) ערפאַהרענער מענש איבערהויפּט.

**וועטעריניאַר** (לאַט.) – דאָקטאָר פון בהמות.

**וועטעריניאַר־שולע** (לאַט.) – שולע, וואו מען לערנט היילען בהמות.

**וועלאָסיפּעד** (פראַנצ.) – פאָהר־מאַשין, וועלכע ווערט בעוועגט דורך די פיס פון דער פּערזאָן, וואָס פאָהרט אויף איהר.

**וועלען** (פר.) – גוטער סאָרט פּאַרמעט.

**וועלען־פּאַפּיער** — גוטער, פיינער סאָרט שרייב־פּאַפּיער.

**וועניאַ** (לאַט.) – בלוּט־אָדער.

**ווענדעטאַ** (איט.) – מנהג פון בלוטיגע נקמה אויפ׳ן אינזעל קאָרסיקאַ.

**וועניוּס** – 1) געטין פון ליעבע און שענהייט. 2) גרויסע שענהייט. 3) די העלסטע פּלאַנעטע אום הימעל.

**ווענטילאַטאָר** (לאַט.) – מאַשין, רעדעל צו רייניגען די לופט, ד. ה. אַרויסצולאָזען די אַלטע, פערדאָרבענע לופט און אַריינצוציהען פרישע.

**ווענטילאַציע** (לאַט.) – 1) לופטרייניגונג, לופט־טוישונג. 2) אויפפרישונג, בעשעפטיגונג מיט אַ פערגעסענע פראַגע.

**ווענטילירען** (לאַט.) – 1) רייניגען, אויפפרישען לופט. 2) בעשעפטיגען זיך מיט אַ פראַגע, אַרומרעדען זי.

**וועני, ווידי, וויצי** (לאַט.) „כ׳בין געקומען, כ׳האָב אַ קוק געטהון און מנצח געווען”, קורצער בעריכט צום רוימישען סענאַט פון יוליוס צעזאַר ווענען זיינ׳ס אַ נצחון איבער׳ן שונא.

**ווענעריש** — וואָס איז שייך צו די געשלעכטס-אָרגאַנען.

**ווענערישע-קראַנקהייטען** — געשלעכטס-קראַנקהייטען.

**וועסט, וועסטען** (דייטש) — מערב, די זייט, וואו די זון געהט אונטער; מערב-לאַנד.

**וועסטאַ** (לאַט.) — געטין פון שטוב-פייער און פאַמיליען-לעבען.

**וועסטאַליען** — יונגע פריסטערינען פון וועסטא אין רוים.

**וועסטיבול** (לאַט.) — פאָדערהויף.

**וועספער** (לאַט.) — אָבענד.

**וועקסעל** (דייטש) — שריפטליכע פערפליכטונג, געשריבען אויף א ספּעציעל דערצו בעשטימטען בלאַנקעט, צו בעצאָהלען א געוויסער פערזאָן צו דער בעשטימטער צייט און א בעשטימטען אָרט א געוויסע סומע.

**ווערבאַנדע** (איט.) — אָפענע צונעבויידע פאַר א הויז.

**ווערבום** (לאַט.) — וואָרט, צייט-וואָרט (פּעל).

**ווערדיקט** (ענג.) — שפּרוך, פּסק-דין פון געשוואָרענע ריכטער.

**ווערז** א. ז. וו. ז׳ פערז א. ז. וו.

**ווערטיקאַל** (לאַט.) — אין שטעהענדי-גער ריכטונג.

**ווערטיקאַל-ליניע** (לאַט.) — ליניע פון אויבען אַראָב, וועלכע האָט די זעלבע ריכטונג וואָס א פאָדעם מיט א שווער געוויכט און איין עק, וועלכען מען האַלט ביים אנדערען עק פריי אין דער האַנד.

**ווערמילאָן** (פראַנצ.) — בעסטער סאָרט צינאָבער.

**ווערסאַליען** (לאַט.) — גרויסע אָנפאַנגס-אותיות.

**ווערסיע** (לאַט.) — פאָרם, ערקלערונג, דייטונג, ערצעהלונג.

**ווערף** (האָל.) — פּלאַץ צו בויען שיפען.

**ווערזשעשען** (פּויל.) — דער נייַנטער חודש ביי די פּאָליאַקען (סעפּטעמבער).

## ז.

**זאָאָגעניע** (גריכ.) — לעהרע וועגען דעם אַרויסקומען פון לעבענדיגע בעשעפעניסען.

**זאָאָגראַף** (גריכ.) — 1) בעשרייבער פון חיות. 2) מאַלער פון חיות.

**זאָאָגראַפיע** (גריכ.) — 1) בעשרייבונג פון חיות. 2) מאַלעריי פון חיות.*)

**זאָאָחעמיע** (גריכ.) — טייל פון דער חעמיע, וועלכער בעשעפטיגט

*) מיט חיות בעצייכענען איך — אין גענענזאַץ צו ווילדע חיות — אַלע לעבענדיגע בעשעפעניסען, אלזאָ אויך בהמות, עופות, פיש, אינזעקטען און ווערם.

זיך מיט דער פאָרשונג פון דעם העמי־
שען בעשטאנדטייל פון לעבענדיגע בע־
שעפעניש ען.

**זאָאָטאָמיע** (גריכ.) – צערשניידונג פון
חיות (מיט א וויסענשאפטלי־
כען ציעל).

**זאָאָטעראַפּיע** (גר.) – לעהרע וועגען
די קראַנקהייטען פון חיות
און זייערע היילמעטאָדען.

**זאָאיזמוס** (גריכ.) – לעבענס־פּראָצעס
פון חיות.

**זאָאיש** (גריכ.) – שייך צום לעבען,
נויטיג צום לעבען.

**זאַאַל** (פר.) – גרויס פּאַראַדנע צימער.

**זאָאָלאָג** (גריכ.) – קענער פון זאָאָלאָגיע,
פאָרשער פון חיות.

**זאָאָלאָגיע** (גר.) – לעהרע וועגען חיות.

**זאָאָלאָגיש** (גריכ.) – וואָס איז שייך
צו זאָאָלאָגיע.

**זאָאָלאַטער** (גריכ.) – מין געצענדי־
נער, פערגעטער פון חיות.

**זאָאָלאַטריע** (גריכ.) – פערגעטערונג
פון חיות, מין געצענדינעריי.

**זאָאָמאַגנעטיזמוס** (גריכ.) – מאַגנע־
טיזמוס פון חיות.

**זאָאָנאָמיע** (גריכ.) – טירע־פיזיאָלאָג־
יע, וויסענשאפט, וועלכע
פאָרשט די געזעצען פון דעם לעבען
ביי חיות.

**זאָאַנטראָפּיע** (גריכ.) – משוגעת, ביי
וועלכעם דער משוגענער
האָט זיך איינגעבילדעט, דאָס ער איז
מגולגל געוואָרען אין א חיה.

**זאָאָפאַג** (גריכ.) – פליישעסער, מענש
אָדער חיה, וועלכע ערנעה־
רען זיך מיט פלייש פון אַנדערע חיות.

**זאָאָפיט** (גריכ.)–בעשעפעניש ען, וועל־
כע האָבען טייל איינענשאַפ־
טען פון חיות און טייל פון געוויקסען.

**זאָדע** – קאָהלענזויערעם נאַטראָן (וואַש־
זאָדע) אָדער דאָפּעל־קאָהלענ־
זויערעם נאַטראָן (טרינק־זאָדע).

**זאָילאָס** – 1) קריטיקער פון האָמער'ס
ווערק, וועלכער האָט גע־
לעבט אין דריטען יאָהר־הונדערט פאַר
קריסטוס און האָט די דערמאָהנטע ווערק
קריטיקירט נאָר צום שלעכטען, נישט
בריינגענדיג קיין איינע פון זייערע גוטע
זייטען. 2) אַזוי הייסט יעדער קריטי־
קער, וועלכער זוכט נאָר חסרונות.

**זאַים** (טורק.) – רייטער אין טערקישען
מיליטער.

**זאָלאָטניק** (רוס.) – רוסיש געוויכט –
$^1/_3$ לויט.

**זאָלפּ** (לאט.) — שאָס פון עטליכע
ביקסען אָדער האַרמאַטען
אויף א מאָל.

**זאַמבאָ** (שפאנ.) – זוהן פון א מולאַטין
און א נעגער.

**זאַנאַנאַ** (פרס.) – האַרעם (ז. דאָרט).

**זאָנד** (פר.) – חירורגישער אינסטרומענט
צום אונטערזוכען וואונדען
(ראַנעס).

**זאָנע** (פרס.) – 1) פּאַס, גאַרטעל. 2) אַפּטיי־
טיילונג פון דער ערד לויט
די קלימאַטישע פערהעלטנישע. (זי

ערד ווערט געטיילט אין זאָנען: אין הייסע אָדער טראָפּישע, צוויי געמעסיגטע און צוויי קאלטע אָדער פּאָלאַרע).

**זאַראַזע** (רוס.)– ז. אינפעקציע.

**זואַוו** (פר.) – פראַנצויזישער סאָלדאַט אין אַפריקאַ, וועלכער איז געקליידעט ווי די אַראַבער, אָבער בעוואָפענט מיט אייראָפּעאיש געוועהר.

**זויערשטאָף** (דייטש) – גאַזפאָרמיגער, פאַרבלאָזער, העמישער עלעמענט, וויכטיגער בעשטאַנדטייל פון דער לופט, אָהן וועלכען לעבענדיגע בעשעפעגישען קאָנען נישט עטהעמען, און ברענבאַרע מאַטעריאַלען – נישט ברענען.

**זיגזאַג** (פר.) – געבראָכענע ליניע, ביי וועלכער אַ העלפט פון איהרע עלעמענטען זענען געריכטעט אין איין זייט, די צווייטע העלפט אין די אַנדערע.

**זיד, זידען** (דייטש) – דרום, דרום-לענדער.

**זיד-פרוכטע** (דייטש) – פרוכטען, וועלכע וואַקסען אין דרום-לענדער, אין וואַרימע געגענדען (אָליוועס, ציטרינען, פעלסינען, אַנאַנאַסען, טייטלען א. ד. ג.)

**זימאָטעכניק** (גריכ.) – בירברויערייקונסט.

**זימאָטעכניקער** (גר.) – בירברויער.

**זלאָטי** (פויל.) – אַלטע פוילישע מטבע. גולדען.

**זעאוס** (גריכ.) – הויפטגאָט ביי די פאַרצייטיגע גריכען, דער פאָטער פון מענשען און געטער, גאָט פון דונער און בליץ.

**זעבו** — מין אָקס אין די הייסע געגענדען פון אַזיע און אַפריקאַ מיט איין האָרב אָדער צוויי.

**זעבראַ** (לאַט.) — אַפריקאַנישע חיה, גרוים און עהנליך צו אַ'ן עזעל.

**זעלאָט** (גריכ.) – אייפערזיכטיגער, קנאי (איבערהויפט אין רעליגיאָנס-אַנגעלעגענהייטען).

**זעלאָטיזמוס, זעלאָטענטום** (גר.) קנאת הדת, גלויבענסאייפער.

**זעמינדאַר** (פרס.)–פראָווינץ-פערוואַלטער אין אָסט-אינדיען.

**זעמסטוואָ** (רוס.) — פערזאַמלונג פון דאָרפישע פאָרשטעהער אין רוסלאַנד פון איין אויעזד (אויעזדנע זעמסטוואָ) אָדער פון אַ גובערניע (גובערנסקע זעמסטוואָ).

**זענד** (פרס.)- אַלט-פערסישע שפּראַך.

**זענדאַ וועסטאַ** (פרס.) -„לעבענדיג וואָרט", די תורה פון די אַלטע פערסער.

**זעניט** (אַראַב.) — דער פונקט אויפ'ן הימעל, וועלכער געפינט זיך גלייך איבער דעם קאָפּ פון בעאָבאַכטער.

**זעפיר** (גריכ.) — 1) מערב-ווינד, שטילער אַנגענעהמער ווינד.

2) פיינער מושלין.

**זערא** (אַראַב.) -- נאָרנישט, נול, ציפער, וועלכע בעצייכענט „נאָרנישט".

**זשאַבירו** (שפּאַנ.) — מין זומפּף־פויגעל אין בראַזיליע.

**זשאַלאָן** (פר.) — שטעקענס, וועלכע ווערען אַרייַנגעשטעקט איינער נאָך דעם אַנדערען אַזוי, דאָס צוזאַמען בעצייכנען זיי אַ בעשטימטע ריכטונג פון אַ וועג, וועלכער דאַרף דאָ דורכגעהן פון אַ שאָסע, וועלכען מען וויל בויען. א. ד. ג.

**זשאַלאָנער** (פר.) — זעלנער אָדער אַרבייטער, וועלכער שטעקט אַריין זשאַלאָנען וואו מען דאַרף עס.

**זשאַלוזיע** (פר.) — פענסטער מיט קראַטען.

**זשאַנדאַרם** (פר.) — 1) פּאָליציי־דינער, פּאָליציי־סאָלדאַט (אין מערב־אייראָפּעאישע לענדער). 2) דינער פון אַ בעזונדערע פּאָליציי־אָבטהיילונג אויף פערד, וועלכע האָט מייסטענס אויף זיך די פּאָליטישע אויפזיכט (אין רוסלאַנד).

**זשאַנדאַרמעריע** (פר.) — אַלע זשאַנדאַרמען פון אַ לאַנד.

**זשאַנר** (פר.) — מין גאַטונג.

**זשאַנר־מאַלעריי** (פר.־ד.) — מאַלעריי פון דער נאַטור און פון דעם לעבען פון מענשען, לויט ווי עס איז אין דער ווירקליכקייט.

**זשאַפּאָן** (פר.) — אָסט־אינדישער זיידען־שטאָף.

**זשאַקאָנעט** (פר.) — פיינער בוימוואָל־שטאָף.

**זשאַקאַר־שטוהל** (פר.) — מאַשין צום שפּינען, ערפונדען דורך זשאַקאַר אין ליאָן (פראַנקרייך).

**זשאָקיי** (ענגל.) — 1) דינער, וועלכער געהט אום ביי פערד. 2) רייטער אויף פערד אין צירק.

**זשאַקעט** (פר.) — קורצער ראָק.

**זשאַרדיניער** (פר.) — טישעל צו בלומען־טעפּ.

**זשאַרגאָן** (פר.) — 1) געמישטע שפּראַך. 2) אייגענטימליכע שפּראַך פון געוויסע קלאַסען מענשען. 3) יידיש.

**זשורי** (פר.) — 1) געריכט פון געשוואָרענע אין ענגלאַנד און פראַנקרייך. 2) קאָנקורס־געריכט וועגען אַ ווערק א. ד. ג.

**זשורנאַל** (פר.) — 1) טאָג־בוך. 2) טאָג־בלאַט.

**זשורנאַליזירען** (פר.) — איינציהען אין טאָג־בוך.

**זשורנאַליזמוס** (פר.) — בעשעפטיגונג מיט שרייבען אין טאָג־בלעטער.

**זשורנאַליסט** (פר.) — שרייבער אין טאָג־צייטונגען.

**זשור־פיקס** (פר.) — בעשטימטער טאָג (אויף אָנצונעהמען געסט).

**זשילעט** (פר.) — וועסט, קורצער אונטער־מלבוש.

**זשיראָ** (איט.) — איבערגאַבע פון אַ וועקסעל אַן אַנדערער פּערזאָן דורך דאָס אויפשרייבען אויף דער צווייטער זייט וועקסעל.

**זשיראַט** (איט.) – דער, וועמען דער וועקסעל ווערט איבערגעגעבען.

**זשיראַנדאָל** (פר.) — גרויסער הייננ-לייכטער.

**זשיראָנדיסטען** (פר.) – געמעסיגטע רעפובליקאַנער אין דער ער-שטער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

**זשיראַנט** (איט.) — איבערגעבען פון אַ וועקסעל.

**זשירירען** (איט.) — איבערגעבען אַ וועקסעל דורך אויפשרייבען אויף דער צווייטער זייט.

**זשעטאָן** (פר.) — 1) צייכען צו׳ם אָנדענקען פון אַ ווכטיגער געשעהעניש. 2) מאַרקע, וועלכע עס קריגט דער געווינער אין אַ שפיעל.

**זשעלאַטין** (פר.) – סאָרט לאַם, קלעע.

**זשעלע** (פר.) — איינגעקאָכטע פרוכ-טענזאַפט מיט צוקער, איינ-געמאַכטס.

**זשענירען** (פר.) — בעלעסטיגען, צווינגען.

**זשעסטיקולאַציע** (פר.) – בעוועגונג פון די הענד (איבערהויפט ביים רעדען).

**זשעסטיקולירען** (פר.) – מאַכען מיט די הענד פערשידענע תנועות (איבערהויפט ביים רעדען).

## ח.

**חאַאָטיש** (גר.) — צומישט, אָהן אָרדנונג.

**חאַאָס** (גר.) — 1) אונגעאָרדנעטע און אונבעשטימטע מאַסע, פון וועלכער די וועלט איז בעשאַפען גע-וואָרען (תהו ובהו). 2) מישמאַש, אונ-אָרדנונג.

**חאַלאַט** (טאַט.) — לאַנגער אויבער-מלבוש.

**חאַלוואַ** (גריכ.) — זיסע מאַסע, צו-זאַמענגעשטעלט פון ניס, האָניג א. ז. וו.

**חאַליף** (אראַב.) — שטעלפערטרעטער מחמד׳ס, קעניג פון די אַראַבער און מיטעלאַלטער.

**חאַליפאַט** (אַראַב.) — מדינה, איבער וועלכער עס האָט געהערשט אַ חאַליף.

**חאָלערא** (גריכ. אָדער העבר) — גע-פעהרליכע אָנשטעקענדע קראַנקהייט, ביי וועלכער עס קומען פאָר שלשול, ברעכען און קירטשען.

**חאָלערינע** (גריכ.) — שוואַכע פאָרם פון חאָלעראַ.

**חאָלעריקער** (גריכ.) — היטציגער מענש, וועלכער ווערט פון יעדער קלייניגקייט באַלד אויפגערעגט נוח לכעוס.

**חאָלעריש** (גריכ.) – היטציג, לייכט צו דערצערנען.

**חאַלצעדראָן** (גריכ.) — מין שטיין, וועלכער הייסט אויך מילכ-שטיין.

**חאַלקאָגראַף** (גר.) – גראַווירער אויף קופּער.

**חאַלקאָגראַפיע** (גר.) — גראַוויר־קונסט אויף קופּער.

**חאַם** (פון העבר. חָם) — גראָבער פּויער.

**חאַמעלעאָן** (גר.) — מין עקדיש (איידעקסע), וועלכע נעהמט אן די פאַרב פון די זאַכען, וועלכע געפינען זיך אַרום איהר; אַזוי הייסט אויך אַ מענש, וועלכער טוישט אַלע מאָל זיינע געדאַנקען לויט די אום־שטענדען.

**חאַן** (טאַט.) – קעניג ביי ד טאַטאַרישע פעלקער.

**חאָר** (גר.) — געזאַנג פון עטליכע שטימען; אַלע פערזאָנען, וועלכע זינגען אַ זאַך צוזאַמען.

**חאָראָגראַפיע** (גר.) — בעשרייבונג פון אַ געגענד, פון אַ לאַנד־שאַפט.

**חאָראַל** (גריכ.) - קירכען־געזאַנג.

**חאַראָן** (גר.) — אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע: דער גאָט, וועלכער פיהרט איבער די נשמות פון די טויטע אויף יענער וועלט (אַ מין מלאך דומה).

**חאַראַקטער** (גר.) — 1) בעזונדערע אייגענטימליכע אייגענשאַפ־טען פון אַ זאַך. 2) גייסטיגע און מאָ־ראַלע אייגענשאַפטען פון אַ פערזאָן.

**חאַראַקטעריזירען** (גר.) — אויס־רעכנען די אייגענטימליכע אייגענשאַפטען פון אַ זאַך אָדער אַ פערזאָן.

**חאַראַקטעריסטיק** (גר.) - בעשרייבונג פון די אייגענטימליכע אייגענשאַפטען פון אַ פערזאָן אָדער אַ זאַך.

**חאָרדע** (לאַט.) - גלייכע ליניע, וועלכע פעראייניגט צוויי פונקטען פון אַ קרייז און געהט נישט דורך זיין מיטעלפונקט.

**חאַרטאָמאַנטיע** (גר.) — קאָרטען־לעגען, טרעפען פון די צוקונפט לויט די קאָרטען.

**חאַריטען** (גר.) — ז. גראַציען.

**חאָריסט** (גר.) — זינגער אין האָר.

**חוליגאַן** (ענגל.) – גאַסען־יונג, באַנדיט.

**חונטאַ** (שפּאַנ.) – פעראייניגונג, פער־זאַמלונג פון שפּאַנישע אַדע־ליגע.

**חיטאַנע** (שפּאַנ.) — 1) צינגיינער אין שפּאַניען. 2) ציגיינערטאַנץ.

**חיליאַדע** (גר.) — טויזענד, טויזענד־יאָהר.

**חיליאַרך** (גר.) — שר האלף, אויפ־זעהער איבער טויזענד.

**חימערע** (גר.) — איינבילדונג, פאַל־שע, אוננאַטירליכע פאָר־שטעלונג.

**חינין** — פּראָדוקט פון חינא־האָלץ, ווערט בענוצט נעגען פיבער.

**חיראָלאָגיע** (גר.) — פינגער־לשון, שטום־לשון.

**חיראָמאַנטיע** (גר.) — חכמת־היד, דאָס טרעפען פון איינעמ'ס צו־קונפט לויט די צייכענס אויף זיין האַנד

**חיראָפּלאַסטיק** (גר.) — קונסט צו קנעטען פיגורען פון ווייכע מאַטעריאַלען (וואַקס, ליים א. ד. ג.)

**חיראַרגאַ** (גר.) — אייבינער שטערן אין דער האַנד.

**חירורג** (גר.) — אַרצט (דאָקטאָר), וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט מאַכען אָפּעראַציעס און היילען וואונדען.

**חירורגיע** (גר.) — טייל פון דער מעדיצין, וועלכער לערנט די קונסט פון מאַכען אָפּעראַציעס און היילען וואונדען.

**חכים** (אראַב.) — חָכָם, געלעהרטער, דאָקטאָר אָדער ריכטער אין טערקיי.

**חלאַמידע** (גריך.) – אויבערמאַנטעל פון פאַרצייטיגע גריכישע און בבלישע פרויען.

**חלאָר** (גר.) — גאַזפאָרמיגער חעמישער עלעמענט, פון געל-גרינליכער פאַרב מיט אַ שטאַרקען שטיקענדיגען ריח, פערניכטעט דעם פאַרב-שטאָף פון געפאַרבטע זאַכען און מיקראָבען פון אַנשטעקענדיגע קראַנקהייטען.

**חלאָראַזיס** (גר.) — בלייכקייט, מין שוואַכהייט, וועלכע בעשטעהט אין אייבינער בלאַסהייט פון דעם פאַציענט (הויפטזעכליך קראַנקען דערויף מיידלעך).

**חלאָראָפאָרם** (גר.) — שלאָפטראַנק, וועלכער בעשטעהט פון דער פערבינדונג פון חלאָר מיט פאָרמיל, בילדעט אַ פאַרבלאָזע פליסיגקייט מיט אַן אַנגענעהמען עטער-ריח.

**חלאָראָפאָרמירען** (גר.) – איינשלעפען מיט דער הילף פון חלאָראָפאָרם.

**חלאָראָפיל** (גר.) — גרינער פאַרב-שטאָף, וועלכער געפינט זיך אין די בלעטער פון בוימער. אויך האָבען עס די בלעטער צו פערדאַנקען זייער גרינע פאַרב.

**חעדיוו** — וויצעקעניג אין מצרים.

**חעמיאַטריע** (גר.) — פערווענדונג פון חעמיע ביים היילען קראַנקע.

**חעמיטיפיע** (גר.) – קונסט אויפ'ן חעמישען וועג צו פערפערטיגען קלישעס צום דרוק.

**חעמיע** (אראַב.) — וויסענשאַפט וועגען די אינערליכע אייגענשאַפטען פון קערפער און די געזעצען, ווי זיי פערבינדען זיך צו נייע קערפער.

**חעמיקאַליען** – חעמישע פראָדוקטען.

**חעמיקער** (אראַב.) – געלערנטער אין דער חעמיע.

**חעמיש** — וואָס איז נוגע חעמיע.

**חעמישער עלעמענט** – איינפאַכער חעמישער קערפער, וועלכען עס איז אונמעגליך מיט וועלכע עס איז חעמישע מיטעל צו צערלעגען אין צוויי אָדער מעהר קערפער.

**חראָם** (גר.) — מעטאַל, וועלכער בילדעט אין פערבינדונג מיט

אַנדערע העמישע קערפּער פֿערשידענע שיינע פֿאַרב־מאַטעריאַלען.

**חראָמאַטיש** (גר.) — 1) פֿאַרביג, קאָלירירט. 2) (אין מוזיק) פֿון האַלבע טענער.

**חראָמאָליטאָגראַפיע** (גר.) — דרוק אויף אַ שטיין מיט פֿערשידענע פֿאַרבען.

**חראָמאָפאָטאָגראַפיע** (גריכיש) — פֿאָטאָגראַפיע מיט פֿאַרבען.

**חראָנאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען צייט־רעכנונג, כדי געניי צו קענען בעשטימען די צייטען פֿון אַסטראָנאָמישע ערשיינונגען און היסטאָרישע געשעהענישען.

**חראָנאָמעטער, חראָנאָסקאָפּ** — אַפּאַראַט גענוי צו מעסטען גאַנץ קליינע טיילען פֿון דער צייט.

**חראָניק** (גר.) — 1) דִבְרֵי הַיָמִים, בוך און וועלכען עס ווערט בעשריבען די געשיכטע פֿון אַ פֿאָלק אָדער אַ לאַנד אָהן יעדען פּלאַן, נאָר לויט די יאָהרען, און וועלכע די געשעהענישען זענען פֿאָרגעקומען. 2) אָבּ־טיילונג פֿון אַ צייטונג, אין וועלכער עס קומען די טאָג־ און אָרט־נייעס.

**חראָניש** (גר.) — לאַנג־דויערענדע.

**חראָנישע קרענק** — לאַנגע, פֿער־לאַנגטע קרענק.

**חרעסטאָמאַטיע** (גר.) — זאַמלונג פֿון ליטעראַרישע מוסטערן.

## ט.

**טאָאַסט** (ענגל.) — שפּרוך ביי אַ גלעזעל משקה, און וועלכען מען דרוקט אויס פֿערשידענע גליק־ווינשען.

**טאַבולאַ ראַזאַ** (לאַט.) Tabula rasa — ריינע, נישט בעשריבענע טאַבליצע.

**טאַבורעט** (פֿראַנצ.) — בענקעל.

**טאַבל־ד־אָט** (פֿר.) — געמיינזאַמער אַלגעמיינער טיש פֿאַר אַלע געסט.

**טאַבעלע** (לאַט.) — אַ בלאַט, אויף וועלכען ס'זענען פֿערצייכענט אין אַ געוויסער אָרדנונג פֿערשידענע ידיעות.

**טאָגאַ** (לאַט.) — רוימיש נאַציאָנאַל־קלייד פֿון וואָלענשטאָף און מייסטענס ווייסער קאָליר.

**טאַגזאַצונג** (דייטש) — פֿערזאַמלונג פֿון די דעפּוטאַטען פֿון די שווייצאַרישע קאַנטאָנען.

**טאָדי** (ענגל.) — געטראַנק פֿון פּאַלמען־זאַפט.

**טאַו מאַטאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען די וואונדער, וועלכע קומען פֿאָר און דער נאַטור.

**טאָווער, טויער** (ענגל.) — טאָרם, אַ געבייידע אין לאָנדאָן, און וועלכען עס פֿלעגען אַמאָל זיצן

ארעסטירט פּאָליטישע פערברעכער.

**טאָטאַל** (לאַט.) — אונגאַנצען. עס ווערט צוזאַמענגעזעצט מיט אַנדערע ווערטער, למשל:

**טאָטאַל-סומע** (לאַט.) — די גאַנצע, פאָלינע סומע.

**טאָטאַליזאַטאָר** (לאַט.) — מעכאַנישער אַפּאַראַט צו'ם געשווינדען רעכענען.

**טאַטאַר** (מאָנגאָל.) — פאָלק פון דער מאָנגאָלישער ראַסע, וואָהנט אין דרום און אין מזרח פון רוסלאַנד און אין פּויל געגענדען פון טערקיי.

**טאַטואירען** (לאַט.) — אויסקריצען אויפ'ן לייב פערשידענע פּיגורען און בעפאַרבען עס, ווי די ווילדע שבטים טוען עס (קעקע).

**טאַבימעטער** (גר.) — אַפּאַראַט צו מעסטען די געשווינדיגקייט פון אַ מאַשין.

**טאַלאָן** (פר.) — שיין, קוויט אויף צו קריגען געלד; פּראָצענט-פּאַפּיער.

**טאַלאַסאָמעטער** (גר.) — אַפּאַראַט צו מעסטען די טיעפענישען פון די ימים.

**טאַלאַפּאָין** (אינד.) — בודאַישער כומר אין סיאַם.

**טאַליאַ** (גר.) — מוזע פון קאָמעדיע, איינע פון די 9 מוזען.

**טאַליע** (פראַנ.) — 1) שניט, דיק ביים גאַרטעל פון אַ פּערזאָן. 2) פּעקעל קאָרטען.

**טאַליסמאַן** (אַראַב.) קמיע צו פערהיטען פון שלעכטען, צו שיצען פון מזיקים, צו ברינגען גוטס און גליק א. ד. ג.

**טאַלענט** (גר.) — 1) געוויכט און אַ מטבע ביי די פּאַרצייטיגע גריכען. 2) פעהיגקייט, בעגאַבונג.

**טאַלענטפאָל** — פעהיג, בעגאַבט.

**טאָלעראַנט** (לאַט.) — פערטרעגליך, ווער עס קען פערטראָגען אַנדערע אָדער אַ גלויבען פון אַנדערע, מיט וועלכע ער איז ניט איינשטימיג.

**טאָלעראַנץ** (לאַט.) — דאָס פערטראָגען פון אַ גלויבען אָדער אידעען, מיט וועלכע מען איז ניט איינשטימיג.

**טאַלק** (לאַט.) — פעדערווייס, שטיין, האַרטער אָדער געמאָהלענער, גראָה-ווייסליך און גליטשיג. ווערט בענוצט אין דער טעכניק און מעדיצין.

**טאָם** (גר.) — באַנד פון אַ ווערק, אַ בוך.

**טאָמאַהאַק** (ענגל.) — העקעל, מיט וועלכען די אינדיאַנער אין נאָרד-אַמעריקאַ קעמפּפען געגען זייערע געגנער.

**טאָמבאָלאַ** (איט.) — פּאַנטען-לאָטעריע, וועלכע מען ציהט פאַר די אויגען פון פּובליקום, מין שפּיעל און לאָטעריע.

**טאָמבאַק** — געל קופּער, געמיש פון קופּער מיט צינק.

**טאַמבור** (פראַנ.) — קייטעל-פאָרמיגע שטריקעריי; האַפט.

**טאַמבורין** (פּר.) — פּויקעל מיט גלעקלעך מיט דער האַנד צו פּויקען.

**טאַמבורירען** (פר.) — שטרויקען קוויטעלפאָרמיג.

**טאַמפּאָן** (פר.) — פּראָפּען צו פּער־שטאָפּען דאָס מויל פון אַנ׳־אַרמאַט.

**טאָן** (גר.) — 1) קלאַנג, אַקצענט, שטאַרקהייט, קראַפט פון אַ שטימע. 2) בענעהמען זיך, אומגעהן מיט מענשען. 3) אַרט רעדען און שרייבען.

**טאַנאַטאָם** (גר.) — גאָט פון טויט ביי די פאַרצייטיגע גריכען.

**טאַנגענטע, טאַנגענס** (לאַט.) — גלייכע ליניע, וועלכע בע־רוהרט אין איין פּונקט דעם קרייז אָדער אַנ׳אַנדערע קרומע ליניע.

**טאָנזור** (לאַט.) – אויסגעשווירען אָרט אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ ביי די קאַטוילישע גייסטליכע; דעריבער בע־דייטעט „טאָנזור נעהמען" ווערען אַ גלח.

**טאָנזילא** (לאַט.) – מאַנדעל אין האַלז.

**טאַנזימאַט** (אַראַב.) -- געזעץ און טערקיי צו רעפאָרמירען די לאַנד־פערוואַלטונג.

**טאַנטאַל** – זעלטענער מעטאַל.

**טאַנטאַלאָס** – אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע אַ קעניג, וועל־כער איז בעשטראָפט געוואָרען פון די געטער צום אייביגען הונגער און דורשט, האָטש נעבען איהם האָבען זיך געפונען טייערע פרוכטען און פרישע וואַסער, אָבער ווען ער פלעגט וועלען נעהמען אַ פרוכט אָדער אַביסעל וואַסער, איז עס פון איהם פערשוואונדען געוואָרען.

**טאַנטאַלאָס־יסורים** — שטאַרקע יסורים און פּיין, ווען מען זעהט פאַר די אויגען די זאַך, צו וועלכער מען שטרעבט שטאַרק, און מען קאָן זי ניט קריגען.

**טאַנין** (לאַט.) – העמישער פּראָדוקט, ווערט בענוצט צום גערבען לעדער.

**טאָנע** — געוויכט פון 1000 קילאָ־גראַם, אונגעפעהר 61 פוד.

**טאַנצמייסטער** (דייטש) — לעהרער פון טאַנצען.

**טאָפּאָגראַפיע** (גר.) — בעשרייבונג פון אַנ׳אָרט מיט גענויער אָנווייזונג פון אַלע שטעטען, וועלכע געפינען זיך אין דעם אָרט און אין דער נאָהנטער אומגעבונג, מיט זייערע נעמען.

**טאָפּאָגראַפיש** — לויט דער בע־שרייבונג פון אַנ׳אָרט.

**טאָפּאַז** (גר.) – טייערער שטיין פון געלען קאָליר.

**טאַפּיאָקא** — סאָרט מעהל, וועלכעס ווערט בענוצט אַלס נאַהרונגס־מיטעל פאַר קינדער.

**טאַפּעטע** (גר.) — פּאַס פּאַפּיער מיט פערשיעדענע דעסענס און פאַרבען, אויסצוקלעבען ווענד פון צימערן.

**טאַפּעציִרען** (גריכ.) — אויסקלעפּען טאַפּעטען אָדער אויסהענגען פאַרהאַנגען און פערפּוצען זיך.

**טאַפּעציִרער** (גר.) — בעל-מלאכה, וועלכער אַרבייט וויך מעבעל אָדער טאַפּעציִרט צימערן.

**טאַפּט** (פּרס.) — דינער, שטאַרק גלאַנציגער זיידענשטאָף.

**טאָקאַיער** — מין אונגאַרישער וויין.

**טאַקט** (לאַט.) — בעריהרונג, אָנטאַפּונג. 1) מאָס פון אַ מוזיקאַלישען טאָן, 2) געפיהל פון אַנשטענדיגקייט, פאַרזיכטיגקייט, פון אומגעהן זיך מיט מענשען.

**טאַקטיק** (גר.) — 1) קונסט צו פיהרען אַ מלחמה, איינצושטעלען דאַבאַי ריכטיג דאָס מיליטער, פערשטעלען די וועגען, אויפשטעלען די לאַגערן א. ז. וו. 2) בעשטימטע אונטערנעהמונגען, וועלכע דאַרפען צופיהרען צו'ם ציעל.

**טאַקטיש** — וואָס איז שייך צו דער טאַקטיק, ווי עס פאָדערט די טאַקטיק.

**טאַקסאַטאָר** (לאַט) — אָבשאַצער פון דעם ווערט פון סחורות אָדער אַרבייט.

**טאַקסאַציע** (לאַט.) — אָבשאַצונג.

**טאַקסידערמיע** (גר.) — קונסט, אויסצושטאָפּען בעל פון חיות.

**טאָקסיקאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען גיפטיגע מיטלען.

**טאַקסירען** — אָבשאַצען דעם ווערט.





**טאַקסע** (פר.) — פעסטער פּרייז פאַר בעשטימטע זאַכען.

**טאַקעלאַזש** (האָל.) — אַלע מכשירים פון אַ שיף, אויסער די אַנקערס.

**טאַראַ** (איט.) — געוויכט פון דער פערפּאַקונג פון אַ סחורה.

**טאַראַנטעלאַ** (איט.) — נעאַפּאָליטאַנישער טאַנץ.

**טאַראָק** — קאָרטענשפּיעל מיט 78 קאָרטען.

**טאַרטאַק** (פּויל.) — זעג-מיהל, ווערקשטאַט צו זעגען האָלץ.

**טאַרטאַר** (גר.) — גיהנום ביי די פאַרצייטיגע גריכען און רוימער.

**טאַרטוף** (פר.) — העלד פון מאָליער'ס אַ קאָמעדיע מיט זעהר ניעדריגע אייגענשאַפטען: אַ חונף, אַ צבועק, אַן אייגענגוצציגער און דערצו אַ נאַר; אַזוי רופט מען יעדען, וואָס האָט אַזעלכע מעלות.

**טאָרמוז** (לאַט.) — פּייניגונג, ענוּיים קשים.

**טאָרי** (ענגל.) — אייגענטליך „רויבער"; קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי אין ענגלאַנד.

**טאָריטשעלישע ליידיגקייט** — דאָס אָרט איבער דעם קוועקזילבער אין דעם באַראָמעטער, וואו עס איז נישטאָ קיין לופט.

**טאָריטשעלישע רעהר** — ז. באַראָמעטער (ערפינדען האָט

איהם דער איטאליעניעשער פיזיקער און פילאָזאָף טאָריטשעלי אין 17-טען יאָהר-הונדערט).

**טאַריף** (אראב.) — פערצייכניס פון דעם צאָלל, וועלכען מען דאַרף אָבצאָהלען פון פערשידענע סחורות.

**טאַריפטע סחורה** — פערדאָרבענע סחורה, וועלכע מען מוז אַראָבראָבען פון דער וואָג.

**טאַרירען** (איט.) — בעשטימען דאָס נעטאָ-געוויכט.

**טאַרלאַטאַן** (פר.) — פיינער סאָרט מושלין.

**טאָרנאַדאָ** (שפאנ.) — שטאַרקער שטורם אין די טראָפּישע לענדער.

**טאָרניסטער** — לעדערזעקעל צו ביכער אָדער אַנדערע מכשירים, וואָס שילער אָדער סאָלדאַ-טען טראָגען אויף די פּלייצע.

**טאָרסאָ** (איט.) — האַלבער קערפּער (פון האַלז ביז צום אָנהויב פיס) ביי אַ סקולפּטור.

**טאָרעאַדאָר** (שפאנ.) — אָקסענקעמפּ-פער אין שפאַניען, וועלכער רייט ביים קעמפפען אויף אַ פערד. (אין שפאַניען עקזיסטירען אַזעלכע פערוויילונ-גען, אויף וועלכע מענשען קעמפּפען מיט אָקסען).

**טאָרעראָ** (שפאנ.) — אָקסענקעמפּ-פער צו פוס.

**טאָרף** — פּראָדוקט, וועלכעס ווערט נעבילדעט פון פערפוילטע געוויקסען אונטער וואַסער און זאַמעלט זיך אָן אויף די אָבערפלעכע פון אויסגעטרי-קענטע בלאָטעס, עס ווערט בענוצט אַלס ברען-מאַטעריאַל.

**טאָרפּעדאָ** (לאט.)-אַפּאַראַט צום אויפ-רייסען שיפען אונטער'ן וואַסער.

**טואַז** (פר.) – לענגען-מאָס אין פראַנק-רייך און שווייץ, אונגעפעהר אַ קלאַפטער.

**טואַלעט** (פר.) — 1) פוץ-טיש, טיש מיט אַ שפּיגעל, אַ שיסעל, בערשטלעך און קעמלעך, פלעשלעך פערפום, אָדעקאָלאָן א. ד. ג. מכשירים צום וואַשען, קעמען און אויספוצען זיך. 2) אַלע צוגעהערינקייטען צום אָנטהון זיך און אויספוצען.

**טואַלעט מאַכען** — אָנטהון זיך, אויספוצען זיך.

**טובערקולאָז** (לאט.) — שווינדזוכט, נעפעהרליכע, אָנשטעקענדע קראַנקהייט.

**טוטי פרוטי** (איט.) – אַלערליי פרוכ-טען, פערשידענע זאַכען, מכל המינים.

**טוטי קוואַנטי** (איט.)-אַלע צוזאַמען; אַלעם, ווי ס'געהט און שטעהט.

**טויטאָהראָן, טויטאָהראָניש** (גר.) גלייכצייטיג.

**טויטאָהראָניזמוס** (גר.) — גלייכ-צייטיגקייט.

**טויטאָלאָגיע** (גריכ.) – איבער'חזר'ונג פון דעמזעלבען בעגריף דורך

פערשיעדענע ווערטער, וועלכע האבען אנ'געהגליכע בעדייטונג.

**טול** (פר.) — דורכזיכטיגער וואָלען- אָדער זיידען-שטאָף, וועלכער ווערט פערארבייט ווי א זיפ.

**טונדרא** (פינ.) — גרויסע, גלאַטיגע שטרעקע לאנד, אויף וועלכער עס וואַקסט נאָר הערבסטענס מעך, און וועלכע איז אויף פיעל ערטער בעדעקט מיט זומפען, וואַסערלעך אָדער אייז.

**טוניקא** (לאַט.) — 1) אונטער-מלבוש פון די פארצייטיגע רוימער (ווי דאָס העברעאישע „כתונת" אין תנך). 2) אונטערקלייד פון די קאַטוילישע בישאָפען, פון די פראַנצויזישע קעניגען ביים זאַלבען.

**טונעל** (ענג.) — וועג אונטער דער ערד.

**טו קאָם שע נו** (פר.) — Tout Comme chez nous „אַלס ווי ביי אונז" — שפריכוואָרט, וועלכעס האָט דעם זעלבען זין, ווי דאָס תלמוד'ישע „סדנא דארעא חד הוא".

**טור** (פר.) — 1) אַרומדרעהונג (איבער-הויפט ביים טאַנצען. 2) וועג, רייזע.

**טורבאַן** (טורק.) — מיץ, וועלכע עס טראָגען אויפ'ן קאָפּ די איינוואָהנער פון די מזרח-לענדער.

**טורבינע** (לאַט.) — מאָטאָר, אויף וועלכען די קראַפט פון וואַסער ווירקט האָריזאָנטאַל און ענטגעגענגעזעצטער ריכטונג, און וועלכער ווערט אַזוי אַרום געבראַכט אין בעוועגונג צוזאַמען מיט דעם גאַנצען מעכאַנישען סיסטעם, מיט וועלכען ער איז פערבונדען.

**טוריסט** (פר.) — רייזענדער צום פערגניגען.

**טורניר** (פר.) — ריטער-שפיעל אין מיטעלאַלטער, ביי וועלכען צוויי ריטערס האָבען געקעמפפט מיט געוועהר אין דער האַנד.

**טורנע** (פר.) — רונד-רייזע, יאָהר-רייזע, רייזע אויף א בעשטימטע שטרעקע הין און צוריק פון וואָיאַזשאָרען, אינספעקטאָרען, טעאַטער-טרופען א. ד. ג.

**טורקיס** — האַלב דורכזיכטיגער טייערער שטיין.

**טוש** (פר.) — מין טינט, פאַרב צום צייכנען.

**טיאַרא** (גר.) — 1) מיץ פון פאַרצייטיגע פערסי'שע מלכים און יודישע כהנים גדולים. 2) מיץ פון דריי קרוינען, וועלכע עס טראָגט דער פּאַפּסט ביי זעלטענע וויכטיגע געלעגענהייטען.

**טיטאַנין** (גר.) — אין דער מיטאָלאָגיע ריעזען, וועלכע האָבען געוואָלט צונעהמען ביי זעאוס'ן די מלוכה איבער'ן הימעל און זענען אָבער אַראָבגעוואָרפען געוואָרען פון איהם אין טאַרטאַר (ז. דאָרט).

**טיטעל** (לאַט) — 1) אויפשריפט, נאָמען פון א בוך, א קאַפּיטעל אָדער

אַ געזעץ א. ד. ג. 2) עהרען=בעצײַכנונג פון בעאַמטע, אַדעליגע אָדער פון אַנ=דערע בירגער, וועלכע קריגען זיי אַלס דאַנק פאַר פערשיעדענע נוצען, וואָס זיי ברענגען דער מדינה.

**טײַם** (ענגל.) — צײַט.

**טײַמס** (ענגל.) — גרויסע ענגלישע צײַטונג און לאָנדאָן.

**טײַפעלס=מאַשין** (דײַטש) — אַ קליינע מאַשין, וועלכע איז אָנגע=פילט מיט דינאַמיט, פולווער און אַנ=דערע אויפרײַסונגס=מאַטעריאַלען.

**טילבערי** (ענגל.) — אָפענע קאַרעטע צום שפּאַצירען.

**טימאָקראַטיע** (גר.) — שטאַאַטס=סיסטעם, לויט וועלכען די רײַכערע בירגער פון דער מדינה, וועל=כע צאָהלען מעהר שטײַער, האָבען מעהר פּאָליטישע רעכט.

**טימפּאַן** (איט.) — מין פויק; פויק=הײַטעל און אויער.

**טינקטור** (לאַט.) — 1) געפאַרבטע פליסיגקײַט. 2) אויסצוג פון אָרגאַנישע שטאָפען, וועלכע ווערען בעגאָסען מיט וואַסער אָדער שפּירטוס.

**טיער** (פר.) — מיטעלשטאַנד אין פראַנק=רײַך, קליין=בורזשואַזיע (בעלי-מלאכות, סוחרים און פויערען).

**טיפּ** (גר.) — אינדיווידואום, וועלכעס בעזיצט אַלע איינענשאַפטען, וואָס כאַראַקטעריזירען דעם מין, דעם קלאַס, די פאַמיליע אָדער דעם פאָלק, צו וועלכע דאָס דאָזיגע אינדיווידואום געהערט.

**טיפּאָגראַף** (גר.) — בוכדרוקער.

**טיפּאָגראַפיע** (גר.) בוכדרוקערײַ.

**טיפּאָליט** (גר.) — 1) גראַווירטע שטיי=נער צום ליטאָגראַפירען. 2) אַבדרוק פון פערשטיינערטע חיות אויף שטיינער.

**טיפּאָליטאָגראַפיע** (גר.) — דרוקע=רײַ, בײַ וועלכער עס ווערען פערווענדעט צום דרוקען שטיינער מיט אויסגעגראַווירטע אָדער אויסגעזעצטע בילדער אין פיגורען שטאָט דרוקפּלאַטען.

**טיפּיש** (גר.) — דאָס, וואָס האַראַק=טעריזירט אַ גאַנץ פאָלק, אַ קלאַס, אַ מין, אַ פאַמיליע א. ד. ג.

**טיפאָן** (חינ.) — הייסער שטורמינגער דרום=ווינד; העפטיגער שטורם=ווינד אין די חינעזישע און יאַ=פּאַנישע ימים צווישען די טראָפּיקען.

**טיפוס** (גר.) — אָנשטעקענדע פיבער=האַפטע קראַנקהײַט.

**טיקעט** (ענגל.) — צעטעל, בילעט (איבערהויפּט שיפס-קאַרטע).

**טיראַדע** (פר.) — היציגע רעדע צו איינעם.

**טיראַזש** (פר.) — ציהונג פון אַ לאָטעריע.

**טיראַן** (גר.) — 1) געוועלטיגער, הערשער געגען דעם ווילען פון דעם פאָלק. 2) גרויזאַמער שטרענ=גער הערשער.

**טיראַניי** (גר.) — גרויזאַמע, שטרענגע, שרעקליכע הערשאַפט.

**טיראַניש** (גר.) – גרויזאַם, שטרענג.

**טעאָגאָניע** (גר.) — מיטאָלאָגישע ערצעהלונגען וועגען דעם, ווי אַזוי די געטער זענען בעשאַפען געוואָרען.

**טעאָדאָליט** (גר.) – אַסטראָנאָמישער מעסט-אַפּאַראַט.

**טעאָדיצעע** (גר.) – טעאָלאָגישע לעהרע וועגען גאָט'ס גערעכטיגקייט און זיין השגחה, וועלכע וויל אויפווייזען, דאָס חאָטש מען זעהט, אַז „צדיק ורע לו, רשע וטוב לו" (דעם צדיק איז שלעכט, און דעם רשע איז גוט), דאַרף אודאי אַזוי צו זיין, דען גאָט בעצאָהלט יעדען לויט זיינע מעשים, און „גאָט איז שטענדיג גערעכט און זיין משפט איז גערעכט".

**טעאוטאָניש** — דייטשיש.

**טעאוטאָנען** – דייטשען, ווייל, לויט ווי מען האָט פריהער גערעכענט, קומען זיי אַרויס פון איינעם טעאוט.

**טעאורג** (גר.) — בעל-מופת, בעל-נס; מענש, וועלכער בעווייזט נסים, ווייל, ווי ער זאָגט, געפינט ער זיך און נאָהנטער פערבינדונג מיט די רוחות אָדער געטער (ווי די „חרטומים" אין מצרים).

**טעאָזאָף** (גר.) – מיסטיקער, וועלכער גלויבט, דאָס דורך פערשידענע רעליגיעזע מעשים און כוונות האָט ער געפונען דעם סוד פון דער געטליכקייט און פון דער שעפּפונג (סתרי אלהות וסוד הבריאה).

**טעאָזאָפיע** (גר.) — דאָס דערקענען פון גאָט און די סודות פון דער וועלט-ערקענטניס, צו וועלכער, לויט ווי עס גלויבען פערשידענע מיסטיקער, קאָן מען דערגרייכען מיט פערשידענע רעליגיעזע מעשים און כוונות.

**טעאַטראַליש** (גר.) — לויט ווי עס קומט פאָר אין טעאַטער.

**טעאַטער** (גר.) – געביידע, אין וועלכען עס קומען פאָר סצענישע פאָרשטעלונגען.

**טעאיזמוס** (גר.) – גלויבען אין גאָט.

**טעאיסט** (גר.) — דער, וואָס גלויבט אין גאָט.

**טעאָלאָג** (גר.) – קענער פון טעאָלאָגיע.

**טעאָלאָגיע** (גר.) – לעהרע וועגען אַ רעליגיע און איהר ענטוויקלונג.

**טעאָלאָגיש** (גר.) – לויט די ערקלערונג פון דער טעאָלאָגיע, וואָס געהערט צו דער טעאָלאָגיע.

**טעאַנטראָפּ** (גריכ.) — גאָט-מענש (ד. ה. קריסטוס).

**טעאָקראַטיע** (גר.) — הערשאַפט פון גאָט: רעגירונגס-סיסטעם און אַ לאַנד, ביי וועלכען גאָט ווערט גערעכענט אַלס אויבערהערשער און די כהנים זיינע שטעל-פערטרעטער.

**טעאָריע** (גר.) — וויסענשאַפטליכע אויספאָרשונג פון די אורזאַכען און געזעצען פון אַ גאַנצער רייהע ערשיינונגען, וועלכע איז געגרינדעט אויף זאַצען, רעכנונג און

שלוסצוהונג און געגענזאַץ צו דער פּראַקטיק.

טעאָרעטיש (גר.) – איינשטימיג מיט דער טעאָריע, ווי עס פאָדערט די טעאָריע.

טעאָרעם (גר.) — וויסענשאַפטליכער זאַץ, (איבערהויפּט אין דער מאַטעמאַטיק), וואָס זיין ריכטיגקייט מוז און קאָן בעוויזען ווערען. ז. אַקסיאָמע.

טעזוירום (לאַט.) — אוצר, גרויסער ווערטער-בוך.

טעזיס (גריכ.) — אַלגעמיין גילטיגער זאַץ, בעוויזענער זאַץ.

טעט-א-טעט (פר.) – אונטער פיער אויגען, אַליין מיט עמיצען, אָהן שום דריטער פּערזאָן.

טעטראַרך (גר.) – הערשער איבער א פיערט-חלק פון א מדינה.

טעטראַרכיע (גר.) – מדינה, וועלכע איז געטהיילט אין 4 חלקים, און אין יעדען חלק געוועלטיגט איין הערשער.

טעכנאָלאָג (גר.) — געלעהרטער, קענער פון וויסענשאַפטען וועגען מלאכות און די מאַשינען, וועלכע זענען צו זיי נויטיג.

טעכנאָלאָגיע (גר.) – לעהרע וועגען מלאכות און די מאַשינען, וועלכע מען דאַרף האָבען צו זיי.

טעכנאָלאָגיש (גר.) – וואָס איז נוגע די וויסענשאַפט וועגען מלאכות.

טעכניק (גר.) – קונסטלעהרע: לעהרע אָדער געניטקייט, ווי זיך אומצוגעהן מיט דעם מאַטעריאַל און קונסטען און מלאכות.

טעכניקער (גר.) — געלעהרטער, געניטער און פערשידענע מלאכות.

טעכניש (גר.) — וואָס איז נוגע די אויספיהרונג פון א קונסט אָדער א מלאכה.

טעלאַמאָן (גר.) — אין דער אַרכיטעקטור פיגור פון א מענש, וועלכע האַלט עפּעס אין דער האַנד.

טעלוס (לאַט.) – ערד, געטין פון דער ערד.

טעלור – מעטאַל, ענהליך צו צין.

טעלוריום (לאַט.) — אינסטרומענט צו דעמאָנסטרירען די בעוועגונג פון די ערד און די לבנה.

טעלוריזמוס (לאַט.) – ערד-מאַגנעטיזמוס.

טעלוריש (לאַט). — וואָס איז נוגע די ערד, די אירדישע כוחות פון דער ערד.

טעלעאָלאָגיע (גר.) – צוועקס-לעהרע: פילאָזאָפישע אַנשויאונג, דאָס די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען מיט א געוויסען ציעל, און אַלעס, וואָס אויף איהר געשעהט, האָט א בעשטימטען צוועק.

טעלעאָלאָגיש (גר.) — וואָס שטיצט זיך אויף טעלעאָלאָגיע, וואָס איז נוגע טעלעאָלאָגיע.

טעלעגראַמע (גריכ.) — ידיעה,

וועלכע קומט אָן מיט'ן טעלעגראַף.

**טעלעגראַף** (גר.) — אַפּאַראַט צום איבערגעבען געשווינד שריפט־ליך ידיעות פון ווייטע ערטער.

**טעלעגראַפיסט** (גר.) — מענש, וועלכער איז בעשעפטיגט ביים טעלעגראַף; בעאַמטער אין טע־לעגראַפען־קאַנטאָר.

**טעלעגראַפיע** (גר.) — קונסט צו שיקען שנעלע שריפטליכע ידיעות אין ווייטע ערטער.

**טעלעגראַפירען** (גר.) — שיקען אַ ידיעה דורכ'ן טעלעגראַף.

**טעלעגראַפיש** (גר.) — וואָס איז נוגע דעם טעלעגראַף, וואָס איז אָנגעקומען מיט'ן טעלעגראַף.

**טעלעסקאָפּ** (גר.) — ווייט־קוקער: רעהר מיט שטאַרקע פער־גרעסער־גלעזער, דורך וועלכע מען קאָן זעהן פערשידענע הימעלסערשיי־נונגען.

**טעלעסקאָפּיש** (גר.) — וואָס מען קאָן זעהן נאָר מיט'ן טעלעסקאָפּ.

**טעלעפאָן** (גר.) — רעדער פון ווייטען: אַפּאַראַט, וועלכער מאַכט מעגליך, אַ דאַנק אַן עלעקטרישען שטראָם אין דעם דראָהט, וואָס פעראייניגט איהם מיט אַן אַנדערען ווייטען עהנליכען אַפּאַ־ראַט, צו הערען, וואָס מען רעדט ביי יענעם אַפּאַראַט, און דאָרט געהערט צו ווערען.

**טעמאַ** (גר.) — הויפּטזאַץ, הויפּטגע־דאַנק פון אַ חבור, אַ רעדע אָדער אַ מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע א. ד. ג.

**טעמאַטיש** (גר.) — איינשטימיג מיט דעם טעמאַ.

**טעמבר** (פר.) — קלאַנג־פאַרבע, בעזונ־דערער כאַראַקטער פון אַ טאָן.

**טעמיס** (גר.) — געטין פון גערעכ־טיגקייט.

**טעמפּאָ** (איט.) — צייט, וועלכע איז נויטיג פאַר אַ בעשטימטע בעוועגונג; די בעוועגונג גופא; די געשווינדיגקייט פון אַ בעוועגונג, איבער־הויפּט פון אַ מוזיקאַלישע.

**טעמפּליער** (פר.) — טעמפּעלהיטער ריטער־אָרדען, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען אין דער צייט פון די קרייצצוגע, אין יאָהר 1118, צו פערהיטען פון אָנפאַלען די קריס־טען, וועלכע זענען עולה לרגל גע־וועזען קיין ירושלים.

**טעמפּעל** (לאַט.) — היכל: גאָטעס־הויז, שוהל, קירכע, בית־המקדש.

**טעמפּעלהערר** — ז. טעמפּליער.

**טעמפּעראַ** (איט.) — אַרט מאַלעריי מיט פאַרבען, וועלכע ווערען אויסגעמישט מיט איי־געלכעל און לאַהם (קליי).

**טעמפּעראַטור** (לאַט.) — שטופּע וואַרעמקייט אָדער קעלט פון אַ קערפּער אָדער דער לופט.

**טעמפּעראַמענט** (לאַט.) — בעשאַ־פענהייט און אויסערונג פון אַלע פיזיאָלאָגישע איינגעשאַפטען ביי

אַ בעשטימטער פּערזאָן ; אַרט הויזגע־קייט , נאַטור פֿון אַ מענשען .

**טענאָר** (איט.) – הויכע מענער־שטימע, שטימע צווישען אַלט און באַס.

**טענדענץ** (לאַט.) — ריכטונג , שטרעבונג צו אַ בעשטימטען ציעל .

**טענדענציעז** (לאַט.) — מיט אַ געוויסער כונה, כדי אַ בעשטימטען צוועק צו דערגרייכען .

**טענדער** (ענגל.) – 1) הילפס־שיף, קלענערע שיף, וועלכע איז צוגעבונדען צו אַ גרויסער . 2) שפּייכער פֿון אַ לאָקאָמאָטיוו, און וועלכען מען האַלט קוילען און פערשיעדענע מכשירים פאר'ן מאַשיניסט .

**טענוטאַ** (איט.) — אויסגעהאַלטענער טאָן .

**טעסט** (לאַט.) — שבועה, וועלכע יעדער בעאַמטער אין ענגלאַנד מוז שווערען, דאָס ער אַנערקענט נישט דעם פּאַפּסט אַלס הויפט פֿון דער קירכע (ד. ה. ער שווערט , דאָס ער איז נישט קיין קאַטאָליק) .

**טעסטאַטאָר** (לאַט.) – צוואָה־לאָזער .

**טעסטאַטאָריש** (לאַט.) — לויט ווי עס שטעהט אין דער צוואָה .

**טעסטאַמענט** (לאַט.) — 1) צוואָה . 2) די הייליגע ביכער ביי די קריסטען : דער תנ"ך (אַלטער טעסטאַמענט) און דאָס עוואַנגעליום (נייער טעסטאַמענט – ברית חדשה) .

**טעסט־אַקט** (לאַט.) – ענגלישעס געזעץ, וועלכעס ערקלערט , דאָס דער פּאַפּסט שטעהט נישט אין דער שפּיצע פֿון דער קירכע .

**טעסטימאָניום** (לאַט.) – צייגניס .

**טעסטימאָניום פּויפּערטאַטיס** (לאַט.) – אָרימקייטס־צייגניס .

**טעקטאָניק** (גר.) — 1) בוי־קונסט . 2) קונסט צו מאַכען רעליעף־בילדער אויף האָלץ און מעטאַל .

**טעקטאָניש** (גר.) — וואָס איז שייך צו טעקטאָניק .

**טעקסט** (לאַט.) — 1) שפּראַך , אין וועלכער דער אָריגינאַל איז געשריבען . 2) די ווערטער פֿונ'ם מחבר, אָהן די קאָמענטאַריען . 3) דרוק־שריפט, מיט וועלכער מען דרוקט דעם טעקסט אַ חוץ די בעמערקונגען .

**טער** (לאַט.) — דריימאָל .

**טעראַפּיע** (גר.) — פּראַקטישער טייל מעדיצין, וועלכער לערנט צו היילען קראַנקהייטען .

**טעראָר** (לאַט.) – שרעק, שטענדיגע אָנפאַלען און שטראָפען, כדי איבערצושרעקען די געגנער .

**טעראָריזמוס** (לאַט.) – סיסטעם פֿון הערשונג אָדער שטרעבונג אַרויסצורייסען די הערשונג פֿון אַנדערע דורך שטענדיגע אָנפאַלען און שטרענגע שטראָפען .

**טעראָריזירען** (לאַט.) – סיסטעמאַטיש אָנמאַכען שרעק דורך אָנפאַלען, רציחות א. ד. ג.

**טעראָריסט** (לאַט.) — אָנהענגער פֿון

טעראָריזמוס, הערשער מיט דער הילף פון טעראָר.

**טעריטאָריאַל** (לאט.) — וואָס איז שייך צו א בעשטימטען טעריטאָריום.

**טעריטאָריאַליזמוס** (לאט.) — שטרעבונג צו שאפען פאר די יידען, וועלכע ווילען אָדער קענען זיך נישט אסימילירען, א לאנד מיט אויטאָנאָמע רעכטע.

**טעריטאָריאַליסט** (לאט.) — אָנהענגער פון טעריטאָריאַליזמוס.

**טעריטאָריום** (לאט.) — בעשטימטעס שטיק לאנד.

**טערמאָמאַגנעטיזמוס** (גריכיש.) – מאגנעטיזמוס, וועלכער ערשיינט אין א קערפער א דאנק זיינער וואַרימקייט.

**טערמאָמעטער** (גר.) – וואַרם-מעסטער, אפאראט צו מעסטען די טעמפעראטור.

**טערמאָעלעקטריציטעט** (גר.) – עלעקטריציטעט, וועלכער ערשיינט אין א קערפער, א דאנק זיינער וואַרימקייט.

**טערמידאָר** (פר.) — היץ-חודש, דער חודש פון 19 יולי ביז 17 אויגוסט אין דעם קאַלענדאַר פון דער ערשטער פראנצויזישער רעפובליק.

**טערמין** (לאט.) – 1) ציעל, בעשטימטע צייט. 2) אויסדרוק פאר א בעשטימטען בעגריף.

**טערמינאָלאָגיע** (לאט.-גר.)–זאמלונג פון טערמינען (קונסט-אויסדריקען) פאר בעגריפען פון עפעס א וויסענשאפט אָדער א קונסט.

**טערמע** (גר.) — וואַרים באָד, מרחץ ביי די רוימער.

**טערנע** (לאט.) – דריי אַרויסגעצויגענע נומערן אין איין שורה ביי טערנע-שפיעל.

**טערנע-שפיעל** ז. לאָטאָ-שפיעל.

**טערסעראָן** (שפאנ.) – קינד פון אַן אייראָפעער און א מולאַטין.

**טערפסיכאָרע** — איינע פון די ניין מוזעס, מוזע פון טאנצען און האָר-געזאַנג.

**טערפענטין** – געריכטער זאפט פון פערשידענע נאַדעל-בוימער.

**טערפענטין-אייל** – דעסטילירטער טערפענטין.

**טערץ** (לאט.) – 1) דרוק-שריפט, צווישען טעקסט- און מיטעל-שריפט. 2) $^{1}/_{60}$ סעקונדע, 3) דער דריטער טאָן אין דער מוזיק. 4) אין פיקעט (קאָרטען-שפיעל) דריי קאָרטען שבנים לויט זייער גרוים, למשל: אָבער, מלכה, מלך.

**טערציניע** (איט.) – סטראָפע פון דריי פערזען (שורות).

**טערצעט** (איט.) – מוזיקאַלישע פיעסע פאר דריי שטימען.

**טעררא** (לאט.) — ערד, לאנד.

**טעררא אינקאָגניטאַ** (לאט.)– אונבעקאַנטעס לאנד, נישט-בעקאנט געביעט.

**טראַבאַנט** (איט.) — אייגענטליך לייבוועכטער, און דער אַס־טראָנאָמיע – נעבען־פּלאַנעטע, פּלאַנעטע, וועלכע באַגלייט אַן׳אַנדערע, אַ גרעסערע.

**טראַגאַנט** — קלעבּיגעס מאַטעריאַל, טין גומי, ווערט בענוצט צו בעקערייַ.

**טראַגיק** (גר.) – טרויער, טרויעריגע לאַגע.

**טראַגיקאָמיש** (גר.) — האַלב טרויעריג, האַלב לוסטיג.

**טראַגיקאָמעדיע** (גר.) — דראַמע, אין וועלכער עס קומען פאָר אי טראַגישע, אי קאָמישע סצענעס.

**טראַגיקער** (גר.) – 1) פערפאַסער פון טראַגעדיעס. 2) אַרטיסט, וועלכער פיהרט אויס טראַגישע ראָלעס.

**טראַגיש** (גר.) — טרויעריג; ווי עס קומט פאָר אין אַ טראַגעדיע.

**טראַגעדיע** (גר.) — טרויער־שפּיעל, פערפאַסונג פאַר די בּצענע, אין וועלכער די הויפּט־העלדען האָבען צו קעמפּפען מיט פערשידענע זייטיגע מניעות און נאָך מעהר מיט די אייגענע געפיהלען, און מייסטענס ענדיגט זיך זייער קאַמפּף זעהר אונגליקליך פאַר זיי, טרויעריג, טראַגיש.

**טראַדיציאָנעל** (לאַט.) — לויט די מסורה, לויט ווי עס איז אָנגענומען פון דור דורות.

**טראַדיציע** (לאַט.) – מסורה, וואָס עס איז איבערגעגעבען פון עלטערן צו קינדער, פון איין דור צום אַנדערען ביי אַ פאָלק.

**טראַמטויאַר** (פר.) — אויסגעפלאַסטער־טער וועג פאַר פוסגעהענדע אין ביידע זייטען גאַס.

**טראַמטע אָדער טראַסירטער וועקסעל** (איט.) — וועק־סעל, וועלכען עס שטעלט אויס נישט דער דעבּיטאָר (בעל־חוב), נאָר דער קרעדיטאָר.

**טראַכאָם** (גר.) — שווערהיילבאַרע און זעהר שעדליכע און אָנ־שטעקענדע אויגען־ענטצינדונג.

**טראַכייום** (גר.) — פערזפוס פון צוויי זילבען: די ערשטע – אַ הויפּטאָניגע, די צווייטע - אַ טאָנלאָזע.

**טראַם** (ענג.) — שינע.

**טראַמאָנטאַנאַ** (איט.) – צפון־ווינד.

**טראָמבאָז** (גר.) – בלוט־געשווילונג.

**טראָמבע** (פר.) – שטאַרקער, שרעק־ליכער ווינד, וועלכער דרעהט זיך אויף איין בעשטימטען אָרט אונגע־הייער ראַש און צוברעכט און פערניכ־טעט אַלעס אויף זיין וועג. אויפ׳ן ים בילדעט די טראָמבע אַ הויכען זייל פון וואַסער, וועלכעס דרעהט זיך געשווינד, און אויב אַ שיף פאַלט אַריין אין אַזאַ טראָמבע, ווערט עס צובראָכען אויף שטיקלעך.

**טראַמוויי** (ענג.) — שינען־וועג, אויף וועלכען מען פאָהרט מיט וואָגענס מיט פערד אָדער (און מייסטענס אַזוי) מיט עלעקטרישע.

**טראָן** (גר.) — הויכער שטול, אויף וועלכען עס זיצען קעניגען און פירשטען (כסא-מלוכה).

**טראָן-רעדע** (גר.-ד.) — רעדע, מיט וועלכער אַ קעניג עפענט דעם פּאַרלאַמענט פון זיין מדינה.

**טראַנזאַקציע** (לאַט.)- פערהאַנדלונג, געשעפט-אָבמאַכונג.

**טראַנזיט** (איט.) — דורכפיהרונג פון סחורות.

**טראַנספּאַראַנט** (פר.) — 1) בלאַט פּאַפּיער מיט גראָבע ליניעס, וועלכעס מען לעגט אונטער אַנ׳אונגעלינירטען בלאַט פּאַפּיער, כדי מען זאָל שרייבען אויפ׳ן לעצטען גלייך. 2) דורכזיכטיג בילד.

**טראַנספּאָרט** (לאַט.) — איבערפיהרונג: 1) וואָגען אָדער פּאַרטיע סחורה, וועלכע מען ברייננט מיט איינמאָל צופיהרען. 2) אין דער בוכהאַלטעריע — סומע, וועלכע מען טראָגט איבער פון איין בלאַט אויפ׳ן אַנדערען.

**טראַנספּאָרטירען** (לאַט.) -- איבערפיהרען, איבערטראָגען, אַרויספיהרען.

**טראַנספּאָרטער** (פר.) — אינסטרומענט צו מעסטען ווינקעל און צו צייכנען בעשטימטע ווינקעל אויפ׳ן פּאַפּיער.

**טראַנספּאָרמירען** (לאַט.) – איבערפאָרמירען, ענדערן די פאָרם, די געשטאַלט אין אַנ׳אַנדערע.

**טראַנסצענדענט** (לאַט.) — 1) אין דער פילאָזאָפיע – וואָס איז אונמעגליך צו פערשטעהן מיט דעם שכל און צו שליעסען מיט הילף פון פילאָזאָפישע מעטאָדען. 2) אין דער מאַטעמאַטיק - גרעסען, וואָס מיט דער הילף פון אַלגעברא איז אונמעגליך זיי אויסרעכנען.

**טראַנסקריבירען** (לאַט.) — איבערשרייבען (איבערהויפּט ווערטער פון איין שפּראַך אין דער אַנדערער).

**טראַנסקריפּציע** (לאַט.) — איבערשרייבונג פון ווערטער, וועלכע שטאַמען פון אַ שפּראַך, מיט בוכשטאַבען פון אַנ׳אַנדער שפּראַך.

**טראַסאַט** (איט.) -- דער, וואָס דאַרף צאָהלען אויף אַנ׳אויסגעשטעלטע טראַטע.

**טראַסאַנט** (איט.) -- דער, וועלכער האָט אויסגעשטעלט אויף איינעם אַ טראַטע און דאַרף אָבקריגען געלד פאַר איהר.

**טראַסירען** (איט.) — אויסשטעלען אַ טראַטע.

**טראָפּ** (גר.) — 1) וואָרט, וועלכעס ווערט געברויכט נישט אין זיין אייגענטליכען זין. 2) נגינה, וועלכע איז אַנדערש פאַר פערשידענע ווערטער און יעדען פסוק פון תנ״ך.

**טראָפּיק** (גר.) — יעדערער פון די צוויי קרייזען, וועלכע געהען אַרום די ערד פון ביידע זייטען עקוואַטאָר (מיטעל-קרייז) און שליסען איין דעם היסעסטען פּאַס פון די ערד (די טראָפּישע זאָנע).

**טראָפּיש** (גר.) – ווי עס איז און דאָרף זיין צווישען די טראָפּיקען, און די הייסעסטע געגענדען.

**טראַפּעץ** (גר.) — געאָמעטרישע גע־שלאָסענע פיגור פון פיער זייטען, פון וועלכע נאָר צוויי זענען פּאַראַלעל.

**טראַפּיק** (פר.)–קליין געשעפט, איבער־הויפט טאַבאַק־געשעפט.

**טראָפּען** (גר.) – סימנים פון נצחון, רויב, וועלכעס דער זיגער האָט צוגענומען ביים בעזיגטען.

**טראָק** (ענג.) — טויש־האַנדעל.

**טראָק־סיסטעם** (ענג.) — סיסטעם צו בעצאָהלען די פאַבריק־אַרבייטער מיט סחורה אַנשטאַט געלד.

**טראַקט** (לאַט.) — גלייכער וועג.

**טראַקטאַט** (לאַט.) — פערהאַנדלונג, אָבמאַך.

**טראַקטירען** (לאַט.) — בעגעגען זיך, בעהאַנדלען, מקבל־פנים זיין.

**טריאָ** (איט.) — מוזיקאַלישע קאָמפּאָ־זיציע פאַר דריי שטימען.

**טרובאַדור** (פר.) — פּאָעטען און מיטעלאַלטער, וועלכע פלעגען אַרומטרעטען מיט זייערע שירים אויף בעלער און אין הויף פון פער־שידענע קעניגען און פירשטען אין מערב־אייראָפּאַ.

**טרופּע** (פר.) — אַרטיסטען־פערסאָנאַל פון אַ טעאַטער.

**טריאומף** (לאַט.) — פייערליכער אַריינפאָהר פון אַ זיגער נאָך אַ נצחון און זיין שטאָלץ.

**טריאומפאַטאָר** (לאַט.) — זיגער, מנצח, פאַר וועלכען מען מאַכט דעם טריאומף.

**טריאומפאַל** (לאַט.) – ווי עס פּאַסט פאַר אַ טריאומף, וואָס עס געהערט צו אַ טריאומף.

**טריאומפירען** (לאַט.) – פייערן אַ נצחון איבער'ן שונא.

**טריאַנגולאַציע** (לאַט.) – דאָס מעס־טען אָבצימעסטען אַ געגענד און אַראָבנעהמען אַ פּלאַן פון איהר מיט דער הילף פון איינטיילונג און דריי־עקען און אויסמעסטען פון יעדען דריי־עק בעזונדער.

**טריבוט** (לאַט.) — צינז, שטייער.

**טריבון** (לאַט.) — פערטרעטער פון פשוט'ן המון (פּלעבס) אין פאַרצייטיגען רוים.

**טריבונאַל** (לאַט.) — געריכטס־הויז, בית־דין.

**טריבונע** (פר.) — הויכער אָרט, פון וועלכען מען האַלט אַ רעדע אָדער אַ דרשה; בימה.

**טריגאָן** (גר.) – דרייעק, געאָמעטרישע פיגור.

**טריגאָנאָמעטריע** (גר.) — דריי־ווינקעל־מעסונג; מאַטעמאַטי־שע וויסענשאַפט, וועלכע פאָרשט אויס די פערהעלטניסע פון די עלעמענטען (ווינקעל און זייטען) פון די דרייעקען און לערנט בערעכענען טייל פון זיי, ווען די איבריגע זענען בעקאַנט.

**טריוויאַל** (לאַט.) — נעמײַן, גראָב, פּשוט.

**טריוויום** (לאַט.) — אָרט, וואו דרײַ וועגען קומען זיך צונויף.

**טריומוויר** (לאַט.) — איינער פון די דרײַ מיטגלידער פון אַ טריומווירַאַט.

**טריומוויראַט** (לאַט.) — קאָלעגיום, פערבינדונג פון דרײַ מיטגלידער.

**טריטאָן** (גר.) — וואַסער-גאָט בײַ די פאַרצײַטיגע גריכען און רוימער.

**טריטעיזמוס** (גר.) — גלויבען, דאָס יעדע פון די דרײַ פערזאָנען פון דער טריניטעט (ז. ד.) איז אַ בעזונדערע נאָטהײַט פאַר זיך.

**טרייד** (ענג.) — מלאכה, אַרבײַט.

**טריידס-יוניאָן** (ענג.) — פעראיין פון בעלי-מלאכות.

**טריכין** (גר.) — מין וואָרם, וועלכער לעבט אַלס פּאַראַזיט אין דעם קערפּער פון מענשען.

**טריכינאָז** (גר.) — קראַנקהײַט, וועלכע ווערט געבילדעט אין מענשליכען קערפּער, אויב עס מעהרען זיך דאָרט טריכינען.

**טרילאָגיע** (גר.) — דרײַ ליטעראַרישע ווערק, וועלכע בילדען אייגענטליך לויט זייער אינהאַלט אַ המשך איינס פון דעם אַנדערען.

**טריליאָן** — מיליאָן בילליאָנען.

**טרימאָ** (פר.) — מין שפּיעגעל.

**טריניטעט** (לאַט.) — דרײַ איינינקײַט, גלויבען פון די קריסטען, דאָס עס עקזיסטירט איין גאָט אין דרײַ פערזאָנען (דער פאָטער, דער זוהן און דער רוח-הקודש).

**טריסט** (לאַט.) — טרויעריג, דונקעל.

**טריפּער** (דײַטש) — אַנשטעקענדע קראַנקהײַט פון די געשלעכטס-אָרגאַנען בײַ מענער און בײַ פרויען, וועלכע בעשטעהט אין רינען פון אַ מין אײַטער.

**טריפּאָל** (לאַט.) — דרײַבלאַט, גראָז, וועלכעס ווערט בענוצט אַלס מיטעל קעגען פיבער.

**טריקאָט** (פר.) — שטריקערײַ, געשטריקטע קליידונג.

**טרעל** (פר.) — אין דער מוזיק — געשווינדע ווידערוואַהלונג פון צוויי נאָטען איינע נאָך די אַנדערע.

**טרעסט** (ענג.) — גרויסע האַנדעלס-געזעלשאַפט.

**טרעף** (פר.) — קאָרטען-פאַרבע (אייכע, קרייץ).

**טשאַרדאַש** (אונג.) — אונגאַרישער נאַציאָנאַל-טאַנץ.

**טשאָרט** (רוס.) — טײַפעל, שד.

**טשאַרטיזמוס** (ענגל.) — בעוועגונג פון די ענגלישע אַרבײַטער אין פאַרגאַנגענעם יאָהרהונדערט מיט דעם ציעל צו מאַכען פאָלקסמעסיגער די קאָנסטיטוציע און צו ערווערבען פּאָליטישע גלײַכבערעכטיגונג פאַר די אַרבײַטער אויף'ן פּאַרלאַמענטאַרישען וועג.

**טשאַרטיסט** (ענג.) — אָנהענגער פֿון טשאַרטיזמוס אין ענגלאַנד.

**טשאַרטער** (ענגל.) — 1) פּריווילעגיען־שיין; פּאַפּיער, אין וועלכען די רעגירונג גאַראַנטירט פֿרייהייט און פֿערשידענע רעכטע. 2) פּאַפּיער, אין וועלכען עס זאָל דעם יידישען פֿאָלק און דער פּערזאָן פֿון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק געזיכערט ווערען פֿון דער זייט פֿון דער טערקישער רעגירונג פֿרייהייט און געוויסע זעלבסטשטענדיגקייט און פּריווילעגיען אין ארץ־ישראל.

**טשאַרנאָסאָטיעגעץ** (רוס.) — מיטגליעד פֿון די רעאַקציאָנערסטע קאָנטראָ־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי אין רוסלאַנד, וועלכע פֿאָדערט אַ אולטראַ־מאָנאַרכיסטישע, אויטאָקראַטישע פֿערוואַלטונג מיט אויסשליסונג פֿון נישט־רוסען פֿון אַלע רעכטע. זייער „פּראָגראַם" ווילען די טש. דורכפֿיהרען מיט הילף פֿון פּאָגראָמען נעגען יידען און אַנדערע געוואַלדטהאַטען.

**טשובּנעם** (פֿינ.) — פֿינען, וועלכע וואָהנען אַרום פּעטערבורג.

**טשיבוק** (טורק.) — לאַנגע לולקע צום רויכערן.

**טשיטשיסבעאָ** (איט.) — הויזפֿריינד פֿון אַ פֿערהייראַטעטער דאַמע.

**טשיטשעראָנע** (איט.) — אין איטאַליען — פֿיהרער פֿון פֿרעמדע, וועלכער ערקלערט זיי אַלע אַלטערטימער.

**טשין** (רוס.) — טיטעל, בעאַמטען־שטעלע.

**טשינאָווניק** (רוס.) — רעגירונגס־בעאַמטער.

**טשעכען** — גרויס סלאַווישעס פֿאָלק אין עסטרייך.

**טשעמאָדאַן** (רוס.) — לעדער־זאַק, רייזע־טאַש.

**טשענטעזימאָ** (איט.) — קליינע איטאַליענישע מטבע, הונדערטסטעל פֿון אַ לירע.

**טשעק** (ענג.) — אָנווייזונג פֿון אַ פּערזאָן צו אַ באַנק אַרויסצוגעבען אויף זיין רעכנונג דעם אונהאַבער פֿון דער אָנווייזונג אַ בעשטימטע סומע.

**טשערטאַ** (רוס.) — תחום המושב: דער ראַיאָן, אין וועלכען עס איז ערלויבט יידען צו וואָהנען אין רוסלאַנד (15 רוסישע און 10 פּוילישע גובערניעס).

**טשערמען** (ענג.) — פֿאָרזיצענדער, פּרעזידענט.

## י.

**יאַגואַר** (שפּאַנ.) — אַמעריקאַנישער טיגער.

**יאָד** — חעמישעס עלעמענט און דער פֿאָרם פֿון ברוין־בלאָהליכע קריסטאַלען.

**יאָדאָפֿאָרם** (לאַט.) — חעמישעס מיטעל און דער פֿאָרם פֿון

גאַנץ קליינע, זעהר דינע קריסטאַלען, מיט אונאַנגענעהמען ריח, דיענט אַלס אנטיסעפּטישעס מיטעל.

**יאָדינע, יאָד-טינקטור** (לאט.) — יאָד, צולאָזט אין שפּיריטוס.

**יאָדלען** (דייטש) — טראָמפּייטען און פייפען אַזוי, דאָס די הויכע טענער זאָלען זיך זעהר שנעל טוישען. די קונסט איז איינגענטימליך די איינוואָהנער פון די שווייצערישע אַלפּען.

**יאַטאַגאַן** (טירק.) — טערקישער קונזשאַל.

**יאַטראָחעמיע** (גר.) — מעדיצינישע חעמיע.

**יאַכט** (ענגל.) — געשווינד פאָהרענדעס שיף, ווערט בענוצט צום שפּאַציר-פאָהרען אויפ'ן ים.

**יאַלאַפּאַ** — מין קרייטעכץ, וועלכעס ווערט בענוצט אַלס היילמיטעל.

**יאַמבוס, יאַמב** (גר.) — פּערזפוס פון צוויי זילבען: די ערשטע אַ טאָנלאָזע, און די צווייטע - אַ הויכטאָניגע.

**יאַנוס** — פאַרצייטיגער רוימישער גאָט מיט צוויי פּנים'ער: איינס האָט געקוקט נאָך פאָרענט, דאָס צווייטע נאָך הינטען.

**יאַניטשאַרען** — סאָלדאַטען און דער טערקישער אַרמעע, וועלכע זענען בעשטאַנען פון געפאַנגענע קריסט-ליכע יונגלעך.

**יאַניטשאַרען-מוזיק** — טערקישע מיליטער-מוזיק.



**יאַנקי** (ענגל.) — ניי-ענגלענדער, ד. ה. נאָרד-אַמעריקאַנער.

**יאַנקי-דודל** (ענגל.) — נאָרד-אַמעריקאַנישעס פאָלקס-ליעד.

**יאַקאָבינער** — מיטגליעד פון אַן עקסטרעמער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי אין 18-טען יאָהרהונדערט אין פראַנקרייך.

**יאַרד** (ענג.) — לענגע-מאָס אין ענגלאַנד, אונגעפעהר 3 פוס.

**יובילאַר** (פון העב. „יובל") — פערזאָן, לכבוד וועמען מען פייערט אַ יובילעאום.

**יובילעאום** (פון העבר. „יובל") — דער טאָג, ווען מען פייערט דאָס אָנדענקען פון אַ וויכטיג געשעהעניש, וועלכעס איז פאָרגעקומען מיט 25 אָדער 50 יאָהר פריהער.

**יודאַאיזמוס** — אינהאַלט און עטיק פונ'ם יודענטום.

**יודאַאיקאַ** (לאט.) ביכער (אין פערשידענע שפּראַכען) מיט יודישען אינהאַלט.

**יודאָפאָב** (גר.) — יודענפיינד, צורר היהודים.

**יודאָפיל** (גר.) — יודענפריינד, אוהב ישראל.

**יודישע קאָלאָניאַל-באַנק** — אַקציען-געזעלשאַפט מיט צוויי מיליאָן אַקציעס צו פונט שטערלינג (אונגעפעהר 10 רובל), וועלכע האָט דעם צוועק צו קאָלאָניזירען מיט יודען ארץ-ישראל, סיריען און די נאַכבאַר-

לענדער. דער הויפּט=זיץ פון דער געזעלשאַפט איז לאָנדאָן, אָבטיילונגען געפינען זיך אין פערשידענע שטעט פון ארץ=ישראל, אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אין ביירוט, אין ניו=יאָרק און אין יאָ=האַניסבערג (ז. ד. אפריקא).

**יודישער נאַציאָנאַל=פאָנד** — פאָנד, וועלכער איז בעשטימט אויף צו קויפען לאַנד אין ארץ=ישראל, וועלכעס זאָל נישט ווערען קיין פּריוואַט=אייגענטום, נאָר געהערען צום גאַנצען יודישען פאָלק. דער פאָנד איז בעשטעטיגט אַלס געזעלשאַפט דורך דער ענגלישער רעגירונג.

**יוּוועליער** (האָל.) — העגדלער מיט יוּוועלען.

**יוּוועלען** (האָל.) — 1) טייערע שטיינער און פערעל. 2) זילבערנע און גאָלדענע חפצים, אין וועלכע עס זענען געפאַסט טייערע שטיינער אָדער פערעל.

**יוּליאַנישער קאַלענדאַר** — צייטרעכנונג, וועלכע איז איינגעפיהרט געוואָרען פון יוליוס צעזאַר; זי בעשטעהט אין דעם, דאָס יעדעס געוועהנליכע יאָהר האָט 365 טעג, און איינמאָל אין פיער יאָהר איז אַן עבור=יאָהר, וועלכעס האָט 366 טעג. דער יוליאַנישער קאַלענדאַר עקזיסטירט היינט נאָך נאָר אין רוסלאַנד און אין גריכענלאַנד און הייסט „אַלטער סטיל". ז. נייער סטיל.

**יוּנאָ** (לאַט.) — 1) הויפּט=געטין ביי די רוימער, שוועסטער און פרוי פון יופּיטער. 2) נאָמען פון אַ שטערען אין הימעל.

**יוּניאָר** (לאַט.) — דער יינגערער.

**יוּנקער** — יונגער אָפיציר, וועלכער האָט נאָר וואָס געענדיגט די אָפיצירען=שולע. 2) מיטגליעד פון קלענערען אַדעל און פּרייסען.

**יוּנקערטום** — גייסט= און אידעען=וועלט פון די פּרייסישע אַדעליגע, וועלכע זענען שטאַרק רעאַקציאָנער און פערטרעטען אַ ריינע קלאַסען=פּאָליטיק, פאָדערנדיג רעכטע און פּריוויליגיעס נאָר פאַר זייער שטאַנד (גוטסבעזיצער) צום שאָדען פון די קליינע סוחרים און ארבייטער.

**יוּס** (לאַט.) — רעכט, משפּט.

**יוּסטיץ** (לאַט.) — גערעכטיגקייט.

**יוּפּיטער** (לאַט.) — 1) הויפּט=גאָט פון די רוימער, גאָט פון דונער און בליץ, אַלמעכטיגער, פאָטער פון די מענשען און חיות. 2) נאָמען פון אַ פּלאַנעטע.

**יוּפט** — רוסיש לעדער, עס ווערט אויסגעאַרבייט מיט הילף פון אַלוין און טראָן.

**יוּרידיש** (לאַט.) — לויט דעם געזעץ, וואָס איז נוגע דאָס געזעץ.

**יוּריסט** (לאַט.) — קענער פון געזעצען.

**יוּריס פּרודענץ** (לאַט.) — רעכטס=וויסענשאַפט, חכמת המשפּטים.

**יוּריס קאָנסולט** (לאַט.) — רעכטס=געלעהרטער, וואָס צו זיין עצה ווענדעט זיך ביי שווערע פראַגען

א געזעלשאַפט, אַנ'אָרגאַניזאַציע אָדער אַ מדינה.

**יט"א** — יודישע טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע. ז. טעריטאָריאַליזמוס.

**יעזואיט** — מיטגליעד פון דעם אָרדען, וועלכער האָט געהייסען „געזעלשאַפט יעזוס". דער ציעל פון דעם אָרדען איז געוועזען צו פערשפּרייטען און צו שטאַרקען דעם קאַטאָליציזמוס מיט אַלע מיטלען, סײַגען די מיטלען זײַנען ניט גאַנץ עטיש און ריין, דען לויט די לעהרע פון דעם אָרדען „הײליגט דאָס ציעל די מיטעל", און דער קאַטאָליציזמוס איז זעהר אַ הויבעם ציעל.

**יעזואיטיש** — 1) וואָס איז שייך צו די יעזואיטען. 2) לויט די לעהרע פון די יעזואיטען: „דאָס ציעל הײליגט די מיטעל".

**יק"אַ** — פון ענגלישען „דזשואיש קאָלאָניזיישען עסאָסיישען" (יודישע קאָלאָניזאַציאָנס-געזעלשאַפט), געזעלשאַפט, וועלכע האָט דעם ציעל צו קאָלאָניזירען יודען אין פערשידענע ניט אייראָפּעאישע לענדער און האָט גע'ירש'נט דאָס גרויסע קאַפּיטאַל (240 מיליאָן פראַנק), וועלכע באַראָן הירש האָט געלאָזט צו דעם צוועק. צו דער געזעלשאַפט געהערען קאָלאָניעס אין אַרגענטינאַ, פּאַלעסטינאַ (וואָס באַראָן ראָטשילד האָט איהר איבערגעגעבען), קאַנאַדאַ א. א. וו., פיעל יודישע שוהלען אין רוסלאַנד, גאַליציען, רומעניען א. ד. ג., פיעל עמיגראַציאָנס-ביוראָ'ס און אַנדערע יודיש-פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטען. די הויפּט-פערוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט געפינט זיך אין פּאַריז.

**ירמיאַדע** — קלאָג-ליעד, איכה (אויפ'ן נאָמען פון ירמיה הנביא).

# ל.

**לאַבאָראַטאָריום** (לאַט.) — כעמישע אַרבייטס-צימער, וואו מען אַרבייט-אויס פערשידענע כעמישע פּרעפּאַראַטען און מען מאַכט כעמישע אַנאַליזען.

**לאַבאָראַנט** (לאַט.) — בעשעפטיגער מיט אַרבייטען אין אַ לאַבאָראַטאָריום.

**לאַבאָרירען** (לאַט.) — בעשעפטיגען זיך מיט פּראַקטישע כעמישע אַרבייט.

**לאַבירינט** (גר.) — 1) הויז מיט פיעל צימערן און פּאָרצימערן, וועלכע זענען אַזוי אײַנגערוכטעט, דאָס עס איז שווער צו געפינען אַנ'אַרויסגאַנג פון זיי. 2) אינערליכער טייל פונ'ם אויער.

**לאַבראַדאָר** (לאַט.) — פערשידען פאַרביגער פעלד-שפּאַט. (ז. שפּאַט).

**לאַגאָגריף** (גר.) — אותיות-רעטעניש,

וואָרט=רעטעניש, ד. ה. אַ רעטעניש, ווי צו בילדען אַ וואָרט פון אותיות, וועלכע קומען אַלס ערשטע, לעצטע אָדער אין דער מיט פון פערשיעדענע אַנדערע ווערטער א. א. וו.

**לאָגאָמאַכיע** (גר.) – מִלְחֶמֶת=דברים, הייסער וִכּוּחַ.

**לאָגאָס** (גר.) — וואָרט, שפּרוך: מַאֲמַר=אֱלֹהים, וועלכער האָט בעשאַפען די וועלט און איז מחַדש יעדען טאָג מעשי בראשית. (די דאָזיגע בעדייטונג האָט דער „לאָגאָס" בעקומען צוערשט אין די ווערק פון ידידיה אָדער פילון דעם אַלעקסאַנדרישען, אַ יודיש-גריכישען פילאָזאָף פון אלכסנדריה אין מצרים, אין II=טען יאָהרהונדערט פאַר קריסטוס).

**לאָגבוך** (ענג.) – טאַגעבוך פון אַ שיף וועגען די רייזע=צייט און די ווינד=ריכטונגען.

**לאַגונע** (איט.) — זומפּפיגע פלאַכע געגענד נעבען ים.

**לאַגטינג** (נאָרוו.) — געזעצגעבענדע אָבטהיילונג פון נאָרוועגישען פאַרלאַמענט אָדער סטאָרטינג.

**לאָגיק** (גר.) – לעהרע וועגען די גע=זעצען פון דענקען און שלוס=ציהונגען.

**לאָגיקער** (גר.) – 1) לעהרער, פאָרשער פון דער לאָגיק. 2) שאַרפער, טיעפזיניגער דענקער.

**לאָגיש** (גר.) — 1) וואָס איז שייך צו דער לאָגיק. 2) איינשטימיג מיט דער לאָגיק, מיט דעם קלאָרען, געזונדען מענשען=פערשטאַנד.

**לאַגרימאָזאָ** (איט.) — וויינענדיג. „שפּילען לאַגרימאָזאָ" — שפּיעלען וויינענדיג, וואָס ס'נעהמט אָן ביים האַרץ.

**לאַדאַן** (לאַט.) – ווייהרעך, שמעקענ=דיגע סמאָלע פון אַ בוימעל, וועלכעס וואַקסט אין אַראַביען און אַנדערע מזרח=לענדער (לבונה).

**לאָדען** (פר.) — גראָבער וואָלען=צייג, רוי אונגעפאַרבט טוך.

**לאַווא** (איט.) – געשמאָלצענע מאַסע, וועלכע גיסט זיך אַרויס פונ'ם קראַטער און די שפּאַלטען פון אַ וואולקאַן.

**לאַווינע** (לאַט.) — גרויסע שניי=קויל אָדער אייז=מאַסע, וועלכע קייקעלט זיך אַראָב פון אַ הויכען באַרג.

**לאַווירען** (האָל.) 1) בעוועגען דעם שיף געגען ווינד. 2) געשיקט אַרבייטען, כדי אויסצומיידען די שטע=רונגען, וועלכע שטעהען אויפ'ן וועג.

**לאַווניק** (פויל.) — בייזיצער ביים משפט און אַ גערוכט=הויז פון אַ דאָרפס=געמיינדע (גמינע).

**לאַוורע** (גר.) — פּראַוואָסלאַווער גרויסער קלויסטער.

**לאַזאַרעט** (איט.) — קראַנקען=הויז, שפּיטאָל.

**לאַזור** (לאַט.) – שענע, בלאָהע פאַרב פון לאַזור=שטיין.

**לאַזור=שטיין** (לאַט.) — דונקעל-

בלאָהער שטיין, וועלכען מען נוצט צו שמוק-זאַכען און פאַבריקאַציע פון אולטראַמאַרין.

**לאָזשים** (פר.) – וואָהנונג, גאַסטהויז.

**לאָזשירען** (פר.) – וואָהנען, איינשטעהן.

**לאָזשע** (פר.) 1) קליין זייטען-צימער, פון איין זייט אָפען. 2) פּלאַץ, אָבגעזונדערט פאַר עטליכע פּערזאָן אין אַ טעאַטער. 3) האַנדעלספּלאַץ פון אייראָפּעער אין אַזיען און אַפריקאַ. 4) געשלאָסענע געזעלשאַפט (בני-ברית-לאָזשע, פריימויערער-לאָזשע א. ד. גל.)

**לאָטאָ-שפּיעל** (איט.) – שפּיעל, ביי וועלכער איינער ציהט נומערן, און יעדער פון די שפּיעלענדע האָט טעוועלעך מיט געדרוקטע נומערן; ווען אויף די טעוועלעך געפינט זיך דער נומער, וועלכען מען האָט אַרויסגעצויגען, בעדעקט ער איהם, און ווער עס האָט 3 בעדעקטע נומערן אין איין שורה, האָט געוואונען.

**לאַטיניזירען** (לאַט.) — געבען דעם וואָרט אָדער דעם זאַץ אַ לאַטייניש פאָרם.

**לאַטיניזמוס** (לאַט.) – איינגענטימליכקייט פון דער לאַטיינישער שפּראַך; לאַטיינישע אויסדרוקס-פאָרם.

**לאַטיניסט** (לאַט.) – קענער אָדער פאָרשער פון דער לאַטיינישער שפּראַך.

**לאַטיפונדיען** (לאַט.) — גרויסער גרונד-בעזיץ, אונגעהייער גרויסע לאַנדעס-גיטער.

**לאָטסמאַן, לאָצמאַן** (דייטש) — פיהרער פון אַ שיף.

**לאַטענט** (לאַט.) — פערבאָרגען.

**לאַטעראַן** (לאַט.) – פּאַלאַץ אין רוים, אין וועלכען עס האָבען אַמאָל געוואָהנט די פּאַפּסטען.

**לאָטעריע** (פראַנ.) — פערלאָזונג, שפּיעל, ביי וועלכער עס ווערט פערקויפט אַ גרויסע צאָהל נומערירטע בילעטען אויף אַ קלענערע צאָהל געווינסען.

**לאַמאַ** (שפּאַנ.) – 1) מין קעמעל (בהמה) אין פּערו. 2) בודיסטישער גלח אין טיבעט.

**לאַמאַיזמוס** — די פאָרם פון בודיסטישער רעליגיע אין טיבעט.

**לאָמבאַרד** (איט.) — אַנשטאַלט צו לייהען געלד אויף משכנות.

**לאַמינירען** (לאַט.) – וואַלצירען, אויסאַרבייטען דינע, לאַנגע פּאַסען.

**לאַמענטאַציע** — געקלאָג, געוויין.

**לאַמענטירען** – וויינען און קלאָגען.

**לאַמפּאַס** (פר.) 1) חינעזישער זיידענשטאָף. 2) ברייטער פּאַס מאַטעריע ביי די הויזען פון אַנ'אַנדער קאָליר, ווי די הויזען גופא.

**לאַמפּיאָן** (פ.) – אילומינאַציע-לעמפּעל.

**לאַנדאָ** (פר.) — קאַרעטע מיט פיער זיץ-ערטער, ביי וועלכער דער אויבערדעק איז געטיילט אין צווייען און קאָן זיך אַזוי-אַרום עפענען.

**לאַנדטאַג** (דייטש) — פערזאַמלונג פון

פֿאָלקס-פֿערטרעטער פֿון אַ בעזונדערער פּראָווינץ אין דײַטשלאַנד און עסטרײַך .

**לאַנדסטינג** (דעניש) — פּאַרלאַמענט אין דענעמאַרק .

**לאַנדען** (פר.) — ווּיסטעניִשען אין דרום-מערב פֿון פראַנקרײַך .

**לאַנדשאַפֿט** (דײַטש) — געמאָלטעס בילד פֿון דער נאַטור .

**לאַנדשטורם** (דײַטש.) — אַלגעמײַנע מאָבּיליזאַציע אין דײַטשלאַנד.

**לאַנסאַדע** (פר.) — בויגענפֿאָרמיגער שפּרונג פֿון אַ פֿערד אין דער לופֿט .

**לאַנסיע** (פר.) — מין קאַדריל-טאַנץ .

**לאַנצעט** (פר.) — חירורגיש מעסער מיט צוויי שאַרפֿען .

**לאַסאָ** (שפּ. ענ.) — שטריק מיט אַ פֿעטלע (שלייף) צו פֿאַנגען ווילדע פֿערד און אַנדערע חיות .

**לאַסטינג** (ענג.) — גלאַנציגער וואָלען-אַטלאַס .

**לאַסקאַר** (אינד.) — אינדישער מאַטראָז.

**לאַפּיס** (לאַט.) — אייגענטליך שטיין ; זילבערניטראַט , ד. ה. חעמישע פֿערבינדונג פֿון זילבער מיט אַזאָט (שטיקשטאָף) ; ווערט בענוצט אין דער חירורגיע צום אויסברענען וואונדען א. ד. ג.

**לאַפּסערדאַק** (פּויל.) — לאַנגער צעריסענער ראָק .

**לאַפֿעט** (פר.) — געשטעל פֿאַר האַרמאַטען.

**לאַצאַראָני** (איט.) — אָרימע , אויף די גאַס וואָהנענדע בעפֿעלקערונג פֿון נעאַפּאָל .

**לאַצי** (איט.) — געמײַנער וויץ ; גראָבע, אונעסטעטישע קאָמישע בעוועגונג .

**לאַק** (פרס.) — שמעלצענדע מאַסע צום פֿער'חתמ'נען ברויעף א. ד. ג. (זיגעל-לאַק) .

**לאָקאָ** (לאַט.) — אויף אָרט און שטעלע , היער .

**לאָקאַל** (לאַט.) 1) ערטליך , וואָס איז נוגע צו אַ בעשטימט אָרט . 2) וואָהנונג .

**לאָקאַטאָר** (לאַט.) — דער , וואָס האָט געדונגען אַ וואָהנונג .

**לאָקאָמאָביל** (לאַט.) — דאַמפּף-מאַשין , וועלכע קען זיך אַליין בעוועגען פֿון איין אָרט אויפֿ'ן אַנדערן .

**לאָקאָמאָטיוו** (לאַט.) — דאַמפּף-מאַשין ביי דער אייזענבאַהן .

**לאָקאַנדאַ** (לאַט.) — גאַסטהויז .

**לאַקאָניזמוס** (גר.) — קורצער , נאָר שאַרפֿער און דײַטליכער אויסדרוק.

**לאַקאָניש** (גר.) — קורץ , אָבער דײַטליך און שאַרף אויסגעדריקט.

**לאָקאָפֿאָקאָ** (ענג.) — אַנגעהעריגער צו דער אולטראַדעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין נאָרד-אַמעריקאַ .

**לאַקטאָמעטער** (לאַט.-גר.) — מילך-מעסטער : אינסטרומענט צו בעשטימען די געדיבטיגקייט און פּראָצענט-געהאַלט פֿון דער מילך .

**לאַקיי** (פר.) — שטוב=בעדינער.

**לאַקירען** — איבערציהען, בעדעקען מיט לאַקער.

**לאַקמוס** (לאט.) - שטאַרק בלאָהע פאַרב.

**לאַקמוס=פּאַפּיער** (לאט.) – פּאַפּיער, וועלכעס איז געזעטיגט מיט לאַקמוס=טינקטור.

**לאַקסירען** (לאט.) – אָבפיהרען, האָבען שלשול.

**לאַקער** (פּרס.) — אין שפּיריטוס אָדער טערפּענטינאייל צולאָזטע בוים=סמאָלע צום בעדעקען מיט אַ גלאַנץ פערשידענע זאַכען.

**לאַקרימע קריסטי** (לאט.)-קריסטוס טרערען: רויטער וויין, ווערט אויסגעאַרבייט אין איטאַליען פון די טרויבען, וועלכע וואַקסען נעבען וועזוף.

**לאַקריץ** (גר.) — וואורצעל פון זיס=האָלץ (מין בוים).

**לאַקריץ=זאַפט** (גר.) — שוואַרצע, פערטריקענטע זאַפט, וועלכע ווערט אויסגעקוועטשט פון דעם וואורצעל פון זיס=האָלץ.

**לאַרגאָ** (איט.) — אין דער מוזיק — לאַנגזאַם, געלאַסען.

**לאָרד** (ענג.) — הער, טיטול פון דעם העכסטען אַדעל און די מיטגלידער פון אָבער=הויז אין ענג=לאַנד.

**לאָרד=לייטענאַנט** (ענג.) — וויצע=קעניג פון אירלאַנד.

**לאָרד=מער** (ענג.) — בירגערמייס=טער פון לאָנדאָן און אַנדערע גרויסע שטעדט אין ענגלאַנד.

**לאַרווע** (לאט.) – שאַל, פון וועלכער עס ענטוויקעלט זיך אַ אינזעקט.

**לאָרניאָן** (פר.) – פערגרעסער=גלאָז, וועלכעס מען טהוט=אָן אויף איין אויג.

**לאָרנירען** (פר.) – בעטראַכטען עפּעס דורך אַ לאָרנעטע.

**לאָרנעטע** (פר.) — קליין פערגרעסער=גלאָז צו האַלטען אין דער טאַש, ווערט בענוצט צוקוקען דערויף ביי טעאַטער=פאָרשטעלונגען א. ד. גל.

**לאָרעטטע** (פר.) — פּראָסטיטוטקע, וועלכע וואָהנט פאַר זיך.

**לואידאָר** (פר.) – גאָלדענע מטבע אין פראַנקרייך אונגעפעהר 7 רובל 50 קאָפּ.

**לונגער** (דייטש) – געשווינד פאָהרענדעס קריעגס-שיף מיט 2 מאַסטען.

**לוור** (פר.) — קעניגליכער פּאַלאַץ אין פראַנקרייך, דיענט יעצט אַלס מוזעאום.

**לוטי** (פויל.) – פעברואַר, דער צווייטער חודש פון יאָהר.

**לוטעראַנער** — אָנהענגער פון די רעליגיעזע לעהרע פון מאַר=טין לוטער, וועלכער אָנערקענט נישט דעם קאַטאָליציזמוס מיט אַלע זיינע פאָרמען, נאָר די לעהרע פון עוואַנ=געליום און דער ביבעל. ז. עוואַנגעליש.

**לויאַל** (פר.) — געזעצמעסיג, ערהענ=האַפט, געטריי.

**לויאַליטעט** (פר.) — האַנדלונג

בענעהמען זיך לויט די פֿאָדערונג פֿונ׳ם געזעץ, ערדרענהאַפֿטיגקייט.

**לוינגע** – אויפֿלעזונג פֿון זאַלצען.

**לויט** (דייטש) – 1) $^1/_{32}$ פֿון אַ רוסיש פֿונט אָדער 3 זאָלאָטניק.
2) שטיק בליי, וועלכעס איז צוגעבונדען צו אַן׳עק פֿון אַ פּאָדעם, וואָס זיין צווייטען עק האַלט מען אין האַנד.

**לומבאַגאָ** (לאַט.) – וועהטאָג אין די לענדען.

**לונאַ** (לאַט.) – לבנה, אויך געטין פֿון דער לבנה ביי די רוימער.

**לונאַטיזמוס** (לאַט.) – קרענק, וועלכע בעשטעהט דאַרין, דאָס דער, וואָס ליידט פֿון איהר, געהט אַרום אין שלאָף און מאַכט אונבעוואוסט פֿערשידענע בעוועגונגען.

**לונאַטיקער** (לאַט.) – אַ קראַנקער אויף לונאַטיזמוס.

**לונאַציע** (לאַט.) — פֿאָלקאָמענע אומדרעהונג פֿון דער לבנה אַרום די ערד.

**לונאַריום** (לאַט.) – אַפּאַראַט, וועלכער דעמאָנסטרירט די בעוועגונג פֿון די לבנה אַרום די ערד.

**לוסטרין** – גלאַנצינער זיידען-שטאָף.

**לוסטרירען** (פֿר.) –– גלאַנציג מאַכען, פּאָלירען.

**לופּאַנאַר** (לאַט.) — הויז פֿון זנות.

**לופּולין** (לאַט.) – חעמישער שטאָף, וועלכער געפֿינט זיך אין האָפּפּען (חמעל) און גיט-צו שטאַרקייט דעם ביער.

**לופּע** (פֿרס.) – בלויז פֿערגרעסער-גלאָז אָהן שום איינרעמעכץ.

**לוציפֿער** (לאַט) — ליכטיגקייט-טרעגער: 1) מאָרגענשטערען.
2) פּלאַנעט ווענוס. 3) טייפֿעל.

**לוק** (האָלענד.) – פֿערעקיג אויסגעשניטען טהירעל אין דער פּאַלובע פֿון אַ שיף.

**לוקסוס** (לאַט.) – פּראַכט, גלאַנץ; פֿערשווענדונג.

**לוקסוס-זאַכען** – זאַכען, וועלכע זענען נישט אונבעדינגט נויטיג, נאָר דיענען צום אויפֿפוץ, אויסערען-גלאַנץ א. א. וו.

**ליאַך** (רוס.) – שפּאָט-נאָמען פֿאַר אַ פּאָליאַק.

**ליאַנאָס** (שפּאַניש) ~ גרויסע שטרעקען פֿון וואַסער-רייכען און מיט הויך גראָז בעדעקטען לאַנד אין דרום-אַמעריקאַ.

**ליאָניש** (פֿר.) – פֿאַלש, נאָכגעמאַכט (ליאָניש גאָלד, ליאָניש זילבער א. ד. גל.).

**ליאַנע** (פֿר.) — מין געוויקס אין די הייסע געגענדען פֿון אַמעריקאַ.

**ליבאַציע** (לאַט.) – נסך, מנהג צו גיסען וויין אויפ׳ן מזבח ביי די פֿאַרצייטיגע יידען און די געצען-דינער.

**ליבעלע** (לאַט.) – 1) בוּפֿעלע, פּאַס-קווילען-ווערקעל. 2) וואַסער-וואגע.

**ליבעליסט** (לאַט.) – פּאַסקווילען-פֿער-פֿאַסער.

**ליבעראַל** (לאט.) — פרייַדענקענד, פרייַזיניג (איבערהויפּט אין פּאָליטישען זין).

**ליבעראַליזמוס** (לאט.) — פרייַזיניג־קייַט, פּאָליטיש סיסטעם, וועלכעס פאָדערט קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונגספאָרם און גלייַכבערעכטיגונג פון אַלע שטאַאַטסבירגער.

**ליבעראַלער** (לאט.) — אָנהענגער פון ליבעראַליזמוס.

**ליבערום וועטאָ** (לאט.) — פרייַעס רעכט צו פערבאָטען דאָס רעכט, וואָס יעדער חבר פון פּוילישען סיים האָט געהאַט צו פּראָטעסטירען געגען אַ בעשלוס פון דער מעהרהייַט און איהם מבטל זיין דאַדורך.

**ליבערטע** (פר.) — פרייַהייַט.

**ליבערטע ע עגאַליטע** (פר.) — Liberté et égalité — פרייַ־הייַט און גלייַכהייַט, דאָס איז געוועזען דער דעוויז פון דער ערשטער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע.

**ליברע** (לאט.) — 1) פונט, 2) 24 בויגען פּאַפּיער.

**ליברעטאָ** — טעקסט פון אַ אָפּערע.

**ליברעטיסט** (איט.) — פערפאַסער פון אַ ליברעטאָ.

**ליגאַ** (איט.) — בונד, פעראייניגונג.

**ליגאַטור** (איט.) — 1) פערבינדונג פון אַ פערוואונדעטען אַבר פון מענשליכען קערפּער, כדי צו פערהאַלטען דאָס בלוט. 2) פערבינדונג פון נאָטען אין דער מוזיק.

**ליגניט** (לאט.) — ברוין־קוילען.

**ליגראָאין** (פר.) — נעבען־פּראָדוקט בייַ'ם דעסטילירען נאַפט.

**לידער** (ענג.) — אָנפיהרער (הויפּטזעכ־ליך פון אַ פּאַרטייַ).

**ליוורעע** (פר.) — דינער־קליידונג.

**ליטאָ...** (גר.) — שטיין...

**ליטאָגליפיע** (גר.) — קונסט צו שנייַ־דען שטיינער.

**ליטאָגראַף** (גר.) — צייכנער, דרוקער אויף שטיינער.

**ליטאָגראַפיע** (גר.) — דרוק, דרוקערייַ אויף שטיינער.

**ליטאָגראַפירען** (גר.) — צייכנען, דרוקען אויף שטיינער.

**ליטאָגראַפיש** (גר.) — געצייכענט, געדרוקט אויף שטיין.

**ליטאָכראָמיע** (גר.) — פאַרבען־דרוק אויף שטיין.

**ליטאָטאָמיע** (גר.) — שטיינשניט, חירורגישע אָפּעראַציע, בייַ וועלכער מען עפענט דעם אורינע־בלאָז, כדי אַרויסצונעהמען אורינע־שטיינער.

**ליטאָטריטיע** (גר.) — צעררייַבונג פון אורינע־שטיין אָהן אָפּעראַציע.

**ליטאָלאָגיע** (גר.) — וויסענשאַפט וועגען שטיינער.

**ליטאָפאַג** (גר.) — שטיין־פרעסער, שטיין־וואָרם.

**ליטאָפאַניע** (גר.) — פּאָרצעלאַן־בילד, אויסגעאַרבייט לויט אַנ'אויסגעגאָסענעם וואַקסענעם מאָדעל.

**ליטאָפּיטען** (גר.) — פערשטיינערטע פּפלאַנצען.

**ליטאַקסיל** (גר.) — פערשטיינערט האָלץ.

**ליטורגיע** (גר.) — 1) לעהרע וועגען בעאַרבײַטונג פון שטיינער.
2) גאָטעס־דיענסט און די קריסטליכע קירכען (ווי „עבודה" אין בית־המקדש).

**ליטורגיק** (גר.) – לעהרע וועגען די אָרדנונג, צײַט א. ד. ג. פון די גאָטעס־דיענסט.

**ליטעווקע** (פויל.) — קורצער פּוילי־שער נאַציאָנאַל־ראָק.

**ליטער** (פר.) — פליסיגקייטס־מאָס, האַלט 1000 קוביש סאַנ־טימעטער, אַ קנאַפּע קוואָרט.

**ליטעראַ** (לאַט.) — בוכשטאַב.

**ליטעראַט** (לאַט.) – שריפטשטעלער, שרײַבער, מחבר.

**ליטעראַטור** (לאַט.) — אַלע ווערק פון מענשליכען געדאַנק, וועלכע זענען אויסגעדריקט אין ווערטער.

**ליטעראַל** (לאַט.) — בוכשטעבליך, אות באות.

**ליטעראַליזמוס** (לאַט.) — דאָס פעסט האַלטען זיך אין דעם בוכשטאַב.

**ליטעראַליסט** (לאַט.) — בוכשטאַבען־מענש, מענש, פאַר וועלכען עס איז הייליג יעדעס געשריבענע אות און נישט דער אינהאַלט.

**ליטעראַריש** (לאַט.) – שריפטשטעלע־ריש, וואָס איז נוגע דער ליטעראַטור.

**לייטען** (דײַטש) — צוויי שטיקער מעטאַל פערבונדען דורך אַנ׳אַנדער געשמאָלצענעם מעטאַל.

**לייטענאַנט** (פר.) — אָפיציערישער טיטול.

**לייטרעהר** (דײַטש) — מעטאַלענע בלאָזרעהר, דורך וועלכע מען בלאָזט בײַם לייטען.

**ליליע** (לאַט.) – 1) שטעקענדיגע בלום.
2) העל־וויאָלעטע פאַרב.

**ליליפוט** — אין סוויפט׳ס אַ ראָמאַן „גוליווערס רייזען" אַ פאָלק פון קליינע מענשעלעך, גרויס ווי אַ פינגער; דעריבער הייסען אַזוי גאַנץ קליינגעוואַקסיגע.

**לימאַן** (גר.) — ברייטער אַרײַנבלוס פון אַ טײַך אין ים אַרײַן.

**לימאָנאַד** (פר.) – קיהלענדע געטראַנק פון ציטרין־זאַפט, וואַסער מיט צוקער.

**לימאָנע** (פר.) – מין ציטרון מיט דינער שאָל.

**לימפע** (לאַט.) – בלוט־אַרטיגע פליסיג־קייט, וועלכע פליעסט אין בעזונדערע געפעסען פון קערפער.

**לינאָלעאום** (פר.) – דיקער, גומי־אַרטיגער שטאָף, וועלכער בעשטעהט פון אַ אויסגעאַרבייטער מאַסע פון צומאָהלענעם פראָפּען־האָלץ מיט געקאָכטען ליין־אויל.

**לינגוויסט** (לאַט.) – שפּראַכפאָרשער.

**לינגוויסטיק** (לאַט.) – שפּראַכוויסענ־שאַפט.

**ליִנגוויִסטיִש** (לאַט.) — וואָס איִז נוגע די שפּראַכוויִסענשאַפט.

**ליִנטש=געזעץ** — משפּט פון פאָלק, אָהן ריִכטער. עס שטאַמט פון נאָרד=אַמעריִקאַ.

**ליִנטשען** — בעשטראָפען אַליין, אָהן דין ומשפּט, אַזוי בעגעהען זיך די נאָרד=אַמעריִקאַנער מיִט די נעגערען. (דאָס וואָרט „ליִנטשען" שטאַמט פון דזשאָן ליִנטש, וועלכער איִז געוועזען איִן זעכצעהנטען יאָהרהונדערט איִן נאָרד-אַמעריִקאַ אַ ריִכטער פון ענטלאָפענע קנעכט).

**ליִניִמענט** (לאַט.) — שיִטערע זאַלב צום איינרייבען נעגען רעוו=מאַטיִזמוס און ענליִכע וועהטאָגען.

**ליִניִע** (לאַט.) — 1) שטרעקע צוויִשען צוויי אָדער עטליִכע פּונקטען. 2) אַ צעהנטעל צאָל. 3) מיִליִטער אָדער שיִפען אויסגעשטעלט איִן איין שורה. 4) אַ גאַנצע שורה (רייהע) פעסטונגען מיִט פאָרטען.

**ליִניען=מיִליִטער** - דאָס רעגולערע מיִליִטער, וועלכעס שטעלט זיך אויס איִן די ליִניען, כדי אַרויס=צוטרעטען געגען שונא.

**ליִניען=שיִף** — די גרעסטע קריִעגס=שיִף, וועלכע שטעהט איִן דער ליִניע.

**ליִניִרען** - ציִהען ליִניעס (אויף פּאַפּיִער א. ד. גל.).

**ליִסטאָפּאַד** (פויל.) — נאָוועמבער, דער עלפטער חודש פון יאָהר.

**ליִעזאָן** (פר.) - פערבינדונג, בעקאַנט=שאַפט (איִבערהויפּט: נעהיימע ליִעבעס=פערביִנדונג).

**ליִפּיִעץ** (פויל.) - יוליִ, דער זיִעבענ=טער חודש פון יאָהר.

**ליִציִטאַנט** (לאַט.) — פערקויפער אויף אַ ליִציִטאַציע.

**ליִציִטאַציע** (לאַט.)-דער פערקויף פון עפּעס עפענטליִך, לויט שטיי=גערונג פון פּרייזען דעם, ווער עס בעצאָהלט דעם העכסטען פּרייז.

**ליִציִטיִרען** (לאַט.) - פערקויפען אויף אַ ליִציִטאַציע.

**ליִצעאום** (גר.) – 1) אָרט, וואו אַריִס=טאָטעלעס האָט געלערענט זיינע תלמידים. 2) נאָמען פון פער=שיִדענע מיִטעל=שולען (איִן מערב-אייראָ=פּאַ) אָדער הויך=שולען (איִן רוסלאַנד).

**ליִקאָפּאָדיִום** (גר.) — העל=געלער שטויב פון אַ מין גראָז „בער=לאַפּען", דיִענט אַלס טריִקנונגס=מיִטעל פאַר וואונדען א. ד. גל.

**ליִקוויִדאַט** (לאַט.) — בעל=חוב, ביי וועלכען מען מאָהנט געריִכט=ליִך דעם חוב.

**ליִקוויִדאַטאָר** (לאַט.) — אַדוואָקאַט, אָדער אַן אַנדערע פערטרויטע פּערזאָן, וועלכע נעהמט אויף זיך געריִכטליִך אָבצונעהמען אַ חוב.

**ליִקוויִדאַנט** (לאַט.) — קרעדיִטאָר, מַלְוֶה, וועלכער מאָהנט גע=ריִכטליִך אַ חוב.

**ליִקוויִדאַציע** (לאַט.) 1) איינשטעלונג פון אַ האַנדעלס=געשעפט.

כדי צו בערעכנען אַלעס און געוויס גע־וואָהר צו ווערען זײַן שטאַנד. 2) גע־ריכטליכע פערזיכערונג פון אַ חוב, וועלכען מען מאַהנט.

**ליקווידירען** (לאַט.) — מאַכען ליקווי־דאַציע.

**ליקטאָר** (לאַט.) — אַדיוטאַנט בײַ אַ רוימישען בעאַמטען.

**ליקער** (פר.) — זיסער בראָנפען.

**ליקער־ווײַן** (פר.) — געדיכטער זיסער ווײַן.

**לירא** (גר.) — 1) סטרונען־אינסטרומענט בײַ די פאַרצײַטיגע גריכען. 2) איטאַליענישע זילבערנע מטבע (אונ־געפעהר 40 קאָפּ׳ — 1 פראַנק).

**ליריק** (גר.) — פּאָעזיע, און וועלכער דער פּאָעט דריקט אויס זײַנע אייגענע געפיהלען און שטימונגען.

**ליריקער** (גר.) — ליריִשער פּאָעט.

**ליריש** (גר.) — וואָס איז נוגע די ליריק, וואָס בילדעט אײַן פּאָעטישען אויסדרוק פון געדאַנקען און געפיהלען.

**ללויד** (ענג.) — בערזע פאַר שיפס־אַנגעלעגענהײַטען און יב־האַנדעל און לאָנדאָן, טריעסט און אַנדערע גרויסע פּאָרט־שטעדט.

**לעגאַט** (לאַט.) 1) בעפעהל פון אַ שכיב מרע. 2) פערטרעטער פון פּאַפּסט.

**לעגאַטאָ** (איט.) — צוזאַמענגעצויגען, געבונדען.

**לעגאַטאַר** (לאַט.) — דער, וואָס קריגט אַ חלק פון אַ ירושה לויט אַ צוואה (לעגאַט).

**לעגאַטאָר** (לאַט.) — דער, וואָס לאָזט איבער אַ לעגאַט.

**לעגאַל** (לאַט.) — געזעצליך, ערלויבט דורכ׳ן געזעץ.

**לעגאַליזירען** (לאַט.) — געזעצליך מאַכען, לאָזען בעשטעטיגען דורכ׳ן געריכט אָדער די אַדמיני־סטראַציע.

**לעגאַציע** (לאַט.) — שליחות, פער־טרעטונג פון פּאַפּסט.

**לעגומינע** (לאַט.) — הילזען־פרוכטען (באָבען, אַרבעס, לינזען א. ד. ג.); געקאָכטע שפּײַז פון די דאָזיגע פרוכטען.

**לעגיאָן** (לאַט.) — 1) אונגעהויער פיעל. 2) מיליטער־אַבטהיילונג אין דער רוימישער אַרמעע.

**לעגיאָנער** (לאַט.) — סאָלדאַט פון אַ לעגיאָן.

**לעגיטים** (לאַט.) — געזעצמעסיג.

**לעגיטימאַציע** (לאַט.) — 1) צײַגניס וועגען דעם נאָמען, פּערזענ־ליכקײַט, בעשעפטיגונג, וואָהנאָרט א. א. וו. פון אַ פּערזאָן. (פּאַס, לעגיטי־מאַציאָנס־ביכעל א. ד. גל.) 2) אַנערקענונג פון אַ ניִשט־כשר געבוירען קינד פאַר אַנ׳אייגענעם.

**לעגיטימיסט** (לאַט.) — אָנהענגער פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי, וועלכע האַלט, דאָס דער איבערהערשער פון אַ מדינה מעג זײַן נאָר אַ פּערזאָן, וועלכע קומט אַרויס פון פירשטען, וועלכע זײַנען פון גאָט אַליין לעגיטי־מירט צו קעניגען. (מיט גאָט׳ס גענאַדען).

**לעגיטימירען** (לאט.) — ערקלערען פאר בערעכטיגט, גערעכט מאכען, פערענטפערען.

**לעגיטימירען זיך** (לאט.) 1) אויס־ווייזען, ווער מען איז, ווייזען א לעגיטימאציע. 2) בעווייזען דאס רעכט אויף עפּעס.

**לעגיסלאטאר** (לאט.) — געזעצגע־בער, מחוקק.

**לעגיסלאטור** (לאט.) — געזעצגע־בענדע פערזאמלונג.

**לעגיסלאטיוו** (לאט.) — געזעצגע־בעריש.

**לעגיסלאציע** (לאט.) — געזעצגעבונג.

**לעגירען** (פר.) — צוזאמענמישען 2 אדער עטליכע מעטאלען.

**לעגענדע** (לאט.) — פאלקס־מעשה וועגען היסטארישע פאקטען אדער פערזאנען, וועלכע איז געשיכט־ליך־וויסענשאפטליך ניט בעוויזען און אָפט אויך קעגען די ווירקליכקייט.

**לעדי** (ענג.) — מאדאם, פרוי.

**לעוואנטין** (איט.) — א גלאטער זיידען־שטאף.

**לעוואנטע** (איט.) — מזרח־לאנד (איבערהויפט קליין־אזיען און די מיטעללענדישע שטרעקע פון פאדער־אזיען).

**לעטארגיע** (גר.) — לאנגער, אויפ'ן טויט ענהליכער שלאף.

**לעטארגיש** (גריכ.) — פערשלאפען, אונגעהויער גלייכגילטיג און אפאטיש.

**לעטע** (גר.) — אייגענטליך: „פערגעסענהייט", שכחה, אין דער גריכישער מיטאלאגיע — א טייך אויף יענער וועלט, פון וועלכען עס טרינ־קען די נשמות פון אלע געשטארבענע און פערגעסען אלעס, וואס איז פריהער פארגעקומען מיט זיי.

**לעטער** (ענג.) — בריעף.

**לעמא** (גר.) — וויסענשאפטליכער זאץ, וועלכער ווערט גענומען פון אנ'אנדער וויסענשאפטליכען געביעט, כדי צו בעווייזען די ריכטיגקייט פון אנ'אנדער זאץ.

**לעמור** (לאט.) — האלב־מאלפע, מין חיה.

**לען** (דייטש) — גוט, וועלכעס פלעגט געגעבען ווערען דעם וואסאל פון סוזערען (ז. דארט).

**לענדלארד** (ענג.) — גוטסבעזיצער.

**לעסטא** (איט.) — פלינק, געשיקט.

**לעקטאר** (לאט.) — 1) פארלעזער. 2) לעהרער פון לעבענדיגע שפראכען אין א אוניווערזיטעט.

**לעקסיקאגראף** (גר.) — פערפאסער פון א ווערטערבוך.

**לעקסיקאליש** (גר.) — אין דער פארם פון א ווערטערבוך.

**לעקסיקאן** (גר.) — ווערטערבוך.

**לעקציע** (לאט.) — 1) פארלעזונג. 2) אויפגאבע, אויסצולערנען. 3) לערן־שטונדע.

# מ.

**מאַאיס** (שפאנ.) — קוקורוזע, טערקי־שער ווייץ.

**מאָב** (ענג.) — פעבעל, גראָבער המון.

**מאָביל** (לאט.) — בעוועגליך, גרייט צו מלחמה.

**מאָביליזאַציע** (לאט.) — צונויפזאַמלונג פון מיליטער, כדי זיי גרייט צו מאַכען צו אַ מלחמה.

**מאָביליזירען** (לאט.) — צונויפזאַמלען מיליטער און זיי גרייט מאַכען צו אַ מלחמה.

**מאָביליען** (לאט.) – מטלטלין, ניטער, וועלכע מען קען איבערפיהרען פון איין אָרט אויפ'ן אַנדערן.

**מאַגאַזין** (פר.) — 1) גרויס געשעפט. 2) לאַגער, שפּייכלער מיט גרויסע זאַפּאַסען סחורה.

**מאַגאַזינער** (פר.) — פערוואַלטער, אויפזעהער פון אַ מאַגאַזין.

**מאָגול** (מאָנג.) — טיטעל פון פאַרצייטיגע הערשער פון אינדאָסטאַן.

**מאַגיסטער** (לאט.) — לעהרער, געלעהרטען־טיטעל.

**מאַגיסטראַט** (לאט.) – שטאָט־פערוואַלטונג.

**מאַגיסטראַטור** (לאט.) — הויכע פערוואַלטונגס־שטעלע.

**מאַגיע** (גר.) – געהיימע וויסענשאַפט, צויבערקונסט.

**מאַגיער** (גר.) – 1) כומר ביי די פּאַר־צייטיגע פרסיים און כשדיים. 2) כשוף־מאַכער, קענער פון דער געהיימער וויסענשאַפט.

**מאַגיש** (גר.) – צויבעריש, כשופ'דיג.

**מאַגנאַ חאַרטאַ** (לאט.) – "די גרויסע מגילה", גרונד־געזעץ פון היינריך דעם דריטען אין ענגלאַנד, לויט וועלכען עס איז איינגעפיהרט געוואָרען די קאָנסטיטוציע אין ענגלאַנד.

**מאַגנאַט** (לאט.) — גרויסער הער, הויכער אַדעלסמאַן (אין אונגאַרן און פוילען).

**מאַגנעזיט** (גר.) — קוילען־זויערע מאַגנעזיע.

**מאַגנעזיע** (גר.) — ביטער־ערד, ווייסער לייכטער מינעראַל, וועלכער איז געבילדעט פון דער פער־איניגונג פון דעם מעטאַל מאַגניום מיט זויער־שטאָף.

**מאַגנעט** (גר.) – שוואַרצער מינעראַל, וועלכער האָט די אייגענשאַפט צוציהען צו זיך אייזען און שטאָהל און איבערגעבען זיי די מאַגנעטישע אייגענשאַפטען (דאַמאָלס ווערט דאָס אייזען אָדער שטאָהל אַ קינסטליכער מאַגנעט).

**מאַגנעטיזירען** (גר.) – 1) פערוואַנדלען אין קינסטליכען מאַגנעט. 2) דורך רייבונג אָדער האַנד־בעוועגונגען

ערוועקען אַ געהיימע קראַפט אין דעם קערפּער פון אַ צווייטער פּערזאָן, וועלכע טהוט דאַמאָלס אונבעוואוסט אַלעס, וואָס דער מאַגנעטיזירער הייסט איהם.

**מאַגנעטיזמוס** (גר.) — מאַגנעטישע קראַפט, אייגענשאַפט פונ׳ם מאַגנעט צוצוציהען אייזען און פון דער ערד צוצוציהען צו צוויי פון איהרע פּונקטען (איינער אין צפון, דער צווייטער אין דרום) מאַגנעטען און צו מאַגנעטיזירען אין בעשטימטע ליניען פון איהר אייזען אין שטאָהל.

**מאַגנעטיש** (גר.) — 1) מיט די אייגענשאַפט פון מאַגנעט, וואָס איז נוגע דעם מאַגנעט. 2) אַנציהענד.

**מאַגנעטנאָדעל** — מאַגנעטיזירטעס דין שטיקעל אייזען מיט צוויי שפּיצען, וועלכעס איז אַרויפגעזעצט אין דער מיט אויף אַ שטיפט און בעוועגט זיך פריי; עס האט די אייגענשאַפט, דאָס נאָך איינינגע בעוועגונגען שטעלט עס זיך איין אַזוי, דאָס איין שפּיץ ווייזט שטענדיג אויף צפון. ז. קאָמפּאַס.

**מאַגנעטפּאָלען** (גר.) 1) צוויי פּונקטען אויף אַ מאַגנעט, וועלכע בעזיצען די גרעסטע מאַגנעטישע קראַפט. 2) ענהליכע צוויי פּונקטען אויף דער ערד-אָבערפלעכע.

**מאַדאַם** (פר.) — הערינטע.

**מאַדאָננאַ** (איט.) — אייגענטליך: „מיין הערינטע", קינסטלעריש אויסגעפיהרט בילד פון מאַריע, די מוטער פון יעזוס קריסטוס.

**מאַדאַפּאָלאַם** (פר.) — פיינער פראַנצויזישער באַטיסט.

**מאָדולאַציע** (לאט.) — אָפּטער איבערגאַנג פון איין טאָן צום אַנדערען אין דער מוזיק.

**מאָדולירען** (לאט.) — דורכפיהרען די טענער, זינגען מעלאָדיש.

**מאָדוס** (לאט.) — אופן, שטייגער.

**מאָדוס וויווענדי** (לאט.) — אופן, ווי צו לעבען בשלום מיט מענשען נישט פון דעמזעלבען פאָלק אָדער קלאַס.

**מאַדזשאַר** (אונג.) — אונגאַר.

**מאַדזשאָרדאָמאָ** (איט.) — הויזפערוואַלטער.

**מאַדיירא** (שפּ.) — שטאַרקער וויין, וועלכער קומט פון דעם אינזעל מאַדייראַ.

**מאָדיסטין** (פר.) — פוטצערקע, הוטענמאַכערין, פערקויפערין פון מאָדע-סחורות.

**מאָדיפיצירען** (לאט.) — ענדערען די פאָרם.

**מאָדיפיקאַציע** (לאט.) — ענדערונג פון דער פאָרם אָדער געשטאַלט.

**מאָדיש** (פר.) — לויט די מאָדע, ווי עס איז אָנגענומען ביי מענשען אין אונזער צייט.

**מאָדע** (פר.) — דער אופן אומגעהן זיך מיט מענשען, לעבענס-

אָרדנונג און קליידונג, וועלכער איז אָנגענומען אין אַ בעשטימטער צייט.

**מאָדעל** (לאַט.) – 1) זאַך און פער-קלענערטער מאָס, לויט וועל-כער מען דאַרף נאָך מאַכען אַ גרויסע. 2) מוסטער, לויט וועלכען מען קאָ-פּירט. 3) לעבענדיג בעשעפעניש, נאָך וועלכען מען אַרבייט-נאָך אַ סקול-פּטור, אַ בילד, אַ פּאָרטרעט א. ד. ג. 4) מאָס צו מעסטען פערציערונגען ביי געביידען, ווערט געטיילט אויף 30 הלקים (מינוטען).

**מאָדעלטוך** – טוך מיט איינגענייה-טע מוסטערן צו וועש-צייכנען.

**מאָדעלירען** — מאַכען מאָדעלען.

**מאַדעמואַזעל** (פר.) – פריילין.

**מאָדע-סחורות** – סחורות, וועלכע נוצען צום פוץ פאַר דאַמען און הערען.

**מאָדעראַטאָ** (איט.) – מעסיג. (אין דער מוזיק).

**מאָדעראַטאָר** (לאַט.) – אינסטרומענט צו פערקלענערען די בעווע-גונגס-געשווינדיגקייט פון מאַשינען.

**מאָדעראַנטיזמוס** (לאַט.) — געמע-סיגטע פּאָליטישע אַנשויאונגען.

**מאָדערן** (פר.) — לויט דעם געשמאַק פון דעם יעצטיגען דור.

**מאָדערניזירען** (פר.) — צופּאַסען צום געשמאַק פון יעצטיגען דור.

**מאַדריגאַל** (איט.) — לירישער שיר מיט טיעפזיניגען אינהאַלט פון 4 ביז 16 שורות.

**מאַדרילעניאַ** (שפּאַנ.) – שפּאַנישער נאַציאָנאַל-טאַנץ.

**מאַהאַראַדזשאַ** (אינד.) — גרויסער קעניג, טיטעל פון די אינ-דישע הערשער.

**מאָזאַיק** (גר.) – קונסט פון קליינע פאַרביגע שטיינדלעך און שטיקלעך גלאָז צוזאַמענצושטעלען פאַרביגע פיגורען און בילדער.

**מאַזורקע** (פויל.) – פּוילישער נאַציאָ-נאַל-טאַנץ.

**מאַט** (אַראַב.) – 1) סוף פון דער שפּיעל, ווען ביי אַ שאַכמאַט-שפּיעל האָט שוין דער קעניג פון איינעם פון די שפּיעלענדע מעהר נישט קיין פריי-גאַנג. 2) אונדורכזיכטיג, אָהן גלאַנץ.

**מאַטאַדאָר** (שפּאַנ.) — 1) הויפּט-קעמפּפער מיט אָקסען אין שפּאַניען. 2) ווינכטיגע פּערזאָן.

**מאָטאָר** (לאַט.) – בעוועגער: מאַשין, וועלכע ברייגנט אין בעוועגונג.

**מאַטוריטעט** (לאַט.) — רייפקייט, בגרות.

**מאַטוריטעטס-עקזאַמען** (לאַט.) — עקזאַמען פון דעם קורס פון אַ גימנאַזיום.

**מאַטוריטעטס-צייגניס** (לאַט.-דייטש) – צייגניס, דאָס מען האָט אויסגעהאַלטען עקזאַ-מען פון אַ גאַנצען קורס פון גימנאַזיום (תעודת בגרות).

**מאָטיוו** (לאַט.) – 1) בעוועגונגס-גרונד, אורזאַכע, טעם. 2) הויפּט-

אידעע פון אַ מוזיקאַלישער קאָמפּאָזיציע, מוזיקאַלישער זאַץ. 3) געגענשטאַנד און דער סקולפּטור.

**מאָטיווירען** (לאַט.) — ערקלערען דעם טעם, בעגרינדען.

**מאָטטאָ** (איט.) — שפּרוך, קורצער פּסוק, וועלכער דרוקט-אויס אַ וויכטיגען געדאַנק.

**מאַטינעע** (פר.) – פאַרמיטאָג-פערוואַלונג אָדער פאַרמיטאָגס-קאָנצערט.

**מאַטען** (פר.) „פרוהמאָרגען", גרויסע פראַנצויזישע צייטונג.

**מאַטעמאַטיק** (גר.) – לעהרע וועגען גרעסען (מאָסען, צאָהלען א. ד. ג.) און זייערע פערהעלטניסע.

**מאַטעמאַטיקער** (גר.) — לעהרער אָדער קענער פון מאַטעמאַטיק.

**מאַטעמאַטיש** (גר.) — 1) וואָס איז שייך די מאַטעמאַטיק. 2) לויט דעם לעהר-סיסטעם פון דער מאַטעמאַטיק. 3) קלאָר, דייטליך, גענוי.

**מאַטעריאַל** (לאַט.) – רויהע סחורה, פון וועלכער עס דאַרפען אויסגעאַרבייט ווערען פערשידענע זאַכען.

**מאַטעריאַליזמוס** (לאַט.) — אַנשויאונג, דאָס די גרונדאורזאַכע פון אַלעם, וואָס עס קומט פאָר אין דער נאַטור, ווי אין דעם לעבען פון דעם מענשליכען פּרט און כלל, איז נאָר דער קערפּערליכער שטאָף, די „מאַטעריע", דער חומר, און קיין שום זאָגענאַנטע אידעעלע אָדער גייסטיגע (רוחניים) פאַקטאָרען עקזיסטירען נישט.

**מאַטעריאַליסט** (לאַט.) — 1) אָנהענגער פון מאַטעריאַליזמוס, 2) מענש, וועלכער האָט אין זינען נאָר זיינע מאַטעריעלע אינטערעסען. 3) סוחר פון העמישע מאַטעריאַלען און פאַרבען.

**מאַטעריאַליסטיש** (לאַט.) – 1) לויט דעם מאַטעריאַליזמוס. 2) גראָב, האָבענדיג אין זינען נאָר אייגענע מאַטעריעלע אינטערעסען.

**מאַטעריע** (לאַט.) – 1) שטאָף, חומר, ד. ה. אַלעם, וואָס פאַרנעהמט אַן אָרט אויף דער וועלט. 2) שניט-סחורה. 3) אייטער.

**מאַטעריעל** (לאַט.) — 1) פון שטאָף בעשטעהענדיג. 2) ווירקליך, פיהלבאַר, גראָב.

**מאַטראָז** (האָל.) — 1) דינער אויף אַ שיף. 2) פלאָט-זעלנער.

**מאַטראָנע** (לאַט.) – 1) רוימישע עלטערע דאַמע. 2) עלטערע געבילדעטע פרוי.

**מאַטראַצע** (דייטש) – אונטערדעק אָנגעפּילט מיט היי, האָאָר א. ד. גל.

**מאַטריצע** (לאַט.) — פאָרם, אין וועלכער עס ווערען אָבגעגאָסען זאַצען צום דרוק.

**מאַטריקעל** (לאַט.) – 1) רשימה פון סטודענטען, סאָלדאַטען; סומען, מיט וועלכע פערשידענע פּראָווינצע שטאַאַטען האָבען זיך צו בעטייליגען אין די אַלגעמיינע הוצאות. 2) שיין, צייגניס, דאָס דער איינגעטי-

מער דערפֿון איז אײַנגעטראָגען אין די רשימה.

**מאַי** — דער פֿינפֿטער מאָנאַט אין קריסטליכען יאָהר, האָט 31 טאָג.

**מאַיאָליקאַ** (איט.) — ערדען־געפֿעס, בעדעקט מיט ווײַסער גלאַזור און זעהט אויס ווי פּאָרצעלאַן.

**מאַיאָר** (לאַט.) — „גרעסערער", אַן אָפֿיציער־טיטעל.

**מאַיאָראַט** (לאַט.) — ירושה־סיסטעם, לויט וועלכען די גאַנצע הויפּט־ירושה נעהט איבער צו'ם על־טעסטען יורש פֿון דער משפּחה.

**מאַיאָראַט־גוּט** (לאַט.־דײַטש) — הויפּט־ירושה, וועלכע נעהט איבער לויט דעם מאַיאָראַט צו'ם עלטעסטען יורש.

**מאַיאָראַן** — מין שמעקעדיג גראָז.

**מאַיאָריטעט** (לאַט.) — מעהרהײַט, רוב דעות.

**מאַיעסטעט** (לאַט.) — גרויסקײַט, פּראַכט. 2) טיטעל פֿון קסרים און מלכים.

**מאָל** (לאַט.) — ווייכער טאָן (אין דער מוזיק).

**מאַלאַגאַ** — 1) זיסער שפּאַנישער ווײַן (אויפֿ'ן נאָמען פֿון דער שטאָדט מאַלאַגא). 2) זיסע שפּאַנישע ראָזינקעס.

**מאַלאַכיט** — מין גרינער מינעראַל.

**מאַלאַריאַ** (איט.) — קדחת, וועלכעס הערשט אין זומפּפֿיגע געגענ־דען, זומפּפֿען־פֿיבער.

**מאַלוואַזיער** (ווײַן) — זיסער גרי־כישער ווײַן.

**מאַלווע** (לאַט.) — מין גאָרטען־געוויקס מיט בלומען.

**מאָלוסקען** (לאַט.) — ווייכע חיות, קלײנע ים־בעשעפֿעניש אָהן ווירבעל־ביינער.

**מאָלטאָ** (איט.) — פֿיעל, שטאַרק (אין דער מוזיק).

**מאַלטרעטירען** (פֿר.) — זיך שלעכט בענעהן, שלעכט טראַקטירען.

**מאָלעקוּל** (פֿר.) — קלענסטעס זעלבסט־שטענדיג טײלכעל פֿון אַ קערפּער, וועלכעס קאָן שוין מיט טע־כנישע מיטלען (רײַבונג, שטויסונג, האַקונג) מעהר נישט געטהײלט ווערען.

**מאָלעקולאַר־קרעפֿטען** — אָנצי־הונגס־ און אָבשטויסונגס־קרעפֿטען צווישען די איינצינע מאָלע־קולען פֿון אַ קערפּער.

**מאַלער** (פֿר.) — אונגליק, שלעכטער צופֿאַל.

**מאַמאַליען** (לאַט.) — זויגענדיגע חיות.

**ממון** (סוריש און העבר.) 1) געלד, רײַכ־טום. 2) סירישער גאָט פֿון רײַכטום.

**מאַמאָנט** (סיביר.) — פֿאַרצײַטיגער, אונגעהויערער גרויסער עלעפֿאַנט.

**מאָמוס** (גר.) — אין דער מיטאָלאָגיע — זוהן פֿון דעם שלאָף און דער נאַכט, גאָט פֿון חוזק און וויץ.

**מאַמעלוּק** (אראַב.) — 1) „קנעכט" — גוואַרדיסטען פֿון די סולטאַנען

אין מצרים (פֿון 14 יאָהרהונדערט ביז'ן אָנהויב פֿונ'ם 19). 2) טרייער אָנהענגער פֿון דער רעגירונג.

**מאָמענט** (לאט.) — 1) אויגענבליק, קליינע ווײַלע. 2) די קראַפֿט־ווירקונג ביי געגעבענע אומשטענדען. 3) וויכטיגער געגענשטאַנד, וויכטיגע איינצעלהייט, וועלכע ערוועקט אונזער אויפמערקזאַמקייט.

**מאָמענטאַן** (לאַט.) – אויגענבליקליך, זעהר קורץ.

**מאָנאָגאַמיע** (גר.) — איינווייבעכץ, דאָס האָבען איין ווייב.

**מאָנאָגראַם** (גר.) – צייכען פֿון עטליכע צוזאַמענגעדרעהטע בוכשטאַבען פֿון אַ נאָמען.

**מאָנאָגראַפֿיע** (גר.) — בעשרייבונג פֿון אַ בעזונדערן געגענשטאַנד.

**מאָנאַדע** (גר.)– 1) איינהייט, איינפֿאַכע סובסטאַנץ אין דעם פֿילאָזאָפֿישען סיסטעם פֿון לייבניץ. 2) מין קליינע לעבענדיגע בעשעפֿענישען (מין אינפֿוזאָריען).

**מאָנאָהאָרד** (גר.) — אינסטרומענט מיט איין סטרונע צו מעסטען די טאָנען.

**מאָנאָחראָם** (גר.) — בילד אין איין קאָליר.

**מאָנאָטאָן** (גר.) — מיט איין טאָן, מיט איין אופֿן, שטענדיג אויף איין שטייגער.

**מאָנאָטאָניע** (גר.) – איינטעניגקייט, איינערליי, איינפֿאָרמיגקייט.

**מאָנאָטעאיזמוס** (גר.) — גלויבען אין איין גאָט.

**מאָנאָטעאיסט** (גר.)– מאמין באחדות הבורא, ווער עס גלויבט אין איין גאָט.

**מאָנאַך** (גר.) -- פּראַוואָסלאַווער נזיר.

**מאָנאַכין** (גר.) — פּראַוואָסלאַווע נזירה.

**מאָנאָלאָג** (גר.)–געשפּרעך פֿון איינעם.

**מאָנאָלאָגיש** (גר.) — אין דער פֿאָרם פֿון אַליינגעשפּרעך.

**מאָנאָליט** (גר.) — געביידע פֿון איין מאַסיווען שטיין.

**מאָנאָמאַניע** (גר.) — משוגעת לדבר אֶחד, צומישונג, ביי וועלכער מען קלערט נאָר פֿון איין זאַך.

**מאָנאַסטיר** (גר.) – פּראַוואָסלאַווער קלויסטער.

**מאָנאָפּאָל** (גר.) — 1) רעכט אַליין צו האַנדלען מיט אַ בעשטימטער סחורה אין אַ בעשטימטער געגענד. 2) בראָנפֿען־האַנדעל אין רוסלאַנד, ווייל דאָס איז אַ מאָנאָפּאָל פֿון דער רעגירונג.

**מאָנאָפּאָליזירען** (גר.) – אויסארבייטען זיך דאָס רעכט אַליין צו האַנדלען מיט עפּעס אָדער פֿאַבריצירען עפּעס.

**מאָנאָפּאָליסט** (גר.) — אַליין־הענדלער, אַליין פֿאַבריצירענדער, ווער עס האָט אַ מאָנאָפּאָל.

**מאָנאָקראַטיע** (גר.) — אַליינהערשאַפֿט.

**מאָנאַרך** (גר.) – אַליינהערשער .

**מאָנאַרכיזמוס** (גר.) -- סיסטעם פון אַליינהערשאַפט ; אַנשויאונג, דאָס די מאָנאַרכיע איז די בעסטע רעגירונגס-פאָרם פאַר דאָס פאָלק .

**מאָנאַרכיסט** (גר.) – 1) אָנהענגער פון אַליינהערשאַפט . 2) אין רוס-לאַנד – מיטגליעד פון די רעכטע פאַר-טייען, וועלכע פאָדערן די אונבעגרענ-צונג פון דער אַליינהערשאַפט .

**מאָנאַרכיע** (גר.) – רעגירונגס-סיס-טעם, לויט וועלכען אין דער שפיצע פון דער רעגירונג שטעהט איין פערזאָן , וועלכע נעהמט איבער די אָבערמאַכט בירושה . 2) מדינה, וועלכע ווערט פערוואַלטעט פון אַ מאָנאַרך .

**מאָנאָמעטער** (גר.) – אַפּאַראַט צו מעסטען דעם דרוק פון גאַזען.

**מאָנגאָלפיער** (פר.) – די ערשטע לופטבאַלאָנען, וועלכע זע-נען געפלויגען מיט דער קראַפט פון אָנגעוואַרמטער לופט (אויפ'ן נאָמען פון די ברידער מאָנגאָלפיער) .

**מאָנגאַן** (גר.) – מין מינעראַל מיט מעטאַלישען גלאַנץ .

**מאַנדאַט** (לאַט.) — אויפטראַג , בע-פאָלמעכטיגונג.

**מאַנדאַטאַר** (לאַט.) --בעפאָלמעכטיג-טער, ווער עס קריגט אַ מאַנדאַט .

**מאַנדאָלינאַ** (איט.) — מוזיקאַלישעס סטרונען-אינסטרומענט .

**מאַנדאַנט** (לאַט.) — בעפאָלמעכטי-גער , ווער עס גיט אַ בעפאָלמעכטיגונג .

**מאַנדאַרין** (סאַנסקריטיש) — הויכער בעאַ ט ר אין חינאַ.

**מאַנדאַרינע** (פּאָרטוג.) – מין קליינע זיסע פּאָמעראַנץ.

**מאַנדעל** — 15 שטיק .

**מאַנדריל** (שפּאַנ.) – מין אַפּע (מאַלפּע) אין גווינעאַ .

**מאַנואַל** (לאַט.) — 1) האַנד-בוך . 2) קלאַוויאַטור ביי אַנ'אָרגעל .

**מאָנומענט** (לאַט.) — געדענקמאָל , גרויסע מצבה .

**מאָנומענטאַל** (לאַט.) — וואָס איז שייך אַ מאָנומענט , וואָס איז בערעכענט אויף לאַנגע עקזיסטענץ , אויף דורות .

**מאַנוסקריפּט** (לאַט.) — כתב-יד , אָריגינאַל-שריפט , נאָך וועל-כער מען דרוקט דאָס ווערק .

**מאַנופאַקטור** (לאַט.) — „האַנד-אַרבייט”, פאַבריקאַציע, בע-אַרבייטונג פון רויהע שטאָפען.

**מאַנופאַקטור-סחורה** — סחורה אויסגעאַרבייטע פון רויהע שטאָפען (מייסטענס – שניט-סחורה) .

**מאָנטאַניאַר** (פר.)– בערג-מענש, מיט-גליעד פון דער עקסטרעמ-סטער לינקע אין דער צייט פון דער ערש-טער פראַנצויזישער רעוואָלוציע . (דער נאָמען שטאַמט דערפון, ווייל זיי האָבען פאַר-נומען די העכסטע בענק פון פּאַרלאַמענט) .

**מאַנטיליע** (שפּאַנ.) — שפּאַנישער מאַנטעל , קורצער מאַנטעל .

**מאַנטירען** (פר.) — פאַרטיג מאַכען, אויפשטעלען מאַשינען.

**מאָנטער** (פר.) — אויבשטעלער פון מאַשינען.

**מאָניזמוס** (גר.) — איינהייט, אחדות, פילאָזאָפיש סיסטעם, לויט וועלכען עס הערשט איינהייט (און נישט אינערליכע געגענזעצען) אין דער גאַנ־צער נאַטור.

**מאַנטשעסטער** (ענג.) — בוימוואָל־סאַטעט.

**מאַניליע** (שפאַנ.) — קופּערנע רינג, וואָס נעגערס טראָגען אַלס צירונג אויף די הענד און די פיס.

**מאַניע** (גר.) – שטיק משוגעת; שטאַר־קער תאוה צו עפּעס.

**מאַניערע** (פר.) — 1) אופן, ווי אַזוי צו טהון עפּעס, אַרט אומ־געהן זיך מיט אַ זאַך. 2) איינגענאַרט פון אַ קינסטלער אויספיהרען זיינע ווערק.

**מאַניערירט** (פר.) — געקינצעלט, נעצווינגען, אומנאַטירליך.

**מאַניערירען** (פר.) — מאַכען מאַניע־רען, ווילען האָבען בענעה־מונגען, וועלכע מען האָט נישט פון דער נאַטור, כדי מען זאָל אויסזעהן אָרגינעל.

**מאַניפּולאַציע** (לאַט.) — אומגאַנג מיט עפּעס, בענוצונג פון בעזונדערע מיטלען און וועגען, כדי צו דערגרייכען אַ ציעל.

**מאַניפּולירען** (לאַט.) — אויסאַרבייטען, אומגעהן מיט עפּעס, בענוצען בעזונ־דערע מיטלען און וועגען.

**מאַניפעסט** (לאַט.) — עפענטליכע ערקלערונג פון דער אויבער־הערשאַפט צום פאָלק וועגען אַ וויכטיג נעשעהעניש.

**מאַניפעסטאַציע** (לאַט.) – עפענטלי־כער אויסדרוק פון בראָטעסט אָדער מיטגעפיהל.

**מאַניפעסטירען** (לאַט.) – עפענטליך אויסדריקען געפיהלען.

**מאַנסאַרד** (פר.) — בוידעם־שטיבעל, פאַציאַטע.

**מאָנסטר** (פר.) — אונגעהויער, אויס־טערליש בעשעפעניש.

**מאָנסיע, מאָסיע** (פר.) — הערר.

**מאַנע** (גר.) – זיסער זאַפט פון איינינע מינים עשען־בוימער (יאַסיענעם).

**מאַנעווער** (פר.) – 1) קונסטבעוועגונג, 2) בעוועגונג פון שיפען אָדער מיליטער־אָבטיילונגען, כדי צו געוואָהנען זיי צו די סטראַטעגישע בעוועגונגען אין מלחמה־צייטען.

**מאַנעווירען** (פר.) – 1) אויספיהרען בעוועגונגען מיט מיליטער. 2) בענוצען זיך מיט פערשידענע נענג און שפיצלעך.

**מאַנעזש** (פר.) — רייט־פּלאַץ, רייט־שוהלע.

**מאָנעטאַ** (לאַט.) — מטבע.

**מאַנען** (לאַט.) — נשמות פון געשטאָר־בענע.

**מאַנעקען** (פר.) — הולצערנע אָדער

דראָהטענע פיגור פון אַ מענשען.

**מאָנפּערינאָ** (איט.) – איטאַליענישער טאַנץ.

**מאַנקאָ** (איט.) — וואָס עס פעהלט לויט'ן רעכנונג צו דער וואָג, מאָס אָדער קאַסע.

**מאַנקאַנדאָ** (איט.) אַלע מאָל שטילער (אין דער מוזיק).

**מאַנקירען** (פר.) — פערפעהלען, דורכלאָזען (לעקציעס אין אַ שוהלע, טעג אויף אַ שטעלע).

**מאָנראָ'ס דאָקטרין** (ענג.) — פּרינציפּ, וועלכען עס האָט אויפגעשטעלט מאָנראָ, אַ פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַאַטען אין צפון-אַמעריקאַ, דאָס די אַמעריקאַנער טאָרען נישט ערלויבען קיין אייראָפּעאישער רעגירונג זיך אַריינמישען אין אַמעריקאַנישע אַנגעלעגענהייטען.

**מאָסאָ** (איט.) — בעוועגט, לעבעדיג.

**מאַסאַזש** (פר.) – רייבונג פון קערפּער צו הייל-צוועקען.

**מאַסאַזשיסט** (פר.) – ווער עס קאָן מאַכען מאַסאַזש לויט די פאָדערונגען פון דער מעדיצין.

**מאַסאָן** (פר.) — פריימויערער.

**מאַסאָן-לאָזשען** (פר.) — אַבטהיילונגען, גרופּען, אין וועלכע עס האָבען זיך גרופּירט די פריימויערער.

**מאַסאַקער** (פר.) – בלוט-באָד, בלוטיגער פּאָגראָם.

**מאַסאַקרירען** (פר.) — רויבען און הרג'ענען מאַסענווייז.

**מאַסטיקס** — שמעקענדיגער פערטרוקענטער זאַפט פון מאַסטיקאַ-בוים.

**מאַסטיקס-צעמענט** — מאַסע פון גיפּס, זאַמד און וואַסער צו שטוקאַטור-אַרבייט.

**מאַסיוו** (לאַט.) – 1) פון לויטער מאַסע, אויסגעפילט, נישט הויל אינוועניג. 2) פון גוט גאָלד אָדער זילבער. 3) פון לויטער שטיינער. 4) פעסט, גראָב.

**מאַסירען** (פר.) — מאַכען מאַסאַזש.

**מאָסקאַל** (פר.) — איינוואָהנער פון מאָסקווע, פּוילישע פעראַכטליכע בעצייכנונג פאַר רוסען.

**מאַסקולין** (לאַט.) – מענליך, מין זכר.

**מאָסקיטען** (שפּאַנ.) — שטעכענדיגע מיקען אין די הייסע לענדער.

**מאַסקירען** (פר.) — 1) פערשטעלען, בעהאַלטען דעם אמת'ען זינען, פאַרשטעלען אַנדערש, ווי עס איז. 2) אָנטהון אַ מאַסקע.

**מאַסקירען זיך** (פר.) — 1) אָנטהון אויף זיך אַ מאַסקע. 2) פערשטעלען זיך גאַנץ אַנדערש, ווי מען איז, זיך אַרויסווייזען אַנדערש, בעהאַלטען די אמת'ע מיינונג.

**מאַסקע** (פר.) – 1) בעדעקונג פון געזיכט, וועלכע איז ענהליך צו אַ מענשליך פנים. 2) פאַלשע געשטאַלט, פאַלשע בענעהמונג.

**מאַסקעראַד** (פר.) – מאַסקענבאַל, באַל, אויף וועלכען די געסט

זענען פערמאַסקירט און טראָגען אָרי=
גינעלע קליידונג.

**מאַשטאַב** (דייטש) – ליניע, צוטיילט אויף גלייכע חלקים, פון וועלכע יעדערער בעדייטעט אַ בעשטימ=טע לענג אויף דער ערד.

**מאַעסטאָזאָ** (איט.) – (אין דער מוזיק) גראָסאַרטיג, מאַיעסטעטיש.

**מאַעסטראָ** (איט.) – לעהרער, העַר, גרויסער קינסטלער (דיענט אַלס עהרענטיטעל פאַר גרויסע מוזיקער, מאַלער, סקולפּטאָרען און אַנדערע אַרטיסטען).

**מאַפּע** (איט.) — לאַנדקאַרטע.

**מאָפּעט** (פר.) — אָרט אין די בערג=גרובען, פון וואַנען עס גיעהט שטענדיג אַרויס קוילענזויערער גאַז.

**מאָצאַטאַ** (איט.) – מאַנטעל פון הויכע קאַטוילישע גייסטליכע.

**מאַציס אָדער מאַסי** (פר.) – מושקאַט=בלומען.

**מאָציע** (לאַט.) – בעוועגונג: 1) קערפּערליכע בעוועגונג (גימנאַסטיק, שפּאַצירען) צו היגיענישע צוועקען. 2) פאָרשלאַג פון אַ איינצעלנעם מיטגליעד אין אַ פּאַרלאַמענט.

**מאַצעראַציע** (לאַט.) — איינווייקונג.

**מאַצערירען** (לאַט.) — איינווייקען עפּעס אין וואַסער, כדי אַרויסצוציהען דערפון די שטאָפען, וועלכע צולאָזען זיך אין וואַסער.

**מאָקאַ** (אַראַב.) – אַראַבישער קאַפע.

**מאַקאַבר** (פר.) — טאַנץ פון מתים.

**מאָקאַזין** – אַ נדיאַנער שוך אָהן זוילען.

**מאַקאָלי** (איט.) — קורצע ליכט, וועַרען בענוצט אין קאַרנאַוואַל=צייט אין רוים.

**מאַקאַראָן** (איט.) — לאַנגע טרוקענע לאָקשען.

**מאַקאַראָנישע פּאָעזיע** – שירים פון נישט=ערנסטען אינהאַלט און דער פאָלקס=שפּראַך מיט לאַטיינישע וואָרט=ענדונגען.

**מאַקובאַ** — מין פיין שמעקענדיגער שמעק=טאַבאַק, וועלכער וואַקסט אויפ'ן אינזעל מאַרטיניקאַ.

**מאַקולאַטור** (לאַט.) – פערשמוצטער בויגען פּאַפּיער.

**מאַקולירען** (לאַט.) — פערשמיצען, בעפלעקען.

**מאַקיאַוועליזמוס** — רעגירונגס=סיסטעם, לויט וועלכען דער רעגירענדער שטעלט זיך נישט אָב פאַר קיין שום פאַלשקייט, אינטריגע, געהיימע רציחה א. ד גל, אבי זיין ציעל צו דערגרייכען (אויפ'ן נאָמען פון מאַקיאַוועלי, יעם סעקרעטאַר פון דער נעאַפּאָליטאַנישער רעפּובליק אין 16=טען יאָהרהונדערט).

**מאַקיאַוועליסטיש** — איינשטימיג מיט דעם מאַקיאַוועליזמוס, לויט דעמאָראַזינגען סיסטעם.

**מאַקסימאַליסטען** (לאַט.) – עקסטרעמע רעוואָלוציאָנערען אין רוסלאַנד, וועלכע ווילען מיט הילף פון פּאָליטישע רציחות איינפיהרען אַ נייע אָרדנונג.

**מאַקסימום** (לאַט.) — דאָס גרעסטע.

דאָס העכסטע, די גרעסטע צאָהל, דער גרעסטער פּרייז, די העכסטע שטופע.

**מאַקסימע** (לאַט.) – הויפּט־כּלל, לויט וועלכען מען פיהרט זיך אין פּאָ־ליטישען און געזעלשאַפטליכען לעבען.

**מאַקראָביאָטיק** (גר.) — קונסט צו פערלענגערען דעם מענשענס לעבען.

**מאַקרעל** (האָלל) — מין ים־פיש אין צפון־אָצעאַן.

**מאַראַבו** (אַראַב.) – מין אַפריקאַנישער פויגעל מיט לאַנגע פעדערן וועלכע ווערען בענוצט אַלס שמוק.

**מאַראַבוט** (אַראַב.) — מהמד׳נישער אָרפּס־גייסטליכער.

**מאַראָדירען** (פר.) — אָבטיילען זיך פון דער אַרמעע און רויבען ביי פרידליכע איינוואָהנער.

**מאַראָדער** (פר.) — סאָלדאַט, וועל־כער טיילט זיך אָב און אַ מלחמה־צייט פון דער אַרמעע, כּדי צו רויבען פרידליכע איינוואָהנער.

**מאַראַזמוס** (לאַט.) — אָבצעהרונג, שוואַכהייט.

**מאָראַטאָריום** (לאַט.) – צייט, וועלכע ווערט נאָך פּראָלאָנגירט (פער־לענגערט) דעם בעל־חוב נאָכ׳ן טערמין צו צאָהלען.

**מאָראַל** (לאַט.) – מוסר, תּורת המוסר, זיטען־לעהרע.

**מאָראַליזירען** (לאַט.)– נעבען מאָראַ־לישע לעהרע, מאַכען זיטליך, זאָגען מוסר.

**מאָראַליטעט** (לאַט.) — מוסריות, זיטליכקייט, זיטליכע אויפ־פיהרונג.

**מאָראַליסט** (לאַט.) – 1) לעהרער פון מאָראַל. 2) מענש, וועלכער פיהרט זיך לויט די פאָדערונגען פון דער מאָראַל.

**מאָראַליש** (לאַט.) – זיטליך, לויט די פאָדערונגען פון דער מאָראַל.

**מאַראָן** (פר.) — גרויסער עסבאַרער קאַשטאַן.

**מאָראַנדאָ** (איט.) — נעלאַסען. (אין דער מוזיק).

**מאַראָניטען** — אַ קריסטליך פאָלק אויפ׳ן לבנון.

**מאַראַנען** (שפּאַנ.) — אנוסים, יידען און אַראַבער (מוירען) אין שפּאַניען, וועלכע זענען געוועזען געצווּנגען אָנצונעהמען דאָס קריסטענטום און פערבאָרגענערהייד האָבען זיי געהיט דעם גלויבען פון זייערע עלטערן.

**מאַראַסקינאָ** (איט.) — דאַלמאַטינישער ליקער פון קירשען מיט האָניג.

**מאָרג** (פר.) — טויטענהויז, הויז, אין וועלכען מען לעגט אַנידער אויף אַ פּאָר טאָג פרישע אונבעקאַנטע בר־מינן׳ס, כּדי די קרובים זאָלען זיי דערקענען.

**מאָרגאַנאַטישער זיווג** – 1) פּאָר־פאָלק, וועלכעס וואָהנט אָהן חופּה און קדושין. 2) זיווג פון אַ פּרינץ, פירשט מיט אַ פרוי פון אַ נידעריגערען

שטאַנד, וועלכע בלייבט אויך נאָך דער חתונה און דעם זעלבען שטאַנד, און די קינדער געניסען נישט פון דעם פאָטער'ס רעכטע.

**מאַרגאַריטאַ** [מַרְגָּנִיתָא, מַרְגָּלִית] (לאַט.) — פערעל.

**מאַרגינאַליען** (לאַט.) — בעמערקונגען אויפ'ן ראַנד פון אַ העפט אָדער אַ בוך.

**מאַרגינירען** (לאַט.) — איבערלאָזען ריינע ראַנדען ביי'ם העפט אָדער בויגען פאַפּיער.

**מאַרגינעם** (לאַט.) — ריינע בוך- אָדער העפט-ראַנדען.

**מאָרגע** (דייטש) — פלעכענמאָס אין פוילען, אונגעפעהר אַ האַלבע דעסיאַטינע.

**מאָרדענטע** (איט.) — קליינער טרילער (אין דער מוזיק).

**מאַרט** (רוס.) — רוסישער נאָמען פון חודש מערץ.

**מאָרטאַליטעט** (לאַט.) — שטערבליכקייט.

**מאָרטיפיקאַציע** (לאַט.) — ערקלערונג פון אַ וועקסעל אָדער אַן'אַנדערער שריפטליכער פערפליכטונג פאַר אונגילטיג.

**מאַריאַזש** (פר.) — 1) חתונה. 2) מין קאָרטען-שפּיעל צווישען צוויי פּערזאָן.

**מאַריאָנעטען** (פר.) — דראָהטענע מענשליכע בעוועגליכע מענשען-פיגורען.

**מאַרינאַד** (פר.) — איינגעמאַכטע שפּייזען (מייסטענס פיש) מיט עסיג און פערשידענע געווירצען.

**מאַרינירען** (פר.) — איינמאַכען שפּייזען מיט געקאָכטען עסיג און געווירצען.

**מאַרינע** (פר.) — 1) ים-כוחות, פלאָטע פון אַ גאַנצער מדינה. 2) מאַלעריי פון ים-בילדער.

**מאַרלי** (פר.) — סאָרט גאַזע.

**מאָרמאָנען** — קריסטליכע רעליגיעזע סעקטע אין נאָרד-אַמעריקאַ.

**מאָרמאָרירען** אויסאַרבייטען עפּעס, עס זאָל אויסזעהן ווי מאַרמאָר.

**מאַרמעלאַד** ((פר.) — מיט צוקער געקאָכטער פרוכטען-זאַפט.

**מאַרס** (לאַט.) — 1) רוימישער גאָט פון מלחמה. 2) אַ פּלאַנעטע.

**מאַרסעלין** (פר.) — גלאַטער, לייכטער זיידען-שטאָף.

**מאַרסעליעזע** (פר.) — „מאַרסעלישער מאַרש", ליעד, וועלכעס פאָדערט-אויף צום קאַמפף פאַר די פריי-הייט און גלייכהייט, פערפאַסט און שטאַרק בענוצט אין די צייטען פון דער ערשטער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

**מאַרספעלד** — גרויסער פלאַץ אונ-טער די שטאָדט פאַר מיליטערישע איבונגען (אין אייניגע גרויסע אייראָפּעאישע שטעדט).

**מאָרעלע** (פר.) — סאָרט פרי עהנליך צו אַ קירש.

**מאַרעמען** (איט.) – זומפּפיגע פּלאַצע געגענדען נעבען ים אין איטאַליען.

**מאָרען** (פר.) — פאַרבשטאָף פון געלבע-האָלץ.

**מאָרענדאָ** (איט.) — אויסגעהענדיג, גוססן'דיג (אין דער מוזיק).

**מאָרפאָלאָגיע** (גר.) – לעהרע וועגען די פאָרמען פון בעשעפעני-שען (אין דער נאַטורוויסענשאַפט) און ווערטער (אין דער גראַמאַטיק).

**מאָרפיל** (פר.) – ניט-בעאַרבייטעטער עלפענט-ביין.

**מאָרפין** (גר.) — איינשלעפענדיג, גיפטיג מיטעל, וועלכעס איז אַ שטאָף פון אָפּיום

**מאָרפיניזמוס** (גר.) — נייגונג צו טרינקען מאָרפין-לעזונגען.

**מאָרפעאוס** (גריכ. מיטאָלאָגיע) – גאָט פון שלאָף.

**מאַרציאַל-געזעצע** — קריגס-גע-זעצע, מיט וועלכע מען בענוצט זיך אין דער צייט פון פאָלקס-אויפשטאַנדען

**מאַרציפּאַן** (דאַט.) – „מאַרקוס-ברויט", געבעקס פון צוקער מיט זיסע מאַנדלען.

**מאַרק** (דייטש) — זילבערנע מטבע, (קנאַפּע 50 קאָפּ.) אין דייטש-לאַנד, דענעמאַרק, נאָרוועגען און פינלאַנד.

**מאַרקאַטאָ** (איט.) – מאַרקירט, אַק-צענטירט, ד. ה. שאַרף הערפאָרגעהויבען (אין דער מוזיק).

**מאַרקיז** (פר.) – אַדעלס-טיטעל.

**מאַרקיזע** (פר.) — 1) טאָכטער אָדער ווייב פון אַ מאַרקיז. 2) גע-צעלט אויף שיפען צו שיצען פון דער זון. 3) דאַך, וועלכען מען קאָן צו-נעהמען, און דיענט צום בעשיצען פון זון און רעגען.

**מאַרקירט** (פר.) — בעצייכענט, אָבּ-געצייכענט.

**מאַרקירען** (פר.) — אָבצייכנען, אָנ-צייכנען, זיך בעמערקען.

**מאַרקסיזמוס** – לעהרע פון קאַרל מאַרקס (און פרידריך ענגעלס), דאָס די גאַנצע וועלט-געשיכטע און אַלע מענשליכע געדאַנקען און מעשים ווערען בעהערשט פונ'ם ריינעם מאַ-טעריאַליזמוס, דאָס די קאַפּיטאַלען זאַמלען זיך אָן אַלע מאָל מעהר אין די הענד פון איינצעלנע פערזאָנען און דער מיטעלער קלאַס ווערט אַלע מאָל אָרימער און ווערט פּראָלעטאַריזירט, און דערהאָזיגער פּראָצעס מוז פיהרען צו אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע, צו אַנ' אויפשטאַנד פון דעם גאַנצען גרויסען אָרגאַניזירטען פּראָלעטאַריאַט געגען די בעדרוקונג פון די פּאָר גרויס-קאַפּיטאַ-ליסטען אויף דער גאַנצער וועלט.

**מאַרקסיסט** – אָנהענגער פון מאַרק-סיזמוס.

**מאַרקע** (פר.) – 1) צייכען (אויף סחורה ביים שפּיעלען). 2) פּאָסט-צייכען. 3) הערבאָווער צייכען, אַלס-

סימן, דאָס מען האָט אָבגעצאָהלט דער מדינה פאַר עפּעס.

**מאַרקער** (פּר.) — קעלנער, וועלכער איז ביי׳ם בילאַרד.

**מאַרקשיידעקונסט** (דייטש) — קונסט צו מעסטען שטרעקען א.ד.ג. אונטער דער ערד. (אין בערג מיינסטענס).

**מאַרקשיידער** (דייטש) — מעסטער אונטער דער ערד (אין בערג-ווערקען).

**מאַרש** (פר.) — 1) גאַנג, בעוועגונג פון מיליטער רעגעלמעסיג און לויט׳ן טאַקט. 2) מעלאָדיע, פּערפאַסט צום טאַקט.

**מאַרשאַל** (פר.) — העכער בעאַמטער אין מיליטער אָדער ביי אַ קעניגליכען הויף.

**מאַרשאַלעק** (פויל.) — 1) דיענער אין אַ פּויילישען הויף. 2) בדחן.

**מאַרשירען** (פר.) — געהן מיט רעגעלמעסיגע טריט און לויט׳ן טאַקט.

**מאַרשרוט** (פר.) — פאָרגעשריבענער וועג.

**מאַרשלאַנד** (האָלל.) — ניעדעריגע, פלאַכע געגענד נעבען ים.

**מאַשין** (גר.) — איינריכטונג צו פּערלייכטערן אָדער אליין אויספיהרען ארבייט.

**מאַשיניסט** (גר.) — 1) מייסטער פון מאַשינען. 2) פיהרער פון אַ לאָקאָמאָטיוו אָדער אַ דאַמפּפער. 3) ווער עס געהט אום און גיט אַכטונג אויף אַ מאַשין.

**מאַשינעל** (גר.) — אומבעוועגט, נאָר לויט געוואָהנהייט, ווי אַ מאַשין.

**מאַשינעריע** (גר.) — עטליכע מאַשינען, פּערבונדען צו איין צוועק.

**מאָשע** (אַראַב.) — מחמד׳נישע שוהל.

**מואַרירט** (פר.) — מאַכען אַ וואַסער-גלאַנץ אויף שניט-סחורה.

**מואַרע** (פר.) — וואַסער-גלאַנץ אויף שניט-סחורות.

**מוזולמאַנער** (אַראַב.) — ז. מוסלעם.

**מוזיצירען** (גר.) — שפּיעלען, בעשעפטיגען זיך מיט מוזיק.

**מוזיק** (גר.) — קונסט פון שפּיעלען און זינגען.

**מוזיקאַליען** (גר.) — מוזיקאַלישער ווערק, נאָטען.

**מוזיקאַליש** (גר.) — 1) וואָס איז שייך צו מוזיק. 2) ווער עס פּערשטעהט זיך אויף מוזיק, ווער עס האָט אַ געפיהל פאַר מוזיק. 3) האַרמאָניש קלינגענד.

**מוזיקאַנט** (גר.) — שפּיעלער, כלי-זמר, מנגן.

**מוזיקער** (גר.) — לעהרער פון מוזיק, מוזיקאַלישער קונסטלער.

**מוזעאום** (גר.) — זאַמלונג פון קונסט-זאַכען, נאַטור-בעשעפענישען אָדער היסטאָרישע זעלטענהייטען.

**מוזען** (גר.) — געטינען פון וויסענשאַפט, קונסט און פּאָעזיע.

**מוזשיק** (רוס.) — פּויער.

**מויזאָלעאום** (גריכ.) – פראַכטפאָלע, טייערע מצבה.

**מולא** (אראב.) — מהמד'נישער גייסט־ליכער.

**מולאַטען** (שפאנ.) — קינדער פון אַ ווייסען פאָטער און אַ נעגערין אָדער אומגעקעהרט.

**מומיע** (פרס.) – באַלזאַמירטער טויטער מענשליכער קערפער.

**מוניציע** (לאט.) – געוועהר, פולווער, קוילען און אַנדערע עהנליכע בעדערפנישען צו מלחמה־טעטיגקייטען.

**מוניציפאַל** (לאט.) – וואָס איז שייך צו אַ שטאָדט־פערוואַלטונג.

**מוניציפאַליטעט** (לאט.) – געוועהל־טע שטאָדט־פאָרשטעהער.

**מוניציפאַל־רעכט** (לאט.) — רעכט פון אַ שטאָדט צו האָבען זעלבסט־פערוואַלטונג.

**מוניציפיום** (לאט.) — שטאָדט, וועל־כע האָט זעלבסט־פערוואַל־טונגס־רעכט.

**מוסאָן** (פר.) — ווינד אויפ'ן אינדישען אָצעאַן.

**מוסלעם, מוסלעמים** (אראב.) — ומושלם, מושלמים) מאמין, גלויבינער, ד. ה. מהמד'נער, וועלכער האַלט דעם אמת'ען גלויבען.

**מוסעלין, מושלין** (אינד.) — דינער, האַלב־דורכזיכטיגער שטאָף.

**מוסקולאַטור** (לאט.) — אַלע מוס־קולען צוזאַמען, געבוי פון די מוסקולען.

**מוסקולען** (לאט.) – פלייש־אָדערען, וועלכע זענען פעראייניגט אין פיעל ערטער פון קערפער און ריענען מייסטענס פאַר די בעוועגונג פון די אברים.

**מוסקעליודענטום** — געזונד און מונטער יודישעס פאָלק, צו וועלכען די יעצטיגע, מייסטענס מאָ־גערע און מעהר גייסטיג ווי קערפער־ליך ענטוויקעלטע יודען, זאָלען זיך ענטוויקלען אין דער צוקונפט.

**מופטי** (אראב.) — מהמד'נישער דין.

**מורענע** (לאט.) — מין ים־פיש.

**מושקאַט** (לאט.) — מין בוים אין וואַרעמע געגענדען מיט שטעקענדיגע ניס.

**מושקאַט־בליט** — שאָלען פון מוש־קאַט־ניס.

**מהמד'נער** — אָנהענגער פונ'ם גלוי־בען מהמד'ס (מייסטענס אראַ־בער, טערקען און טאַטאַרען).

**מיאַזמע** (גר.) — אָנשטעקונגס־שטאָף, וועלכער געפינט זיך אין דער לופט און איז די אורזאַכע פון פערשידענע עפידעמישע קראַנקהייטען.

**מיאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען די מוסקולען.

**מיאָפיע** (גר.) — קורצזיכטיגקייט.

**מיגראַציע** (גר.) — וואַנדערונג.

**מיגרירען** (גר.) — וואַנדערן, פאָהרען פון איין אָרט אויפ'ן צווייטען.

**מיגרען** (פר.) — אָפטער וועהטאָג פון איין זייט קאָפּ.

**מיזאָנאַמיע** (גר.) – שנאה צו חתונה־האָבען.

**מיזאָגין** (גר.) — פרויענפיינד.

**מיזאָגיניע** (גר.) — שנאה צו פרויען.

**מיזאַנדריע** (גר.) — שנאה צו מאַנס־לייט.

**מיזאַנטראָפ** (גר.) – מענשענפיינד.

**מיזאַנטראָפיע** (גר.) — פיינדשאַפט צו מענשען.

**מיזאַנטראָפיש** (גר.) — פיינדזעליג צו מענשען, מענשענפיינדליך.

**מיזעראַבעל** (לאַט.) – עלענד, אומ־גליקליך.

**מיטאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען די מיטען (וואונדערבאַרע פאָלקס-ערצעהלונגען) פון א פאָלק איבער געטער, וועלט, וועלט־בעשאַפונג, נאַ־טור, מענשען און פאַרצייטיגע געשיכטע.

**מיטאָלאָגיש** (גר.) — וואָס געהערט די מיטאָלאָגיע; וואָס האָט אין דער ווירקליכקייט נישט עקזיסטירט אָדער וועניגסטענס נישט אין דער פאָרם, ווי עס איז אונז בעקאַנט, נאָר עס איז אויסגעטראַכט פון דער פאָלקס־פאַנ־טאַזיע.

**מיטינג** (ענגל.) – עפענטליכע גרויסע פערזאַמלונג.

**מיטע** (גר.) — ערצעהלונג: פאָעטישע פאָלקס־ערצעהלונג וועגען געטער, העלדען, וועלט־בעשאַפונג און נאַטור.

**מיטראַליעז** (פר.) – קליינע האַרמאַטע.

**מיטראָפאָליט** – ז. מעטראָפאָליט.

**מיטרע** (גר.) — מיץ פון א בישאָף און אַנדערע הויכע קריסטליכע גייסטליכע.

**מיטשמאַן** (ענגל.) — נידעריגער אָפי־ציערס־טיטעל אין רוסישען פלאָט.

**מיידאַן** (אראַב.) — גרויסער פלאַץ, מאַרק אין די מזרח־לענדישע שטעדט.

**מיידען־ספיטש** (ענגל.) — „רעדע פון א בתולה", ערשטע רעדע אין דעם פאַרלאַמענט.

**מייסטער** (דייטש) — 1) איינגענטימער פון א ווערקשטאַט. 2) גע־ניטער בעל־מלאכה, קענער פון זיין פאַך. 3) גלאַוונער פאַבריקס־אַרבייטער.

**מייסטערזינגער** (דייטש.) — דרום־דייטשע לירישע פאָעטען פון 14 ביז 16 יאָהר־הונדערט.

**מילאָרד** (ענגל.) — מיין הער (צו א לאָרד).

**מיליאָן** (פר.) — טויזענד טויזענדער.

**מיליאָנער** (פר.) – ווער עס פערמאָגט מיליאָנען.

**מיליאַם** (פר.) — טויזענד מיליאַרדען.

**מיליאַר** (פר.) – א טויזענדסטעל אר.

**מיליאַרד** (פר.) – טויזענד מיליאָנען.

**מיליאַרדער** (פר.) — גרויסער גביר, וועלכער פערמאָגט מיליאַר־דען.

**מיליגראַם** (פר.) — א טויזענדסטעל גראַם.

**מיליטאַריזמוס** (לאַט.) — מיליטער־

הערשאַפט, מיליטער-סיסטעם, וועל-
כעס בעשטעהט יעצט כמעט אין אַלע
אייראָפּעאישע לענדער, דאָס די מדינות
פערברענגען די גרעסטע סומען אין פיעל
מענשען אויף אויסצוהאַלטען אַ שטענ-
דיגע שטאַרקע אַרמעע.

**מיליטער** (פר.) — חיל, זעלנער.

**מיליליטער** (פר.) — אַ טויזענדסטעל ליטער.

**מילימעטער** (פר.) – אַ טויזענדסטעל מעטער.

**מיליציע** (לאַט.) – נאַציאָנאַלע אַרמעע, פאָלקס-חיל.

**מילעדי** (ענגל.) — מאַדאַם. (ווען מען רעדט צו אַ פרוי פון הויכען שטאַנד).

**מילרייס** (פאָרטוג.) — פּאָרטוגעזישע מטבע, אונגעפעהר 2 רובעל.

**מימאָזע** (לאַט.) – טראָפּישעס געוויקס מיט בלעטער, וועלכע מאַ-
כען זיך ביינאַכט צו.

**מימיק** (גר.) — קונסט אויסצודריקען מיט פּאַסענדע בעוועגונגען און מינעס אינערליכע געפיהלען.

**מימיקער** (גר.) — קענער פון דער מימיק.

**מימיקרי** — צופּאַסען זיך פון חיות צו דער אומגעבונג, צו וועל-
כער זיי ווערען אונגאַנצען עהנליך.

**מימיש** (גר.) – וואָס איז שייך די מימיק.

**מינאָר** (לאַט.) – קלענער, יונגערער.

**מינאָראַט** (לאַט.) — דאָס רעכט פון דעם יונגערען אין דער
משפחה צו ירש'ען די הויפּט-ירושה.

**מינאָריטעט** (לאַט.) — מינדערהייט, קלענערע צאָהל שטימען.

**מינאַרעט** (אַראַב.) – טהורם פון אַ מאָשעע (מחמד'נישע שוהל).

**מינוטע** (לאַט.) – 1) אַ זעכצינגסטעל פון אַ שעה. 2) אַ זעכצינגסטעל פון אַ גראַד. 3) אַ דרייסיגסטעל פון אַ מאָדעל אין דער אַרכיטעקטור. 4) אַנ-
אַכט-און-פערציגסטעל פון די לענג פון מענשליכען קאָפּ ביי מאַלערס.

**מינוס** (לאַט.) – 1) ווייניגער. 2) צייכען (–) וועלכער בעדייטעט, דאָס מען דאַרף אַראָבנעהמען.

**מינוענד** (לאַט.) – ביים חסור די צאָהל פון וועלכער מען נעהמט אַראָב.

**מיניאַטור** (פר.)–1) קליינער פאָרמאַט. 2) מאַלעריי מיט גומיפאַרבען און זעהר קליינעם מאַסשטאַב.

**מיניאָן** (פר.) – 1) ליעבלינג, ליעבעס בעשעפעניש. 2) זעהר קליינע שריפט.

**מיניאָנעט** (פר.)–1) קליינע תכשיטים. 2) פיינע שפּיצען. 3) האַלבזיידען-
שטאָף.

**מינימאַל** (לאַט.) – צום קלענסטען, צום מינדעסטען.

**מינימום** (לאַט.) – דאָס קלענסטע, דאָס מינדעסטע. דער קלענ-
סטער פרייז, די קלענסטע פאָדערונג.

**מיניסטער** (לאַט.) — העכסטער בעאַ-
אַמטער אין אַ מדינה, וועלכער

פערוואלטעט איבער אַ גאנצעם בעזונ=
דערעם אינטערעסען=געביעט .

**מיניסטעריאל** (לאט.) --- וואָס עס
געהערט צו אַ מיניסטעריום ,
צו מיניסטאָרען .

**מיניסטעריום** (לאט.) — 1) פער=
וואלטונג איבער אַ גאנץ גע=
ביעט פון בעזונדערע עהנליכע מדינה'שע
אינטערעסען . 2) הויז , אין וועלכען
עס געפינט זיך די פערוואלטונג .
3) אַלע מיניסטאָרען פון איין מדינה,
וועלכע פערוואלטען צוזאַמען אונטער
דער לייטונג פון איין הויפט=מיניסטער
(פרעמיער , קאַנצלער אָדער מיניסטער-פרע-
זידענט) . 4) די צייט , אין וועלכער
עס פערוואַלטעט אַ מיניסטער=קאבי=
נעט . ז. קאבינעט .

**מינירען** (פר.) – אונטערלעגען מינעס,
אונטערגראָבען .

**מינע** (לאט.) – 1) געזיכטס=אויסדרוק .
2) אונטערערדישער וועג .
3) אונטערגראָבונג, כדי צו מאַכען אַנ'=
אָנפאַל אויפ'ן שונא .

**מינענזינגער** (דייטש) — דייטשע
פאָעטען אין מיטעלאלטער .

**מינעראַל** (לאט.) — אונאָרגאַנישע
קערפער , וועלכע ווערען
אויסגעגראָבען פון דער ערד .

**מינעראַלאָג** (לאט.-גר.) — קענער
פון מינעראַלען .

**מינעראַלאָגיע** (לאט.-גר.) —לעהרע
וועגען מינעראַלען .

**מינעראַלאָגראַפיע** (לאט.-גר.) —
בעשרייבונג פון מינעראַלען .

**מינעראַל=וואַסער** – וואַסער , וועל=
כעס ענטהאַלט אין זיך הייל=
באַרע מינעראַלען .

**מינעראַליש** (לאט.) – וואָס איז נוגע
מינעראַלען , וואָס עס האָט
די אייגענשאַפטען פון מינעראַלען , וואָס
עס האָט אין זיך אַלס בעשטאַנדטיילען
מינעראַלען .

**מינערוואַ** (לאט.) — רוימישע געטין
פון חכמה און וויסענשאַפט .

**מינערען** (פר.) — מענשען , וועלכע
בעשעפטיגען זיך מיט מינען=
אַרבייט (מייסטענס זעלנער , וועלכע בע-
שעפטיגען זיך ספּעציעל דאַמיט) .

**מיס** (ענג.) — פריילין .

**מיסטיפיצירען** (לאט.) – אַריינפיה=
רען אומיסנע עמיצען אין
אַ טעות , פערנאַרען .

**מיסטיפיקאַציע** (לאט.) — פערנאַ=
רונג , אַריינפיהרונג אין אַ
טעות .

**מיסטיציזמוס** (גר.) — רעליגיעזע
ריכטונג , וועלכע האַלט ,
דאָס מען קאָן דערגרייכען צום סוד
הבריאה און די אמת'ע ערקענטניס פון
דער געטליכקייט דורך פערטיעפונג
אין זיך . 2) שטרעבונג צו בעשעפטי=
גען זיך מיט געהיימניסבולע מחשבות
וועגען דעם ציעל פון דער וועלט און
דאָס לעבען אויף יענער וועלט .

**מיסטיק** (גר.) — חכמה נסתרה ,
ז. מיסטיציזמוס .

**מיסטיקער** (גר.) – ווער עס בעשעפ־טיגט זיך מיט מיסטיק, גלויבט אין מיסטיציזמוס.

**מיסטיש** (גר.) — סוד׳דיג, געהיים־ניספול, נישט דייטליך, נישט קלאָר.

**מיסטעריען** (גר.) – מסתורין, סודות, געהיימע רעליגיעזע פער־זאמלונגען ביי די פארצייטיגע גריכען און רוימער און אנדערע קולטור־עלע אָבער געטצענדינערישע פעלקער.

**מיסטראַל** (פר.) – צפון־מערב־ווינד אויפ׳ן מיטעללענדישען ים.

**מיסטרעס** (ענגל.)–הערינטע, מאַדאַם.

**מיסיאָנער** (לאַט.) — קריסטליכער גייסטליכער, וועלכער פאָהרט אין פרעמדע לענדער, כדי אנדערש־גלויביגע צו מאַכען פאַר קריסטען.

**מיסיע** (לאַט) — 1) שליחות, אויפ־טראַג. 2) אויפגאַבע, וועלכע יודען האָבען, לויט די לעהרע פון די רעפאָרמירטע רבנים, צו פערשפרייטען עטיק, מאָראַל און דעם גייסט פון עכטען יודענטום צווישען די קריסטליכע פעלקער. 3) שליחות פון קריסטליכע גייסטליכע אין די ווייטע לענדער, כדי דאָרט צו מאַכען אנדערשגלויביגע פאַר קריסטען.

**מיסצעלען** (לאַט.) — פערמישטע נאַכריכטען (אין אַ צייטונג).

**מיקאַדאָ** (יאַפּאַניש) — טיטעל פון יאַפּאַנישען קייזער.

**מיקסטור** (לאַט.) — געמיש (הויפט־זעכליך פון מעדיצין־מיטלען אין פליסיגער פאָרם).

**מיקראָ** (גר.) — קליין.

**מיקראָבען** – ז. באַקטעריען.

**מיקראָגראַפיע** (גר.) – בעשרייבונג פון גאַנץ קליינע קערפער־לעך, וועלכע מען קאָן זעהען נאָר מיט דער הילף פון מיקראָסקאָפּ.

**מיקראָמעטער** (גר.) – אינסטרומענט צו מעסטען די דורכמעסער פון קליינע קערפער, וועלכע מען זעהט מיט הילף פון מיקראָסקאָפּ, אָדער די שיינבאַרע דורכמעסער פון הימעלס־קערפער, וועלכע מען זעהט מיט הילף פון טעלעסקאָפּ.

**מיקראָסקאָפּ** (גר.) – פערגרעסער־גלאָז.

**מיקראָסקאָפּישע** (גר.) — קליינע בעשעפענישען, וועלכע מען קאָן נישט זעהען מיט׳ן בשוט׳ן אויג, נאָר מיט דער הילף פון אַ מיקראָסקאָפּ.

**מיקראָקאָסמאָס** (גר.) – קליין וועל־טעלע, עולם קטן, דער מענש (ווייל ער בילדעט אַ געשלאָסען וועלטעלע פאַר זיך).

**מיראַבעלע** (פר.) — גוטער סאָרט פלוימען.

**מיראַזש** (פר.) — אָפּטישע ערשיינונג, ביי וועלכער מען זעהט די נידעריגע זאַכען העכער, און די העכערע איבערגעדרעהט; מייסטענס זעהט מען אַזוי אין הייסע טעג אין מדבריות און אויף ימים. אַ דאַנק דער איינגעשאַפּ

פון דער לופט צו ברעכען די ליכט-
שטראהלען.

**מירזא** (פרס.) – פירשט, פרינץ.

**מירטע** (גר.) — געוויקס מיט אייביג גרינע בלעטער און שיינע בלומען, דיענט אלס סימוואל פון ליעבע, ווייל זי איז געווידמעט ווענוס.

**מיריאגראם** (גר.) – 10000 גראם, 10 קילאגראם.

**מיריאדע** (גר.) – צעהן-טויזענד, איבערהויפט זעהר פיעל.

**מיריאליטער** (גר.) – 10000 ליטער.

**מיריאמעטער** (גר.) – 10000 מעטער, 10 קילאמעטער.

**מיריאפאדען** (גר.) – טויזענד-פיסיגע, זאלכע בעשעפענישען.

**מיריארכיא** (גר.) — פארשטעלונג פון פערשיעדענע לאנד-שאפטען דורך די זעלבע בילדער, וועלכע ווערען נאר אלע מאל און אנ-דערע ארדנונג איינגעשטעלט.

**מירע** (גר. און העב.) — מור, שמע-קענדיגער פערטריקענטער זאפט פון אנ'אראבישען בוים.

**מנעמאזינע** (גר.) — געטין פון זכרון.

**מנעמאניק** (גר.) — קונסט צו שטאר-קען דעם זכרון.

**מנעמאניקער** (גר.) — מענש, וועל-כער זעהט צו היטען און צו שטארקען זיין זכרון.

**מנעמאניש** (גר.) – וואס איז נוגע די מנעמאניק, די מיטלען צו שטארקען דעם זכרון.

**מעאנדריש** – פערדרעהט, פערקרומט (אויף'ן נאמען פון דעם טייכל מעאנדער אין פריגיען, וועלכעס פליסט, דרעהענדיג זיך נאך אלע ריכטונגען).

**מעגאסקאפ** (גר.) – ארט מיקראסקאפ צו בעטראכטען טייערע שטיינער.

**מעדאל** (פר.) — אנדענקונגס-צייכען אדער עהרע-צייכען פאר א העלדישע טהאט אדער גוטע פעהיג-קייטען, האט די פארם פון א מעטא-לענע מטבע.

**מעדאליאן** (פר.) — קיילעכדיגער תכשיט, און וועלכען מען קאן איינפאסען א קליין בילד.

**מעדוזע** — מיטאלאגישע פרוי, וואס איהר קאפ איז געוועזען בעדעקט מיט שלאנגען אנשטאט האאר, און ווער עס האט אויף איהר א קוק געטהון, איז געווארען פערשטיינערט.

**מעדזשידיע** (אראב.) — גאלדענע מטבע אין טערקיי.

**מעדזשילים** (אראב.) -- פערזאמלונג פון הויכע בעאמטע וועגען מדינה-זאכען אין טערקיי.

**מעדיאטיזירען** (לאט.) – צונעהמען ביי א מדינה די זעלבסט-שטענדיגקייט, מאכען זי אבהענגיג.

**מעדיום** (לאט.) – 1) מיטעל, מיטעל-וועג. 2) פערזאן, וועלכע קאן פערטרייבען און ארויסרופען שדים און רוחות.

**מעדיצין** (לאט.) — חכמת הרפואה,

ווּיסענשאַפט וועגען הײַלען קראַנקע.

**מעדיצינער, מעדיק** (לאַט.) — אַרצט, דאָקטאָר.

**מעדיקאַמענט** (לאַט.)-הײַל=מיטעל.

**מעדרעסע** (אַראַב.) — מחמד'נישע הויכשוהלע.

**מעזעלין** (פר.) — פלאַקסענע, פראַנ=צויזישע לײַנוואַנד.

**מעטאָדאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען די מעטאָדען, וועלכע מען דאַרף צו פערווענדען בײַ וויסענ=שאַפטליכע פאָרשונג.

**מעטאָדיסטען** (גר.) – אַנגליקאַנישע סעקטע, וועלכע לעבט לויט די ערצעהלונגען און פאָדערונגען פונ'ם תנ"ך.

**מעטאָדיק אָדער מעטאָדענלעה=רע** — ז. מעטאָדאָלאָגיע.

**מעטאָדיקער** (גר.) - ווער עס האַלט זיך שטרענג אין אַ געוויסער מעטאָדע.

**מעטאָדיש** (גר.) — לויט אַ געוויסער מעטאָדע, אַ געוויסען פּלאַן.

**מעטאָדע** (גר.) — 1) שטרענג לאָגי=שעס בענעהען זיך, גע=אָרדנעטער וועג. 2) געוויסער לעהר=גאַנג, אופן פון לערנען.

**מעטאַהראָמאָטיפּיע** (גר.) – קונסט צו דרוקען ליטאָגראַפיש מיט פאַרבען.

**מעטאַל** (גר.) – אײַנפאַכער קערפער, וועלכער אונטערשײַדעט זיך דורך אײַגענטימליכען גלאַנץ, אונדורכ=זיכטיגקײַט און פעהיגקײַט איבערצו=פיהרען וואַרימקײַט און עלעקטריצי=טעט.

**מעטאַלאָגראַפיע** (גר.) -- 1) בע=שרײַבונג פון מעטאַלען.

2) בענוצונג פון מעטאַלפּלאַטען, אי=בערהויפּט צינקפּלאַטען, אַנשטאָט לי=טאָגראַפישען שטיין בײַם דרוקען פון שריפטען און נאָטען.

**מעטאַלאָיד** (גר.) – אײַנפאַכע העמי=שע שטאָפען, וועלכע האָבען נישט די בײַם מעטאַל דערמאָהנטע אײַגענשאַפטען.

**מעטאַלורגיע** (גר.) - לעהרע וועגען בעאַרבײַטונג פון מעטאַלען.

**מעטאַלורגיש** (גר.) — וואָס עס געהערט צו דער מעטאַ=לורגיע.

**מעטאַמאָרפאָזירען** (גר.) — פער=וואַנדלען, ברײַנגען פון אײַן פאָרם אין דער אַנדערער.

**מעטאַמאָרפאָזע** (גר.) – פערוואַנד=לונג.

**מעטאָנימיע** (גר.) — נאָמענס=פער=טוישונג, פערטוישונג פון אײַן וואָרט מיט אײַן אַנדערען, ווען צווישען זיי איז דאָ עטוואָס עהנליכעס און נאָהנטעס.

**מעטאַסטאַזע** (גר.) — נאָכקרענק אַ דאַנק דעם, וואָס די מיק=ראָבען אָדער אַנדערע שעדליכע קער=פערליך וועדען איבערגעטראָגען פון דעם קראַנקען טײל קערפער אין אַנ=אַנדערען.

**מעטאַפּאָליטיק** (גר) – פּילאָזאָפישע שטאַאַטס-לעהרע.

**מעטאַפּיזיק** (גר.) – פאָרשונג פון די עקזיסטענץ-געזעצען אויף דער וועלט, ד. ה. יענער טייל פילאָזאָפיע, וועלכער בעשעפטיגט מיט ריין אבסטראַקטע פראַגען, פאַר וועלכע עס עקזיסטירען נישט קיינע בעאָבאַכטונגען, קיינע עקספּערימענטען.

**מעטאַפיזיקער** (גר.) — פילאָזאָף, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט מעטאַפיזישע פאָרשונגען.

**מעטאַפיזיש** (גר.) — וואָס איז שייך די מעטאַפיזיק, אַבסטראַקט, וועגען די אונערליכע סבות פון די געשעהענישען.

**מעטאַפער** (גר.) — בענוצונג פון אַ וואָרט אין אַנ'אַנדערן זינען, ווי עס האָט אין דער ווירקליכקייט.

**מעטאַפראַזע** (גר.) — בעאַרבייטונג פון אַ פּאָעטיש ווערק אין אַ פּראָזאַאישער פאָרם.

**מעטעאָר** (גר.) — שנעל פאָראיבער-געהענדע ערשיינונג אין דער לופט, איבערהויפּט פייער-ערשיינונגען אין דער אַטמאָספערע.

**מעטעאָראָלאָג** — קענער פון דער מעטעאָראָלאָגיע.

**מעטעאָראָלאָגיע** (גר.) — וויסענשאַפט וועגען די ערשיינונגען אין דער אַטמאָספערע: טעמפּעראַטור, וועטער, ווינדען, לופט-דרוק א. ד. גל.

**מעטעאָראָליט** (גר.) – ז. מעטעאָר-שטיין.

**מעטעאָראָסקאָפּ** (גר.) – אינסטרומענט צום בעשטימען די ענדערונג פון דעם וועטער.

**מעטעאָריט** (גר.) — מאַסע, וועלכע פאַלט אַמאָל אויף די ערד פון דעם וועלט-מרחב (נישט פון דער אַטמאָספערע).

**מעטעאָרשטיין** (גר.=דייטש) — קערפּער, וועלכער פאַלט אויף דער ערד נאָך דער צערפּלאַצונג פון פייערדיגע מעטעאָרען.

**מעטעמפּסיכאָזע** (גר.) — גלגול, וואַנדערונג פון נשמות פון איין גוף אין אַנדערען.

**מעטער** (פר.) – לענגען-מאָס, וועלכע איז גלייך אַ צעהנמיליאָנטעל פון אַ פיערטעל מערידיאַן (1.4 אַרשין) און איז אָנגענומען אַלס גרונד-מאָס אין דעם מעטרישען סיסטעם.

**מעטראָמעטער** אָדער **מעטראָנאָם** (גר.) — אינסטרומענט צו מעסטען דעם טאַקט אין דער מוזיק.

**מעטראַנפּאַזש** (פר.) – הויפּט-זעצער אין אַ דרוקעריי, וועלכער שטעלט צוזאַמען די עמודים.

**מעטראָפּאָל** (גר.) – הויפּט-שטאָדט, מוטער-שטאָדט אָדער מוטער-לאַנד, צו וועלכע עס געהערען קאָלאָניעס און אַנדערע לענדער.

**מעטראָפּאָליט** (גר.) — גרויסער ערץ-בישאָף.

**מעטריק** (גר.) — לעהרע וועגען דעם בוי פון פערזען (חרוזים).

**מעטריקע** (גר.) – שיין, ציינגנים וועגען געבורט, התונה און טויט.

**מעטריש סיסטעם** – מאס-סיסטעם, און וועלכען דער מעטער דיענט אלס גרונדלאגע און אלע אי-בעריגע זענען פון איהם אבגעלייטעט.

**מעכאניזמוס** (גר.) – אינערע איינריכ-טונג און געביידע פון א מאשין.

**מעכאניק** (גר.) – 1) לעהרע וועגען בעוועגונג און גלייכגעוויכט פון די פיזישע קערפער. 2) לעהרע וועגען בעוועגונג, בוי ארבייט און איינ-ריכטונג פון מאשינען.

**מעכאניקער** (גר.) — 1) לעהרער אדער קענער פון מעכאניק. 2) מייסטער פון מאשינען אדער פון מאטעמאטישע און פיזיקאלישע אינ-סטרומענטען.

**מעלאדיע** (גר.) – בעשטימטע פאלגע פון טענער.

**מעכאניש** (גר.) — 1) וואס איז נוגע די מעכאניק. 2) מאשינעל, אהן די הילף פון'ם פערשטאנד, אינ-סטינקטיוו.

**מעלאדיש** (גר.) — אנגענעהם קלינ-גענד, ליעבליך.

**מעלאדראמא** (גר.) — דראמא מיט מוזיק (אבער נישט געזאנג) און אויסערליכע עפעקטען.

**מעלאמאן** (גר.) — שטארקער ליעב-האבער פון מוזיק.

**מעלאמאניע** (גר.) – ליעבשאפט צו מוזיק.

**מעלאניט** — שווארצער גראנאט.

**מעלאנכאליע** (גר.) — מרה שחורה, גייסטעסקראנקהייט, וועלכע בעשטעהט און דעם, וואס דער קראנ-קער געפינט זיך אין א חושך'דיגען, שווערען זעלענצושטאנד.

**מעלאנכאליקער** (גר.) – קראנקער אויף מרה שחורה.

**מעלאנכאליש** (גר.) – מרה שחורה'דיג, פעראומערט, פער'חושכ'ט.

**מעלאסע** (פר.) — צוקער-סירופ.

**מעליאראציע** (לאט.) — פערבעסע-רונג, מיסטיגונג און בעוועס-סערונג פון פעלדער.

**מעליארירען** (לאט.) – גוט מיסטיגען און בעוועסערען א פעלד.

**מעליסא** (גר.) — האניג-גראז, מין גראז, פון וועלכען די ביענען זוי-גען פיעל זאפט און פערוואנדלען עס און האניג.

**מעליסצוקער** (לאט.) — געמיינערער סארט צוקער.

**מעלפאמענע** (גר.) — איינע פון די 9 מוזען, געטין פון טרא-געדיע.

**מעמאראנדום** (לאט.) – 1) דענקבוך, ספר-זכרון. 2) נאטיץ, נא-טיץ-ביכעל. 3) שריפט, וועלכע ווערט איבערגעגעבען א פארלאמענט, א מיניס-טעריום אדער א רעגירונג א. ד. גל. און וועלכער עס ווערט ערקלערט די

לאַגע אָדער דער צושטאַנד פון עפּעס אַ פראַגע .

**מעמאָריאַל** (לאַט.) — טאָג=בוך און האַנדעלס=געשעפטען , און וועלכען עס ווערען איינגעשריבען טעג=ליך אַלע האַנדעלס=אָפּעראַציאָנען פון דעם טאָג .

**מעמבראַן** (לאַט.) — הײַטעל , פויק , אויער=פײַקעל .

**מעמואַרען** (פר.) — זכרונות , ווערק פון היסטאָרישע פּערזענליכ=קײַטען , און וועלכע זײַ בעשרײַבען פערשידענע געשעהעניסען פון זייער צײַט .

**מעמענטאָ** (לאַט.) — געדאַנק .

**מעמענטאָ מאָרי** (לאַט.) — געדענק וועגען טויט .

**מענאָ** (איט.) — ווענינגער (אין דער מוזיק) .

**מענאַזש** (פר.) — ווירטשאַפט , שפּאָר=זאַמקײַט און אויסגאַבען .

**מענאַזשירען** (פר.) — ווירטשאַפטען , זיך פיהרען שפּאָרזאַם .

**מענאַזשעריע** (פר.) — זאַמלונג פון לעבענדיגע חיות .

**מענאָ פאָרטע** (איט.) — ווענינגער שטאַרק , שטילער (אין דער מוזיק) .

**מענו** (פר.) — שפּײַזען=קאַרטע , רשימה פון מאכלים .

**מענועט** (פר.) — פײַנער טאַנץ ; מוזיק צו אַזאַ טאַנץ .

**מענטאָל** — חעמישעס פּראָדוקט , הויפּטבעשטאַנד=טייל פון מענטאָ=אייל .

**מענטאָר** (גר.) — פיהרער , ערציהער , יועץ , עצה=געבער .

**מענסטרואַציע** (לאַט.) — נדה , מאָנאַטליכע פּעריאָדע בײַ פרויען .

**מענעדזשער** (ענג.) — פּערוואַלטער , אויפזעהער , געשעפטספיה=רער .

**מענשעוויק** (רוס.) — מיטגליעד פון רעכטען פליגעל פון דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע , וועל=כער האַלט פאַר מעגליך און פיעל פּאָליטישע פראַגען צו געהן צוזאַמען מיט דער ליבעראַלער בורזשואַזיע .

**מעסטאָ** (איט.) — טרויעריג (אין מוזיק).

**מעסטיצען** (שפּאַנ.) — אין אַמעריקאַ קינדער פון אַ אייראָפּעער און אַ אינדיאַנערין אָדער אַ אינדיאַנער און אַ אייראָפּעערין .

**מעסיאַדע** — משיח=פּאָעמאַ , פּאָעמאַ פון קלאָפּשטאָק .

**מעסמעריזמוס** — מאַגנעטיזירונג פון מענשען צו היילונג=צוועקען לויט די ערפינדונג פון דאָקטאָר מעס=מער .

**מעפּיסטאָ , מעפּיסטאָפעל** — דער טײַפעל .

**מעצאָ** (איט.) — האַלב , מיטעל .

**מעצאָ וואָטשע** (איט.) — מיט האַל=בער , אײַנגעהאַלטענער שטימע .

**מעצאָ=סאָפּראַנאָ** (איט.) — האַלבער סאָפּראַן .

**מעצענאס** — 1) שיטצער פון קונסטען און וויסענשאפטען (אויפ'ן נאָמען פון'ם רוימער מעצענאס, וועלכער האָט גע־שעצט און געשטיצט אין זיין צייט ליטעראטען און קינסטלער). 2) גרויסער אדוואָקאט אין פוילען.

**מעקינטאָש** (ענגל.) — איבערמאנ־טעל, וועלכער לאָזט נישט דורך קיין וואסער.

**מער** (פר.) — בורגמייסטער פון א שטאָדט אין פראנקרייך.

**מערגעל** (דייטש) — געמיש פון קאלך מיט ליים.

**מערטירער** (גר.) — (קדוש) ווער עס האָט געליטען דעם טויט פאר זיינע רעליגיעזע איבערציינגונג.

**מערידיאן** (לאט.) — קרייז, וועלכער פעראייניגט אלע פונקטען אויף דער ערד, אין וועלכע ס'איז גלייכצייטיג די זעלבע שעה און מינוטען אויפ'ן זון־זייגער.

**מערידען** ז. העמאָראָידען.

**מערינאָס** (שפאנ.) 1) שפאנישע שאָף מיט פיינע וואָל. 2) שטאָף פון מערינאָסען־וואָל.

**מעריע** (פר.) — שטאָדט־פערוואלטונג, מאגיסטראט אין פראנקרייך.

**מערסי** (פר.) — כ'דאנק.

**מערץ** (פון לאטיינ. „מארטיס") — דער דריטער חודש פון קריסטליכען יאָהר, האָט 31 טעג.

**מערץ־רעוואָלוציע** (לאט.) — פאָלקס־אויפשטאנד אין מערץ 1848 אין די דייטשע מדינות.

**מערקאנטיל** (לאט.) — וואָס איז שייך דעם האנדעל.

**מערקאנטיל־סיסטעם** (לאט.) — האנדעלס־סיסטעם, פאָליטיש־עקאָנאָמיש סיסטעם, ביי וועלכען מען זעהט צו פערגרעסערן די אינ־דוסטריע און עקספאָרט פון א מדינה, האלטענדיג, דאָס זיי בילדען די גרונד־לאגע פאר די עקאָנאָמישע אונאבהענ־גיגקייט פון דעם פאָלק.

**מערקור** (לאט.) — 1) רוימישער גאָט פון האנדעל און די וועגען, שליח פון די געטער. 2) די נאָהנטסטע פלאנעטע צו דער זון. 3) קוועקזילבער.

**מערקוריאל** (לאט.) — קוועקזילבער־פערבינדונג.

## נ.

**נאבאָב** (אינד.) — 1) גובערנאטאָר אין אינדיען. 2) גרויסער נגיד, וועלכער לעבט מיט פראכט.

**נאָבילִיטי** (ענגל.) — ענגלישער אדעל.

**נאָבלעס** (פר.) — אדעל, ערהויבענהייט.

**נאָבעל** (לאט.) — אדעליג, ערהויבען, רוהמפאָל, מיט פיינע בענעה־מונגען.

**נאדיר** (אראב.) — דער פונקט, וועלכער ליעגט אויף דער צווייטער

העלפֿט. הימעל־ספֿערע פּונקט קעגען איבער דעם זעניט. (ז. דאָרט).

**נאָוואַטאָר** (לאַט.) — בענייער, איינפֿיהרער פֿון נייעסען.

**נאַוויגאַציע** (גר.) — 1) ים־רייזע. 2) לעהרע וועגען ים־רייזען. 3) די צייט, אין וועלכע דאָס וואַסער איז אָפֿען (אַ ים אָדער אַ גרויסער טייך) פֿאַר די בעוועגונג פֿון שיפֿען.

**נאַוויגאַציע־שוהלע** — שוהלע צו לערנען שווימען.

**נאָוועליסט** (איט.) - שרייבער פֿון נאָוועלען.

**נאָוועלע** (איט.) - 1) קליינע ערצעהלונג. 2) צוזאַץ צו אַ געזעץ.

**נאָוועמבער** (לאַט.) - עלפֿטער חודש אין קריסטליכען יאָהר, האָט 30 טאָג.

**נאָזאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען קראַנקהייטען.

**נאָטאַבעלען** (פֿר.)- אָנגעזעהענסטע, וויכטיגסטע פּערזאָנען פֿון אַ שטאָדט אָדער אַ מדינה.

**נאָטאַ בענע** (לאַט.) — „בעמערק גוט", בעמערקונג אין אַ בריעף אָדער אַ צעטעל.

**נאַטאָליען** — מאָרגענלאַנד, קליין־אַזיען.

**נאָטאַריאַל** (לאַט.) - וואָס איז שייך צו אַ נאָטאַריוס, געמאַכט, בעשטעטיגט דורכ'ן נאָטאַריוס.

**נאָטאַריום** (לאַט.) — אָפֿיציעל בגערעכטיגטע פּערזאָן צו פֿאַרפֿאַסען און בעשטעטיגען פֿערשידענע דאָקומענטען.

**נאַטור** (לאַט.) 1) אַלעס, וואָס עקזיסטירט פֿאַקטיש (טאַטזעכליך) אין דער וועלט. 2) איינגענשאַפֿטען פֿון אַ מענש אָדער פֿון אַ זאַך. 3) שאַפֿפֿערישע קראַפֿט, וועלכע בעשאַפֿט און ענטוויקעלט אָהן די הילף פֿונ'ם מענש און זיינע ערפֿינדונגען.

**נאַטוראַל** (לאַט.) — נאַטירליך, אַזוי ווי די נאַטור האָט עס בעשאַפֿען.

**נאַטוראַליזאַציע** (לאַט.) - אַנערקענונג פֿון אַנ'אויסטערטאַן פֿון אַנ'אַנדער מדינה אַלס בירגער פֿון דער מדינה, וואו ער וואָהנט.

**נאַטוראַליזירען** (לאַט.) — נעבען בירגער־רעכט.

**נאַטוראַליזמוס** (לאַט.) – 1) נייגונג אָנצווענדען די פּרינציפּען פֿון דער נאַטורפֿאָרשונג אין אַנדערע געביטען פֿון דער וויסענשאַפֿט. 2) פֿאָרשטעלונג פֿון דעם לעבען אַזוי ווי עס איז אין דער נאַטור אָהן אידעאַליזאַציע (אין דער ליטעראַטור און קונסט).

**נאַטוראַליסט** (לאַט.) – 1) קענער פֿון נאַטורגעשיכטע. 2) אָנהענגער פֿון נאַטוראַליזמוס.

**נאַטורגעשיכטע**- וויסענשאַפֿטליכע בעהאַנדלונג פֿון מינעראַלען (מינעראַלאָגיע), געוויקסען (באָטאַניק) און חיות (זאָאָלאָגיע).

**נאַטורלעהרע** — ז. פֿיזיק.

**נאַטורפֿילאָזאָפֿיע** (לאַט.=גר.) — פֿי= לאָזאָפֿיע, וועלכע בעשעפֿ= טיגט זיך מיט די נאַטורגעזעצען פֿון דער קערפּערליכער וועלט און פֿון דעם מענשליכען גייסט.

**נאַטורצושטאַנד** — דער צושטאַנד, און וועלכען עס האָבען זיך געפֿונען די מענשען נאָך איידער זיי האָבען געהאַט יעדע אַרט קולטור, שטאַאַט אָדער געזעלשאַפֿטליכע אָרד= נונגען.

**נאַטורעכט** (לאַט.=דייטש) — רעכט, וועלכעס ווערט דיקטירט פֿונ'ם ריינעם שכל.

**נאַטורעליגיאָן** (לאַט.) — רעליגיאָן, וועלכע לאָזט נישט צו קיין איבערנאַטירליכעס, נאָר פֿלייסט זיך אַלעס צו ערקלערען לויט דעם שכל און די נאַטורערקענטניס.

**נאָטיפֿיצירען** (לאַט.) — מיטטיילען, געבען צו וויסען (הויפּטזעכליך אין דער דיפּלאָמאַטיע).

**נאָטיפֿיקאַציע** (לאַט.) — מיטטיילונג, דיפּלאָמאַטישע ידיעה.

**נאָטיץ** (לאַט.) — בעמערקונג; צעטעל.

**נאָטיץ=בוך** (לאַט.=דייטש) — ביכעל צו פֿערשרייבען בעמערקונגען.

**נאָטירען** (לאַט.) — בעמערקען זיך, אויפֿצייכנען.

**נאָטע** (לאַט.) — 1) בעמערקונג. 2) קליינע געשעפֿטס=רעכנונג. 3) באַנקשטן. 4) מוזיקאַלישער צייכען פֿאַר א טאָן. 5) דיפּלאָמאַטישע שריפֿט פֿון איין מדינה צו די אַנ= דערע.

**נאַטריום** — מעטאַל פֿון זילבער= ווייסער פֿאַרב.

**נאַטראָן** — נאַטריום=זויערשטאָף (העמי= שע פֿערבינדונג פֿון די ביידע שטאָפֿען).

**נאַיאַדען** (גר. מיטאָל.) — נימפֿען פֿון טייכען און קוואַלען.

**נאַיוו** (פֿר.) — נאַטירליך, אָפֿען, פּשוט, אָהן שפּיצלעך.

**נאָלי מע טאַנגערע** (לאַט.) — „רוהר מיך נישט אָן", מין געוויקס מיט בלעטלעך, וועלכע פֿערוויקלען זיך, אויב מען רוהרט זיך נאָר צו זיי צו.

**נאָלענס וואָלענס** (לאַט.) — אויב מען וויל אָדער נישט.

**נאָמאַדיש** (גר.) — נע ונד, וואַנדערענ= דיג, אָהן א היים.

**נאָמאַדען** (גר.) — נעים ונדים, פֿעל= קער, וועלכע וואָהנען נישט שטענדיג אויף איין אָרט, נאָר וואַנדע= רען מיט זייערע סטאַדעס.

**נאָמינאַטיוו** (לאַט.) — דער ערשטער פֿאַל אין דער דעקלינאַציע.

**נאָמינאַל** (לאַט.) — נאָכ'ן נאָמען (אָבער נישט אין דער ווירקליכקייט).

**נאָמינאַלער פּרייז** — דער פּרייז, וועלכער איז אויפֿגעדרוקט, דער ברוטאָ=פּרייז.

**נאָמינאַציע** (לאַט.) — אויפֿנעהמונג פֿון איינעם אויף א שטעלע, בעקליידונג מיט א טיטעל.

**נאָמינירען** (לאַט.) — אויפנעהמען (אויף אַ שטעלע).

**נאָמענקלאַטאָר** (לאַט) — „נאָמען־געבער”, זאַמלונג פון נעמען פון בעגריפען, וועלכע געהערען צו אַ וויסענשאַפטליכען געביעט.

**נאָמענקלאַטור** (לאַט.) — קריאַת שמות, בעצייכנונג מיט נעמען די בעגריפען, וועלכע געהערען צו אַ וויסענשאַפטליכען געביעט.

**נאָניוס** (לאַט.) – מעסט־אינסטרומענט פאַר זעהר קליינע טיילען פון לענגע מאָסען און ווינקעל.

**נאָננע** (לאַט.) — נזירה, קלויסטער־פרוי.

**נאָנסענס** (פר.) – אומזין.

**נאָנע** (לאַט.) – ניינטער טאָן פון גרונד־טאָן.

**נאָנפאַריי** (פר.) – גאַנץ קליינע דרוק־שריפט.

**נאָן פלוס אולטראַ** (לאַט.) – נישט העכער דערפון, די העכסטע שטופע.

**נאָנקאָנפאָרמיסטען** (לאַט.) — ענגלענדער, וועלכע זענען אָבגעטרעטען פון דעם אַנגליקאַנישען גלויבען.

**נאַנקין** (חינ.) – הינעזישער בוימוואָל־צייג פון געלער פאַרב.

**נאָנשאַלאַנס** (פר.) – נאַכלעסיגקייט, זאָרגלאָזיגקייט.

**נאָסטאַלגיע** (גר.) – קרענק פון בענקעניש אַהיים.

**נאַסטורציום** (לאַט.) – מין געוויקס, וועלכעס ווערט אָפט בענוצט אָנשטאָט סאַלאַט.

**נאַפּאָלעאָנדאָר** (פר.) — גאָלדענע פראַנצויזישע מטבע פון 20 פראַנק.

**נאַפּען** (גר. מיטאָל.) — נימפען פון טאָלען און וועלדלעך.

**נאַפטאַ** (גר.) — עטערישעס אייל פון פערשידענע בערג־מינעראַלען.

**נאַפטאַלין** (גר.) קריסטאַל־פאָרמיגער שטאָף פון שטיינקאָהלען מיט אַן אומאַנגענעהמען ריח, ווערט בענוצט אַלס דעזענפעקציאָנס־מיטעל און געגען מילבען.

**נאַציאָנאַל** (לאַט.) – וואָס עס געהערט צו אַ פאָלק, וואָס עס איז אייגענטימליך דער מעהרהייט פון אַ פאָלק.

**נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטען** (לאַט. גר.) — פּאָליטישע פּאַרטיי, וועלכע שטעהט אויף נאַציאָנאַלען און דעמאָקראַטישען שטאַנדפונקט.

**נאַציאָנאַליזירען** (לאַט) — מאַכען נאַציאָנאַל, צום אייגענטום פונ׳ם פאָלק.

**נאַציאָנאַליזמוס** (לאַט) – 1) איבער־געבענהייט, ליעבע צום איי־גענעם פאָלק, שטרעבונג צו פעראייני־גען אַלע פאָלקס־טיילען; 2) ביי שטאַרקע גרויסע פעלקער שטרעבונג צו אַסימי־לירען די קליינע פעלקער, וועלכע וואָהנען צווישען זיי, אָדער צו דריקען

זײַ, ווען זײַ לאָזען זיך ניט לײַכט אַסימילירען.

**נאַציאָנאַליטעט** (לאַט.) — אײַגענ־טימליכקייטען (געשיכטע, שפּראַך, ליטעראַטור, קונסט און מנהגים) פון אַ בעזונדער פאָלק.

**נאַציאָנאַליסט** (לאַט.) — אָנהענגער פון נאַציאָנאַליזמוס.

**נאַציאָנאַל־ליבעראַלען** (לאַט.) — פרײַהייטליכע נאַציאָנאַליס־טען, האַלב־אַנטיסעמיטישע פּאַרטײַ אין דײַטשלאַנד.

**נאַציאָנאַלעקאָנאָמיע** (לאַט.) — לעהרע וועגען די ווירטשאַפט פון פעלקער.

**נאַציאָנאַל־פּאַרטײַ** (לאַט.) — יודישע פּאָליטישע פּאַרטײַ אין עסטרײַך, וועלכע פאָדערט די אַנער־קענונג פון דער יודישער נאַציאָנאַלי־טעט און אײַנפיהרונג פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין עסטרײַך.

**נאַציע** (לאַט.) — אַ פאָלק.

**נאָקטורנאָ** (איט.) — 1) נאַכט־געבעט. 2) מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע פון מעלאַנכאָלישען האַראַקטער צו שפּילען אין אײַנזאַמקייט און שטילקייט בײַ נאַכט.

**נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען אָדער נאַראָדאָווצעס** (פּויל.) — פּוילישע פּאָליטישע פּאַרטײַ, וועלכע פערטהײדיגט די נאַציאָנאַלע און ווירט־שאַפטליכע אינטערעסען פון פּוילישען מיטעלשטאַנד אין רוסיש־פּוילען, ליטאָ און גאַליציע.

**נאַרגילע** (אַראַב.) — לולקע, דורכ־צולאָזען דעם רויך דורך וואַסער.

**נאַרד** — נרד, שמעקענדיג געוויקס.

**נאָרד** (לאַט.) — צפון.

**נאָרמאַל** (לאַט.) — ריכטיג, לויט דעם כלל, לויט די מאָס, רעגעל־מעסיג.

**נאָרמירען** (לאַט.) — אײַנאָרדנען לויט דעם מוסטער, לויט אַ כלל, רעגעלמעסיג.

**נאָרמע** (לאַט.) — כלל, מאָס, מוסטער.

**נאַרציס** (גר.) — 1) מין בלום. 2) מענש, וועלכער איז פערליעבט אין זײַן אײגענע פּערזאָן.

**נאַרקאָזיס** (גר.) אײַנשלעפערונג.

**נאַרקאָטין** (גר.) — אײַנשלעפערונגער, ניפּטיגער שטאָף פון אָפּיום.

**נאַרקאָטיש** (גר.) — אײַנשלעפערינג.

**נ. ב.** — ז. נאָטאַ בענע.

**נואַנס** (פר.) — קלײַנער אונטערשיעד אין דער זעלבער פאַרב, אין זעלבען טאָן אָדער קלאַנג.

**ניל** (לאַט.) — נאָרניט, ציפער, וועלכע בעצײכענט „נאָרניט".

**נומיזמאַטיק** (לאַט.) — פאָרשונג און לעהרע וועגען מטבעות (טייל פון דער אַרכעאָלאָגיע).

**נומיזמאַטיקער** (לאַט.) — קענער פון פערשידענע (הויפּטזעכליך אַלטע) מטבעות.

**נומער** (לאט.) — צאהל, ארדנונגס-צאהל.

**נומעראציע** (לאט.) – כללים, לעהרע וועגען שרייבען און אויס-שפרעכען צאהלען.

**נומערירען** (לאט.) — בעצייכנען מיט נומערען.

**נונציום** (לאט.) — פערטרעטער פון פאפסט.

**ניגרין** (לאט.) — שווארצשטיין, מין מינעראל.

**ניהיל** (לאט.) --- גארנישט.

**ניהיליזמוס** (לאט.) – סאציאליסטיש-רעוואלוציאנערע לעהרע, וועלכע האלט פאר נויטיג די גאנצע יעצטיגע וועלט-ארדנונג פאלקאם צו פערניכטען.

**ניהיליסט** (לאט.) — אנהענגער פון ניהיליזמוס.

**ניהיליסטיש** (לאט.) – לויט די לעהרע, די אנשויאונגען פון ניהיליזמוס.

**ניוואָ** (פר.) – 1) גלייכע לאגע פון א פלעכע אדער א ליניע. 2) וואסערוואגע. 3) מדרגה, שטופע.

**ניוואז** (פר.) — שנעע-חודש, פיערטער חודש און קאלענדאר פון דער פראנצויזישער רעפובליק (21 דעצעמבער ביז 19 יאנואר).

**ניוועלירען** (פר.) — פערגלייכען די לאגע צווישען פערשידענע הויך געלעגענע פונקטען אויף דער ערד.

**ניטראגען** (לאט.) – שטיקשטאף, אזאט.

**ניטרום** (לאט.) — סאלפעטער.

**נייטראל** (לאט.) – 1) אונפארטייאיש. 2) אהן ווירקונג.

**נייטראלזאלץ** – מיטעלזאלץ, וועלכעס ענדערט נישט די פארב פון בלאה אדער רויט לאקמוס-פאפיער (אין דער חעמיע).

**נייטראליזאציע** (לאט.) – 1) ערקלערונג פאר נייטראל (אין דער פאליטיק). 2) מאכען נייטראל (אין דער חעמיע).

**נייטראליזירען** (לאט.) — מאכען נייטראל, ערקלערען פאר נייטראל.

**נייטראליטעט** (לאט.) – פארטייליזונגקייט, אונפארטייליכקייט. 2) נייטראלער צושטאנד.

**נייער סטיל** — צייט-רעכנונג, לויט וועלכער 3 יאהר האבען צו 365 טאג, און יעדעס פיערטע – 366 – מיט אויסנאהמע פון די פיערטע יאהרען, וואס זייער צאהל ווערט געשריבען מיט צווי נולען צום סוף, און די צאהל פאר די נולען איז נישט טיילבאר דורך 4. (לויט דעם אלטען סטיל האט יעדעס פיערטע יאהר אהן אויסנאהמען 366 טאג).

**נייראלגיע** א. ז. וו. — ז. נעווראלגיע א. ז. וו.

**נימפאמאניע** (גר.) – שטארקע תאוה ביי פרויען.

**נימפען** (גר.) — אייביג יונגע האלב-

געטינגען פון וועלדער, פעלדער, טייכען א. ד. גל.

**ניענטע** (איט.) — גאָרנישט (אין דער מוזיק).

**ניפּ** (פר.) — מאָדע=קליינינקייטען.

**ניקאָטין** (לאט.) — איינשלעפערינער, ניפטינער שטאָף פון טאבאַק=בלעטער.

**ניקעל** — זילבערווייסעס, האַרטעס מעטאַל.

**נירוואַנא** (אינד.) — נישט=עקזיסטענץ, צושטאַנד, ביי וועלכען עס עקזיסטירט גאָרנישט.

**נישע** (פר.) — פערטיעפונג אין אַ וואַנד צו פיגורען א. ד. גל.

**נ. נ.** — אונבעקאַנטער.

**נעאָלאָג** (גר.) — איינפיהרער פון נייע ווערטער אין אַ שפּראַך.

**נעאָלאָגיזמוס** (גר.) — ניי וואָרט אין אַ שפּראַך אָדער אַן'אַלט וואָרט מיט אַ נייער בעדייטונג.

**נעאָלאָגיע** (גר.) — בענוצונג פון נייע ווערטער אָדער פון אַלטע אין אַ נייער בעדייטונג.

**נעאָפּלאַטאָניזמוס** (גר.) — „נויפּלאַטאָניזמוס", פילאָזאָפישע לעהרע פּלאַטאָן'ס (אפלטון) מיט צומישונג פון געדאַנקען פון אַראַבישע און יודישע מיטעלאַלטערליכע פילאָזאָפען.

**נעאָפיט** (גר.) — פרישער קריסט, ווער עס האָט נאָר וואָס אָנגענומען דאָס קריסטענטום.

**נעגאַטיוו** (לאַט.) — 1) פערנייננט, ענטגעגענגעזעצט צו אַן'אַנדערען בעגריף, וועלכען מען רופט פּאָזיטיוו (צב"ש: „קאַלט" אין געגענזאַץ צו „וואַרעם", „אונטען" — צו „אויבען", „לינקס" — צו „רעכטס" א. ד. גל.) 2) פאָטאָגראַפישע פּלאַטע, פון וועלכע עס ווערט אַראָבגענומען דאָס בילד (ווייל אויף איהר זענען די העלע ערטער פון דעם געגענשטאַנד שוואַרץ, און די טונקעלע — שוואַרץ).

**נעגאָציאַנט** (לאַט.) — גרויסער סוחר.

**נעגאָציאַציע** (לאַט.) — גרויס=האַנדעל, פערמיטלונג, האַנדעל מיט וועקסלען.

**נעגאַציע** (לאַט.) — פערנייינונג; זאָגען, אַז ניין.

**נעגאָציערען** (לאַט.) — פיהרען געשעפטען פערמיטלען, האַנדלען מיט וועקסלען.

**נעגוּם** — קענינג פון אבעסיניען.

**נעגליזשע** (פר.) — מאָרגען=קלייד, שטוב=אַנצוג.

**נעגער** (שפּאַנ.) — מענש מיט שוואַרצער פאַרב פון זיין קערפּער.

**נעוורזאָע** (גר.) — נערווען=צערידערונג.

**נעווראָטאָמיע** (גר.) — נערווען=שניט.

**נעוורזאָלאָגיע** (גר.) — נערווענלעהרע.

**נעווראַלגיע** (גר.) — נערווענשמערץ.

**נעוורזאַסטעניע** (גר.) — קראַנקהייט פון דעם גאַנצען נערווען=סיסטעם.

**נעוריט** (גר.) — נערווען=ענטצינדונג.

**נעטאָ** (איט.) — ריין, גענוי.

**נעטאָ-געוויכט** — געוויכט פון די סחורה גופא אָהן די פּער-פּאַקונג.

**נעטאָ-איינקונפט** — איינקונפט נאָך אַראָבּרעכנען פון אַלע הוצאות.

**נעטאָ-פּרייז** — פּרייז נאָך אָבּרעכנונג פון ראַבּאַט.

**נעמעזידע** (גריכ. מיטאָל.) — נעטין פון גערעכטיגקייט, וועלכע בעלוינט די מענשען לויט זייערע מעשים.

**נעסעל-טוך** (דייטש) — דינער מושלין.

**נעסעסער** (פר.) — קעסטעל מיט טו-אַלעט-זאַכען, שרייב-מאַטעריאַל אָדער נייה-געצייג.

**נעפּאָטיזמוס** (לאַט.) — בעפאָרציהונג פון קריבים ביי נעבען שטעלען אָדער אויסצייכנונגען.

**נעפּטון** (גר.) — גאָט פון ים.

**נעפּטוניזמוס** (גר.) – מיינונג, דאָס די אָבערפלעכע פון דער ערד האָט אָנגענומען איהרע יעצטיגע פאָרם אַ דאַנק דער ווירקונג פון די ים-וואַסערען.

**נעפּטוניש** (גר.) — אַ דאַנק דער וואַ-סער-ווירקונג צושטאַנדע גע-קומען.

**נעפּראַלגיע** (גר.) — ניערען-וועהטאָג.

**נעפּריט** (גר.) — ניערען-שטיין.

**נעקטאַר** (גריכ. מיטאָל.) — געטראַנק פון די געטער.

**נעקראָזיס** (גר.) — בראַנד אין די ביינער.

**נעקראָלאָג** (גר.) — 1) קורצע ביאָ-גראַפיע און האַראַקטעריס-טיק פון אַ געשטאָרבענעם. 2) צייטונגס-ידיעה וועגען דעם טויט פון עמיצען.

**נעקראָמאַנטיע** (גר.) – כשוף דורך אַרויסרופען טויטע פון די קברים.

**נעקראָפּאָליס** (גר.) — „טויטענ-שטאָדט”, גריכישער בית-עולם.

**נעראָלי-איל** – עטערישער איל פון פּאָמעראַנצען-בלומען.

**נערוועז** (לאַט.) — וואָס איז שייך די נערווען, לייכט רייצבאַר, עררעגבאַר.

**נערווען** (לאַט.) — פעדעם, וועלכע נעהען דורכ׳ן גאַנצען קער-פּער פון דעם מח אין קאָפּ און אין רוקען און פערמיטלען די נעפיהלען, בעוועגונג און די בילדונגס-קראַפט.

**נערעאידען** (גריכ. מיטאָל.) — ים-נימפען.

# ס.

**סאַבעאַיזמוס** (אראב.) – פערגעטע-רונג פון די שטערן, עבודת כוכבים (עכו״ם).

**סאַגאָ** – נעסאָלענע צו מעהל צוגע-ריכטע פרוכט פון אתגונע סאָרטען פּאַלמען

**סאָדאָמיע** (אויפ'ן נאָמען פֿון דער שטאָדט סדום) – געשלעכטספֿערקעהר מיט חיות.

**סאַדי** (אראב.) – וואַנדערענדער טער־קישער נזיר.

**סאָדע** — ז. זאָדע.

**סאַהאַראַ** (אראב.) — „זאַנד־ים" גרויסער מדבר אין צפון־אַפֿריקאַ.

**סאַוואַנע** (שפאנ.) — לאַנגע, ברייטע לאָנקע אין נאָרד־אַמעריקאַ מיט אונגעהויער הויך גראָז.

**סאָווערען** (ענג.) – ענגלישע גאָלדענע מטבע. 1 פונט שטערלינג, אונגעפֿעהר 10 רובל

**סאַזשען** (רוס.) – קלאַפֿטער, 3 ארשין.

**סאַחאַראַט** (לאט.) – חעמישע פֿער־בינדונג פֿון צוקער מיט חע־מישע באַזען.

**סאַחאַריפֿיקאַציע** (לאט.) – צוקער־בילדונג.

**סאַטוראַציע** (לאט.) — אין דער חע־מיע — זעטיגונג, ד. ה. צו־לאָזונג אין אַ פֿליסיגקייט אַזויפֿיעל פֿון אַ שטאָף, דאָס מעהר קאָן זיך שוין דער־פֿון אין דער פֿליסיגקייט נישט צולאָזען.

**סאַטורן** (רוים. מיטאָל.) — 1) גאָט פֿון דער צייט, דער פֿאָטער פֿון יופּיטער. 2) אַ פּלאַנעטע.

**סאַטין** (פֿר.) – צו אַטלאַס ענהליכער שטאָף.

**סאַטינירען** (פֿר.) — בעצוהען מיט אַ גלאַנץ.

**סאַטינעט** (פֿר.) — האַלב־אַטלאַס.

**סאַטיספֿאַקציע** (לאט.) – בעפֿרידי־גונג, גענוגטהואונג.

**סאָטיע** (פֿר.) — אַלטפֿראַנצעזישע דראַמאַ, אין וועלכער עס קומען פֿאָר בלויז נאַראָנים.

**סאַטיר** (גריכ. מיטאָל.) – וואַלד־גאָט מיט הערנער.

**סאַטיריזירען** (גר.) – אָבלאַכען, אָפּ־שפּעטען.

**סאַטיריקער** (גר.) – פֿערפֿאַסער פֿון סאַטירען.

**סאַטיריש** (גר.) — מיט חוזק, אָבלאַ־כענדיג

**סאַטירע** (גר.) — אָבלאַכונגס־ליעד־ליעד, אין וועלכען עס ווערט אָבגעלאַכט פֿון מענשליכע שוואַכקייטען און חסרונות.

**סאָטניע** (רוס.) — מאה, הונדערט־שטיק, אַבטהיילונג קאָזאַקען.

**סאָטניק** (רוס.) — שר המאה, נאַ־טשאַלניק פֿון אַ סאָטניע קאָזאַקען.

**סאַטעליט** (גר.) — „לייבוועכטער", אַזוי הייסען די נעבענפּלאַ־נעטען, וועלכע בעוועגען זיך אַרום די פּלאַנעטען און צוזאַמען מיט זיי אַרום די זון (די לבנה איז אַ סאַטעליט פֿון דער ערד).

**סאַטראַפּ** (פּרס.) — 1) פּראָווינצפֿער־וואַלטער אין פּערציאַנען פּרס. 2) דעספּאָטישער פֿערוואַלטער.

**סאָל** – אַ טאָן אין דער מוזיק.

**סאָלאָ** (איט.) – אַליין, שפּיעל און געזאַנג פון איין שטימע אָדער איין אינסטרומענט.

**סאָלאָ-וועקסעל** – וועקסעל, אויסגעשטעלט און איין עקזעמפּלאַר דורכ'ן אויסשטעלער אויף זיך אַליין.

**סאַלאַדעראָ** (שפּאַנ.) – שעכט-הויז אין דרום-אַמעריקאַ.

**סאַלאַמאַנדער** (לאַט.) — 1) מין שלאַנג. 2) פייערוגער שד.

**סאַלאַמי** (איט.) סאָרט פעטער וואורשט.

**סאַלאָן** (פר.) — 1) זאַל פאַר געסט אין גרויסע הייזער. 2) פאָרנעהמע געזעלשאַפט. 3) בילדער-אויסשטעלונג.

**סאַלאָפּע** (פר.) – פוטערנער דאַמען-מאַנטעל.

**סאָלאַריום** (לאַט.) — זונען-זייגער.

**סאָלאַרמיקראָסקאָפּ** (לאַט.-גר.) — פערגרעסערונגס-גלאָז צום בעטראַכטען די זון.

**סאַלדאָ** (איט.) — רעשט, אונטערשיעד צווישען דעבעט און קרעדיט ביי אַ רעכנונג.

**סאַלדירען** (איט.) — אויסגלייכען אַ רעכנונג, בעצאָהלען, וואָס עס קומט צו.

**סאַלווע** (לאַט.) — 1) שלום, זייט געגריסט. 2) עטליכע שאָס אויף אַ מאָל.

**סאַלוטאַציע** (לאַט.) — בעגריסונג; שיסעריי צום בעגריסען, לכבוד עמיצען.

**סאַלוטירען** (לאַט.) — בעגריסען, שיסען צום בעגריסען.

**סאָלוציע** (לאַט.) – אויפלעזונג, פעסטער קערפּער, צולאָזט אין אַ פליסיגקייט.

**סאַלטאָ** (איט.) — שפּרונג.

**סאַלטאָ מאָרטאַלע** (איט.) — טויטעס-שפּרונג, אונטערנעהמונג, ביי וועלכע מען שטעלט איין דאָס גאַנצע פערמעגען אָדער דאָס לעבען.

**סאַלטאַרעלאָ** (איט.) — איטאַליענישער פאָלקס-טאַנץ.

**סאָליד** (לאַט.) — עכט, רעעל, אנשטענדיג.

**סאָלידאַריטעט** (לאַט.) – 1) געמיינזאַמע פאַרגעהען, געמיינזאַמע געדאַנקען. 2) התחייבות איינער פאַר'ן אַנדערען ערב צו זיין.

**סאָלידאַריש** (לאַט.) — 1) לויט די התחייבות פון אַלע פאַר איינעם און איינעם פאַר אַלע. 2) געמיינזאַם, לויט איין געדאַנק.

**סאָלידער וועקסעל** — וועקסעל, וועלכער איז אונטערגעשריבען וועניגסטענס פון דריי רעעלע פירמען.

**סאָליטער** (פר.) – גרויסער בריליאַנט, וועלכער איז אַליין איינגעפאַסט.

**סאַלינע** (לאַט.) — זאַלץ-גרוב, איינריכטונג צו פּראָדוצירען זאַלץ.

**סאָליסט** (איט.) — ווער עס שפּיעלט אָדער זינגט אַליין.

**סאָליסיטער** (ענגל.) – אַדוואָקאַט.

**סאַליצין** (לאַט.) — ביטערער שטאָף פון ביבער־גאַל.

**סאַלישעס געזעץ** — געזעץ בײַ די פראַנקישע פעלקער, לויט וועלכען טעכטער האָבען ניט געהאַט דאָס רעכט צו ירש'נען,

**סאַלמיאַק** (לאַט.) — חלאָר־אַמאָניום־פערבינדונג, מין מינעראַל מיט אַ שטאַרקען ריח.

**סאָלעפּ** (אראַב.) – געטריקענטע וואָר־צעל פון אײַניגע סאָרטען געוויקסע.

**סאָלעציזמוז** (גר.) — פעהלער געגען די גראַמאַטיקאַלישע כללים.

**סאַלפּעטער** (לאַט) — מינעראַל, וועלכעס איז אַ פערבינדונג פון אַזאָטזײַרע מיט קאַליום אָדער נאַטריום.

**סאַלפּעטערזײַרע אָדער אַזאָט־זײַרע** — שייד־וואַסער, שטאַרקע זײַרע, און וועלכער עס ווע־רען צולאָזט פערשידענע מעטאַלען אויסער גאָלד און פּלאַטין.

**סאָלפאַטאַראַ** (איט.) – קראַטער, פון וועלכען עס שטײַגען אַרויף שוועבעל־דאַמפּפען.

**סאָלפעדזשאָ** (איט.) – איבונג אין זינגען אָהן ווערטער.

**סאָלפעדזשירען** (איט.) – איבען זיך אין זינגען לויט נאָטען אָהן ווערטער.

**סאַמאָוואַר** (רוס.) – טיי־מאַשין.

**סאָמאַטאָלאָגיע** (גר.) – לעהרע וועגען מענשליכען קערפּער.

**סאָמבּרעראָ** (שפּאַנ.) – הוט מיט ברייטע ראַנדען (צו פערשטעלען פון די זון).

**סאַמום** (אראַב. „פערסמ'טער", שווע־רער, הייסער ווינד אין אַפריקאַ.

**סאָמנאַמבול** (פר.) — נאַכטוואַנדע־רער, לונאַטיקער.

**סאָמנאַמבוליזם** (פר.) – קראַנקהייט, בײַ וועלכער מען געהט און רעדט אין שלאָף.

**סאַנאַטאָריום** (לאַט.) — אַנשטאַלט צו היילען קראַנקע, וואָס זייער לאַגע פאָדערט אַ לאַנגע קוראַציע מיט גוטע פּלעגע און פרישע, ריינע לופט.

**סאָנאַטע** (איט.) — מוזיקאַלישע ווערק פון עטליכע פערשידענאַר־טיגע חלקים.

**סאָנאָמעטער** (גר.) – קלאַנגמעסטער, טאָנמעסטער, אינסטרומענט צו מעסטען די שטאַרקייט און געשווינ־דיגקייט פון טענער.

**סאַנבעניטאָ** (שפּאַנ.) — „הייליגער זאַק", מין מלבוש, וועלכען מען האָט אָנגעטהון די פער'משפט'ע דורך די אינקוויזיציע.

**סאַנגווינִיקער** (לאַט.) – מענש מיט הייסען טעמפּעראַמענט, קאָ־כענדיג בלוט.

**סאַנגווינִיש** (לאַט.) — בלוטינ־

הערהיצט הײַם, לײַבט אויפרעגבאַר.

**סאַנדאַלען** (לאַט.) - פלאַכע שוך.

**סאַנדאַראַק** (גר.) — פערטרוקענטער נעלער זאַפט פון אײניגע מינים בוימער.

**סאַנדזשאַק** (טור.)—קלײנע טערקישע פראָווינץ.

**סאַנדעלהאָלץ** – מין פאַרבהאָלץ פון אײניגע מינים בוימער אין אָסט-אינדיען און צײלאָן.

**סאַנטאָנין** — העמישער שטאָף פון ווערעם-קרויט.

**סאַנטים** (פר.) – הונדערטסטעל פראַנק.

**סאַנטי** (פר.) — אין צוזאַמענזעצונגען, ז. צענטי.

**סאַנירען** (לאַט.) — הײלען, געזונד מאַכען, ברײנגען אין א גוטען צושטאַנד.

**סאַנסקריט** — אַלטע שפּראַך פון די אינדוסען, יעצט אַלס הײליגע שפּראַך בײַ זײ.

**סאָנעט** (איט.) – „קלינגליעד", ליריש-שער שיר פון 4 קופּלעטען: צווײ צו 4, און 2 צו 3 פערזען, אַלזאָ צוזאַמען פון 14 פערזען.

**סאַנקט, סאַנקטום** (לאַט.) הײליגער.

**סאַנקטיפיצירען** (לאַט.) – פערהײליגען, מאַכען הײליג.

**סאַנקציאָנירען** (לאַט.) – בעשטעטיגען, מאַכען פאַר א געזעץ.

**סאַנקציע** (לאַט.) — בעשטעטיגונג, אנערקענונג פון א געזעץ-פראָיעקט אַלס געזעץ.

**סאַסאַפראַס** (שפּאַנ.) — האָלץ פון א נאָרד-אַמעריקאַנישער פּאַלמע.

**סאָסיעטע** (פר.) - געזעלשאַפט.

**סאָפּאָר** (לאַט.) - שטאַרקער, קראַנק-האַפטער שלאָף.

**סאָפּאָרירען** (לאַט.) – אײַנשלעפערען.

**סאָפּאָרעז** (לאַט) – שלעפרינג, פער-שלאָפען.

**סאַפּיענס** (לאַט.) — חכם.

**סאַפּיער** (פר.) — זעלנער צום גראָבען אונטער דער ערד.

**סאַפּע** (פר.) - גראָבען (ריאָו) אונטער דער ערד צו מיליטערישע צוועקען.

**סאָפּראַן** (איט.) — העכסטע שטימע, זעהר דין קול'בעל.

**סאָפטאַ** (פּרס.) — סטודענט פון מהמד'נישער טעאָלאָגיע.

**סאַפּיאַן** (פויל.) — פײנער סאָרט פון דינע געפאַרבטע לעדער.

**סאָפיזם** (גר.) – פאַלשער שלוס, ווײַל מען נעהט אוים פון א פאַל-שער פּרעמיסע (בנין אָב).

**סאָפיסט** (גר.) — 1) אַלטגריכישער לעהרער פון רעדע-קונסט.

2) מענש, וועלכער פלײַסט זיך צו בעווײַזען מיט פערשידענע שפּיצלעך אונמעגליכע אָדער אונרעכטיגע זאַכען.

**סאָפיסטיק** (גר.) – קונסט אויפצושטעל-לען סאָפיזמען, פּלפּול'יסטיק.

**סאָפיסטיש** (גר.) — פערדרעהט, מיט שפּיצלעך בעווײַזען.

**סאַפיר** (גר.) ספיר, בלויער עדעלשטײן.

**סאַפּלאַר** – געטריקענטע בלומענבלע־
טער פון אַ אָבסט-אינדישעם
געוויקס, וועלכע האָבען אין זיך געלען
און רויטען פאַרבשטאָף.

**סאַפּע** (אראַב.) – ברייטע, וויכע קאַ־
נאַפּע.

**סאָציאַל** (לאַט.) — געזעלשאַפטליך,
וואָס איז שייך צום לעבען
און ענטוויקלונג פון דער מענשליכער
געזעלשאַפט.

**סאָציאָלאָג** (לאַט.־גר.) – קענער פון
סאָציאָלאָגיע.

**סאָציאָלאָגיע** (לאַט.־גר.) — תורת
החברה, לעהרע און פאָר־
שונג פון די געזעצען, לויט וועלכע
עס גרינדען זיך, ענטוויקלען זיך און
בעשטעהען אַלע פערשידענע פאָרמען
פון מענשליכע געזעלשאַפטען.

**סאָציאָלאָגיש** (לאַט.־גר.) – לויט דעם
שטאַנד־פונקט פון דער
סאָציאָלאָגיע.

**סאָציאַל־דעמאָקראַט** (לאַט.־גר.) –
מיטגליעד פון אַ אַרבייטער־
פּאַרטיי, וועלכע האָט אָנגענומען דעם
סאָציאַליזמוס פאַר איהר פּראָגראַם.

**סאָציאַליזמוס** (לאַט.) — סאָציאַל־
עקאָנאָמישע טעאָריע, וועל־
כע האַלט פאַר נויטיג אונטערצוברייג־
גען דאָס פּריוואַט־אייגענטום און איינ־
צופיהרען אַזאַ אָרדנונג, ביי וועלכער
אַלע זאָלען גלייך געניסען פון די פּרוב־
טען פון דער פּראָדוקציע. די רעפאָרם
קאָן לויט די דאָזיגע לעהרע ווערען
איינגעפיהרט נאָר דורכ'ן קלאַסענקאַמפּף
פון דעם פאַבריקס־פּראָלעטאַריאַט געגען
די בורזשואַזיע. ז. מאַרקסיזמוס.

**סאָציאַליסט** (לאַט.) – אָנהענגער פון
סאָציאַליזמוס.

**סאָציאַליסטיש** (לאַט.) – וואָס איז
שייך צו סאָציאַליזמוס, לויט
די פאָדערונגען פון סאָציאַליזמוס.

**סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער** (לאַט.)
אָנהענגער פון אַ רעוואָלוצי־
יאָנערער פּאַרטיי אין רוסלאַנד, וועלכע
האַלט, דאָס ביי די פערווירקליכונג
פון סאָציאַליזמוס וועלען די בויערען
שפּיעלען נישט קיין קלענערע ראָלע
פון דעם שטאָדט־פּראָלעטאַריאַט.

**סאַק־וואָיאַזש** (פר.) – רייזע־זאַק.

**סאַקער** (לאַט.) – הייליג.

**סאָקראַטיש** – אויף דעם אופן, ווי
דער גריכישער פילאָזאָף
סאָקראַט האָט געלערנט, ד. ה. מיט
הילף פון שאלות ותשובות.

**סאַקראַמענט** (לאַט.) – 1) קירכליכע
צערעמאָניע. 2) ווידוי פאַר'ן
גלה. 3) קללה.

**סאַקראָסאַנקט** (לאַט.) – קודש־
קדשים.

**סאַראַבאַנדע** (שפּאַנ.) – שפּאַנישער
טאַנץ און מוזיק, טריט פון
אַ רייטפערד לויט דעם טאַקט פון אַזאַ
מוזיק.

**סאַראַצענען** (אַראַב.) – מענשען פון
מזרח־לאַנד, מחמד'נער.

**סאָרבאָנע** – אַ פּאַריזער הויכשולע.

סאַרדאָ (איט.) — געדעמפּפט, איינ־
געהאַלטען (אין דער מוזיק).
סאַרדאָניקס (גר.) — טייערער שטיין
מיט צוויי פאַרבען; זעהר
ווייס און רויט.
סאַרדאָנישעס לאַכען — לאַכען
אָהן אַנ׳אורזאַכע, נערוועזעס
געלעכטער, היסטערישעס געלעכטער.
סאַרדינען (איט.) - קליינע מאַרינירטע
פישלעך פון מיטעללענדי־
שען ים און אַטלאַנטישען אָצעאַן.
סאָרט (פר.) — מין, גאַטונג.
סאָרטימענט (פר.) — 1) לאַגער פון
פערשידענע סאָרטען סחורות.
2) בוכהאַנדעל מיט ביכער פון פער־
שידענע פערלאַגען.
סאָרטירען (פר.) — איינטיילען, איינ־
אָרדנען לויט די מינים.
סאַרקאַזמוס (גר.) — גיפטיגער בי־
טערער חוזק.
סאַרקאָמאַ (גר.) — ווילדפלייש.
סאַרקאַסטיש (גר.) — מיט גיפטיגען
חוזק.
סאַרקאָפאַג (גר.) — שטיינערנע
טרומנע (אָרון), גרויסע פראַכט־
פאָלע טרומנע.
סבירע (איט.) - איטאַליענישער פאָליצ־
ציי־אַגענט.
סובאַ (פרס.) — פּערס׳ישע פּראָווינץ,
גובערניע.
סובאַדאַר (פרס.) — אָסטאינדישער
גובערנאַטאָר.
סובאַלטערן (לאַט.) - אָפיציער אָדער
בעאַמטער, וועלכער איז אונטערגעוואָר־
פען אַנ׳אַנדערען.
סובאָרדינאַציע (לאַט.) - געהאָרכ־
זאַמקייט, אַבהענגיגקייט פון
שעף אָדער העכערע בעאַמטע.
סובדעלעגאַציע (לאַט.) — אונטער־
דעלעגאַציע.
סובווענציאָנירען (לאַט.) - געבען אַ
אַ שטיצע פון שטאַאַטס־מיטלען.
סובטיל (לאַט.) — 1) פיין, איידעל.
2) שאַרפזיניג, מיט חריפות,
מיט זעהר פיינע פלפולים און סברות
בעוויזען.
סובטראַהענד (לאַט.) - די אַראָבגענו־
מענע צאָהל ביים חסור.
סוביעקט (לאַט.) — 1) פערשטעלענ־
דע, דענקענדע פערזענליכ־
קייט, מענש, פערזאָן. 2) נעהילף און
אַ געשעפט. 3) הויפּטטייל, פון וועלכען
מען רעדט אין אַ גראַמאַטיקאַלישען
אָדער לאָגישען זאַץ.
סוביעקטיוו (לאַט.) — פערזענליך,
וואָס איז שייך צו איין פערזאָן.
סוביעקטיוויטעט (לאַט.) - 1) איי־
גענטימליכקייט פון איין
פערזאָן, פון איין זאַך. 2) זעלבסט־בע־
וואוסטזיין פון דער מענשליכער זעעלע.
סובלאָקאַטאָר (לאַט.) - שכן, וועל־
כער דינגט אָב אַ וואָהנונג
אָדער אַ צימער ביי אַ שכן (אַ לאָקאַטאָר).
סובלונאַריש (לאַט.) — אויף אונזער
ערד (אונטער די לבנה), תחת
השמש.

סובלימאַט (לאַט.) — זעהר גיפטיגע
חלאָר=קוועקזילבער=פּעראייז=
ניגונג.

סובסטאַנטיוו (לאַט.) — שם=עצם,
הויפּטוואָרט.

סובסטאַנץ (לאַט.)— 1) אין דער מעטאַ=
פיזיק – דער זעלבסטשטענ=
דיגער עצם. 2) אין דער העמיע –
שטאָף, בעשטאַנדטייל. 3) אין דער
מעכאַניק – הויפּטקראַפט פון אַ זאַך.

סובסטראַט (לאַט.) — גרונדלאַגע,
גרונדשטאָף.

סובסידיע (לאַט.) — הילף, שטיצע
(מייסטענס פון אַ מדינה אָדער
אַ פּאַרטיי עפּעס אַ נוצליכער אונטער=
נעהמונג).

סובסקריפּציע (לאַט.) — אונטער=
שריפט, התימה, צייכנונג
(אויף אַ הלואה, צייטונג א. ד. גל.).

סובקאָלעקטאָר (פר.) – אונטערקאָ=
לעקטאָר, פערקויפער פון
לאָטעריע=צעטלען, וועלכע ער נעהמט
ביי אַ קאָלעקטאָר און נישט ביי דער
הויפּט=פערוואַלטונג פון דער לאָטעריע.

סוווענייר (פר.) – מתנה צום אַנדענ=
קען.

סוווערען (פר.) – אויבערהערר.

סוווערעניטעט (פר.)— אויבערהער=
שאַפט.

סוועלטאָ (איט.) — לייכט (אין דער
מוזיק).

סוזשעט (פר.) – געגענשטאַנד, הויפּט=
זאַך, הויפּטאינהאַלט, טעמע.

סוטאַזש (פר.) — מין שנור, וועלכער
ווערט אַרומגענעהט ביי דאַ=
מען=קליידער.

סוטערען (פר.) — קעלער=דירה.

סולטאַן (אַראַב.) – שולטן, געוועלטי=
גער, טיטעל פון קעניגען
ביי די מחמד'נישע פעלקער, איבער=
הויפּט דער הערשער פון טערקיי.

סולפאַט — שוועבעלזויערעס זאַלץ.

סומע (לאַט.) — סך=הכל, רעזולטאַט
ביים צוזאַמענרעכנען פון
עטליכע צאָהלען.

סומירען (לאַט.) — צוזאַמענרעכנען.

סונאַ (אַראַב.) — מסורה, מהמד'נישע
תורה שבעל=פּה.

סופּאָרטאָ (לאַט.) — מאָנאַטליכער
אָדער יעהרליכער חשבון פון
פּראָצענט=געלדער, וועלכע אַ באַנק=
הויז איז שולדיג די, וואָס לעגען ביי
איהם איין געלד.

סופּיר (פר.) — פּיערטעלפּויזע (אין דער
מוזיק).

סופּער (לאַט.) — העכער, מעהר (מייס=
סטענס צוזאַמענגעזעצט מיט
אַנדערע ווערטער).

סופּערלאַטיוו (לאַט.) — העכסטע
שטופּע פון אייגענשאַפטס=
ווערטער (שמות התואר) אין דער גראַ=
מאַטיק.

סופּערנאַטוראַליזמוס (לאַט.) —
גלויבען אין איבערנאַטורליכ=
קייט, אין נסים און געטליכע אָפּענ=
באַרונג

**סופּערנאַטוראַליסט** (לאַט.) — מאמין און נסים און געטליכע אָפּענבאַרונג.

**סופּערקאַרגאָ** (שפּאַנ.) — אויפזעהער אויף לאָדונג פון סחורות, וועלכע ווערען געשיקט מיט'ן ים אין ווייטע לענדער.

**סופּעררעוויזיע** (לאַט.) — צווייטע רעוויזיע, איבערהויפּט פון דעם געזונדהייטסצושטאַנד פון רעקרוטען.

**סופּיקס** (לאַט.) — אותיות, וועלכע קומען אין אַ וואָרט נאָך זיין שורש.

**סופּלער** (פר.) — ווער עס זאָגט־אונטער אין טעאַטער די אַקטערען.

**סופּראַגאַן** (לאַט.) — שטיממבערעכטיג־טער חבר פון אַ קאַטוילי־שער גייסטליכער קאָלעגיע.

**סוקאַדע** (איט.) — 1) איינגעקאָכטער פּרוכטען־זאַפט. 2) מיט צו־קער איינגעקאָכטע פּאָמעראַנצען־אָדער ציטרינען־שאָלען.

**סוראָגאַט** (לאַט.) — בילוגעס, געמיי־נערעס מיטעל, וועלכעס קאָן פערטרעטען אַ בעסערעס, אַ טייע־רערס.

**סורבעסט** (פרס.) — פיינסטער סאָרט פון פרס'ישען זייד.

**סורי** (אינד.) — פּאַלמען־וויין.

**סורע** (אַראַב.) — קאַפּיטעל אין קאָראַן.

**סורפּריז** (פר.) — איבעראַשונג, אונ־ערוואַרטעטע בשורה אָדער מתנה.

**סטאַטוט** (לאַט.) — געזעץ, תקנות פון אַ געזעלשאַפט, חברה א. ד. גל.

**סטאַטוס** (לאַט.) — צושטאַנד.

**סטאַטוס אין סטאַטו** (לאַט.) — איין מדינה אין דער אַנדערער.

**סטאַטוע** (לאַט.) — מענשליכע פיגור פון מאַרמאָר, בראָנז, גיפּס א. ד. גל.

**סטאַטועטע** (פר.) — קליינע סטאַטוע.

**סטאַטו קוואָ** (לאַט.) — אין דעם איינגענעם צושטאַנד.

**סטאַטיסט** (לאַט.) — שטומע פּערזאָן אויף אַ סצענע.

**סטאַטיסטיק** (לאַט.) — לעהרע און צוזאַמענשטעלונג פון צאָהלען, וועלכע שטעלען פאָר דעם נאַטורליכען, קולטורעלען און עקאָנאָמישען צושטאַנד פון אַ מדינה, פּראָווינץ, אַ שטאָדט א. ד. גל.

**סטאַטיסטיקער** (לאַט.) — קענער פון סטאַטיסטיק.

**סטאַטיסטיש** (לאַט.) — וואָס איז שייך צו סטאַטיסטיק.

**סטאַטיק** (גר.) — לעהרע וועגען דעם גלייכגעוויכט פון קערפּער און זייערע קרעפטען.

**סטאַמבול** (גר.) — די שטאָדט קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל.

**סטעמפּ** (ענגל.) — שטעמפּעל, בריעפ־מאַרקע.

**סטאַניאָל** (לאַט.) — דינע בלעטלעך פון צין.

**סטאַנסען** — ז. שטאַנצע.

**סטאָפּ** (ענגל.) — שטעה! האלט!

**סטאָפּינע** (איט.) — שנור בײַ אַ האַר־מאַט אָנצוינדען דעם פולווער.

**סטאַפּאַזש** (פר.) — פערציערונג פון דעם פאָרערגרונד פון אַ מאַ־לערײַ מיט מענשען־בילדער, בלומען און חיות.

**סטאַציאָנירען** (לאַט.) — אײַנשטעלען.

**סטאַציאָנער** (לאַט) — אָהן ענדע־רונג, און זעלבען צושטאַנד.

**סטאַציע** (לאַט.) — אויפהאַלטונגס־אָרט, אָברוה־אָרט; אָרט, וואו די באַהנצוגע אָדער דאַמפּפער שטעהען זיך.

**סטאַקאַטאָ** (איט.) — אָבגעריסען (די נאָטען אין דער מוזיק).

**סטאַראָסטאַ** (פויל.) — פערוואלטער פון אַ לאַנד־אָבטהײלונג אין אַלטען פוילען.

**סטאָרטינג** (שוועד.) — פאַרלאַמענט אין נאָרוועגען.

**סטודענט** (לאַט.) — תלמיד פון אַ הויכשולע.

**סטיך** (גר.) — פערז.

**סטיכאָמאַנטיע** (גר.) — פאָראויס־זאָגען די צוקונפט לויט שורות, וואָס זענען אויפגעשריבען אויף בעזונדערע קוויטלעך און מען ציהט זײַ.

**סטיכאָמעטריע** (גר.) — דאָס צעה־לען פון שורות און מאַנו־סקריפּט, כדי צובעשטימען די גרויס פון דעם געדרוקטען טעקסט.

**סטיכיע** (גר.) — יעדער פון די פיער יסודות: פײַער, וואַסער, לופט, ערד, פון וועלכע, לויט ווי די פארצײַטיגע האָבען גערעכענט, איז בעשטאַנען יעדע זאַך אין דער וועלט.

**סטיל** (לאַט.) — 1) שרײַב־גריפעל בײַ די פארצײַטיגע פעלקער. 2) אופן פון שרײַבען אָדער רעדען. 3) כאַראַקטעריסטישע אײגענטימליכקײַט אין דער פאָרם פון אַ קונסטווערק. 4) צײַטרעכנונג.

**סטיליזירען** (לאַט.) — בעאַרבײַטען לויט אַ קונסט־סטיל.

**סטיליסט** (לאַט.) — שרײַבער, וועל־כער האָט אַ גוטען סטיל.

**סטיליסטיק** (לאַט.) — לעהרע וועגען סטיל פון ליטעראַרישע ווערק.

**סטיפּענדיאַט** (לאַט.) — ווער עס קריגט סטיפּענדיום.

**סטיפּענדיום** (לאַט.) — געלד־אונ־טערשטיצונג פאַר שטודירענדע.

**סטעאַרין** (גר.) — פעסטער בעשטאַנד־טײל פון חלב.

**סטעגאַנאָגראַפיע** (גר.) — שיפער־שריפט.

**סטעדזש** (ענגל.) — סטאַציע.

**סטעדזש־קאָטש** (ענגל) — פּאָסט־קאַרעטע.

**סטעטאָסקאָפּ** (גר.) — רעהרעל צו צוהערען זיך צו אַ מענשלי־כער בר רן, צום האַרץ.

**סטעלאַזש** (פר.) — אָבמאַכונג צווישען 2 אָדער עטליכע בערזע־סוחרים, לויט וועלכער אײנער האָט

דאָס רעכט און פערלויף פון א בע־שטימטער צייט צו קויפען אָדער פער־קויפען פאפיערען צום זעלבען אָבגע־רעדטען פרייז.

**סטענאָגראַף** (גר.) — קענער פון סטענאָגראַפיע; ווער עס שרייבט סטענאָגראַפיש.

**סטענאָגראַפיע** (גר.) – שנעלשריפט, אָבגעקירצטער אַלף־בית און פערשידענע כללים, לויט וועלכע מען קאָן שרייבען אַזוי געשווינד, ווי מען רעדט.

**סטענאָגראַפירען** – שרייבען סטע־נאָגראַפיש.

**סטענאָגראַפיש** – מיט הילף פון סטענאָגראַפיע, וואָס איז שייך צו סטענאָגראַפיע.

**סטעפּע** (רוס.) — ווייטע שטיק לאַנד, אויף וועלכע עס וואַקסט נאָר גראָז.

**סטער** (פר.) – קוביק־מעטער.

**סטערעאָגראַפיע** (גר.) — צייכנונג פון קערפער אויף איין פלאַכע.

**סטערעאָחראָמיע** (גר.) – פאַרבקאָ־מאַלערײַ פון פיינע אונאָר־גאַנישע פאַרבשטאָפען.

**סטערעאָטיפּ** (גר.) — אָבגעגאָסענע פלאַטע פון א אותיות־זאַץ צום דרוקען.

**סטערעאָטיפּיע** (גר.) – אויסאַרבײַ־טונג פון סטערעאָטיפען, סטערעאָטיפען־גיסערײַ.

**סטערעאָטיפּירען** (גר.) – אָבגיסען סטערעאָטיפען, דרוקען מיט סטערעאָטיפען.

**סטערעאָטיפּיש** (גר.) – 1) געדרוקט מיט סטערעאָטיפען. 2) אונ־פערענדערליך, שטענדיג דאָס איינענע.

**סטערעאָמעטריע** (גר.) — טייל פון דער געאָמעטריע, וועלכער בע־שעפטיגט זיך מיט געאָמעטרישע קער־פער און זייערע אינהאַלטען.

**סטערעאָסקאָפּ** (גר.) — אָפּטישע אינסטרומענט, דורך וועל־כעס מען קאָן זעהען געמאָלטע ביל־דער רעליעף (בולט).

**סטראַביזמוס** (גר.) – אויגענפעהלער, ביי וועלכען מען קוקט קרום.

**סטראַטום** (לאַט.)– וואָלקען, וועלכער האָט אַ פאָרם פון שיכטען, וואָס ליגען איינע אויף דער אַנדערע.

**סטראַטעג** (גר.) – קריעגספיהרער.

**סטראַטעגיע** (גר.) — לעהרע און קונסט פון פיהרען מלחמות.

**סטראַטעגיש** (גר.) – וואָס געהערט צו סטראַטעגיע.

**סטראַנגולאַציע** (גר.) – אײַנשנירונג פון א ברוך.

**סטראַנגוריע** – (גר.) – שווערינקייט ביי לאָזען אורין.

**סטראָפע** (גר.) — עטליכע פערזען און א שיר, וועלכע בילדען איין האַרמאָניש גאַנצען טייל.

**סטרוקטור** (לאַט.) — געביידע פון עפּעס.

**סטריבאָר** (פר.) — רעכטע זייט פון א שיף.

**סטריט** (ענגל.) — גאַס.

**סטרײַק** (ענגל.) — אײַנשטעלונג פֿון אַרבײַט דורך אַ סך אַרבײַטער אויף אַ מאָל.

**סטרײַקען** (ענגל.) – אַלע אויף אַ מאָל אויפֿהערען צו אַרבײַטען.

**סטריכנין** (גר.) — שטאַרקער גיפֿט פֿון אַ מין געוויקס, וועלכעס הײסט „קראָהען-אויגען".

**סיבאַריט** (גר.) — ווער עס איז געוואָהנט צו לוקסוס און אַנדערע גוטע זאַכען.

**סיבילע** — אַלט-רוימישע נביאה, מכשפה.

**סיגנאַטאַר** (פֿר.) – אונטערצײכנער.

**סיגנאַטור** (פֿר.) — 1) בעצײכנונג, אונטערצײכנונג. 2) צעטעל פֿון אַן אַפּטײק, צוגעקלעפּט צו דער רעצעפּט, מיט דער בעצײכנונג פֿון די מיטלען, פֿון וועלכע די רעצעפּט איז צוזאַמענגעשטעלט.

**סיגנירען** (פֿר.) – אויפֿצײכנען, בעצײכנען, אונטערצײכנען.

**סיגנאַל** (פֿר.) — צײכען, סימן, כּדי מודיע צו זײַן עפּעס פֿון דער-ווײַטענס.

**סיגנאַליסט** (פֿר.) — ווער עס גיט סיגנאַלען.

**סיגנע** (לאַט.) — צײכען, מאַרקע פֿון אַ פֿירמע, סימן.

**סיד** (שפּאַנ.) — הערר, העלד.

**סידר** (פֿר.) — אויבסט-ווײַן, איבער-הויפּט פֿון עפּעל.

**סידעראָגראַפֿיע** (גר.) — גראַווירונג אויף שטאָהל און אײַזען.

**סידעראָטיפּיע** (גר.) — דרוק פֿון שטאָהל-פּלאַטען.

**סידעראָליט** (גר.) — אײַזענשטײן, מין האַרטער, גוטער לײם.

**סידיריט** (גר.) – פֿאָספֿאָרזויערעס אײַזען, מין מינעראַל.

**סיזיגיען** (גר.) — די שטעלונגען פֿון צוויי פּלאַנעטען, ווען זיי געפֿינען זיך כּמעט אין איין גלײַכער ליניע מיט אונזער ערד.

**סיזיף** (גריכ.-מיט.) – גריכישער קעניג, וועלכער איז פֿאַר זײַנע זינד פֿער'משפּט געוואָרען פֿון די געטער צו קײַקלען אויף אַ באַרג אַרויף אַ שטײן, וועלכער האָט זיך יעדעס מאָל צוריק אַראָבגעקײַקעלט.

**סיזעפֿ'ס אַרבײַט** — שווערע און דאַצו אומנוצליכע אַרבײַט.

**סיזעט** (פֿר.) – מין קאָרטענשפּיעל פֿון 6 פּערזאָן.

**סיטואַציע** (לאַט.) – לאַגע, מצב.

**סיטי** (ענגל.) – אַלטע שטאָדט.

**סיטיאָלאָגיע** (גר.) – לעהרע וועגען מאכלים (וואָס קראַנקע דאַרפֿען אָדער קאָנען עסען).

**סײם** (פּויל.) — געזעצגעבענדע פֿער-זאַמלונג און פּאַרצײַטונגען פּוילען.

**סײמיסטען** — יודישע פּאַרטײ אין רוסלאַנד, וועלכע מײנט, דאָס דער וויכטיגסטער תּנאי צו לעזען די יודען-פֿראַגע איז די צוזאַמענגרופּיר-

פון אַ יודישען נאַציאָנאַל-סײַם און רוס-
לאַנד, וועלכער זאָל פערוואַלטען אי-
בער אַלע יודישע אַנגעלעגענהײַטען.

**סײַסמאָגראַף** (גר.) – אינסטרומענט צו בעשטימען די ריכטונג און צײַט פון ערדציטערנישען.

**סײַסמאָלאָגיע** (גר.) – לעהרע וועגען ערדציטערנישען.

**סילאַבוס** (לאַט.) – רשימה פון לעהרען, וועלכע זענען פסול לויט די מיינונג פון רוימישען פּאַפּסט.

**סילאָגיזמוס** (גר.) – לאָגישער שלוס.

**סילוואַן** (לאַט.) — אַלט-רוימישער וואַלד-גאָט.

**סילוועסטער-נאַכט** – נאַכט פון 31 דעצעמבער אויפ'ן ערשטען יאַנואַר, ווערט געפּײַערט מיט גרויס פּאַראַד און מערב-אייראָפּאַ אַלס אָנהויב פון'ם נײַעם יאָהר. (סילוועסטער האָט געהייסען אַ פּאַפּסט, וועלכער איז אין יאָהר 335 אין דעם טאָג געשטאָרבען).

**סילועט** (פר.) – אומריס פון אַ פיגור און שאָטען.

**סיליקאַט** (לאַט.) – מינעראַל, וועלכעס בעשטעהט פון קיזעלזויערע זאַלצען.

**סילען** (גריכ.-מיטאָל.) – גריכישער האַלב-גאָט, ער האָט ערצויגען באַקכוס, דעם גאָט פון ווײַן.

**סילענציום** (לאַט.) – שטילשווײַגען.

**סימאָניע** – דאַס קריגען אַ שטעל פון אַ קריסטליכען גײַסטליכען דורך קויפען אָדער שוחד.

**סימבאָל** (גר.) – בילדליכע פאָרשטעלונג פון אַ אידעע, פערקערפּערונג פון אַ אידעע.

**סימבאָליזירען** (גר.) – פאָרשטעלען אידעען אין בילדער, פערקערפּערן אידעען.

**סימבאָליק** (גר.) – 1) פאָרשטעלונג דורך סימבאָלען. 2) לעהרע וועגען די רעליגיעזע סימבאָלען.

**סימבאָליש** (גר.) – מיט די הילף פון סימבאָלען, וואָס האָט אַ שייכות צו סימבאָלען.

**סימולאַציע** (לאַט.) – פערשטעלונג, צביעות.

**סימולירען** (לאַט.) — פערשטעלען, נאָכמאַכען, צושטעלען אויסגעקלערטע רעכנונגען.

**סימעטריע** (גר.) — איבעראיינשטימונג און עהנליכקייט פון טיילען פון אַ זאַך, בנוגע די גרויס, דאָס אָרט און די צאָהל.

**סימעטריש** (גר.) — איבעראיינשטימענד, לויט סימעטריע.

**סימפּאַטיזירען** (גר.) — מיטפיהלען, האָבען אַ נייגונג, געפינען פאַר גוט און געפעלינג.

**סימפּאַטיע** (גר.) — מיטגעפיהל, נייגונג, געפעלען.

**סימפּאַטיש** (גר.) — געפעלינג, אָנגענעהם, מיטפיהלענד.

**סימפּטאָם** (גר.) — צייכען פאַר אַ ערשיינונג, לויט וועלכען מען קאָן רעכנען, דאָס די ערשיינונג

קומט אָן ; סימן פֿאַר אַ געוויסער קראַנק־
הייט.

**סימפּטאָמאַטיש** (גר.) — וואָס קאָן דיענען אַלס סימפּטאָם.

**סימפּאָניע** (גר.) — צוזאַמענקלאַנג, קאָנצערט פֿון פֿיעל אינסטרו־מענטען און שטימען.

**סימפּאָניש** (גר.) — האַרמאָניש, וואָס איז שייך צו אַ סימפּאָניע.

**סימפּאָניסט** (גר.) — קאָמפּאָניסט און שפּיעלער פֿון סימפּאָניען.

**סינאַגאָגע** (גר.) — נאָמען פֿון אַ יודי־שער שוהל און אַנדערע שפּראַכען.

**סינאָד** (גר.) — 1) פֿערזאַמלונג פֿון גייסטליכע, לעהרער א. ד. ג. 2) אין רוסלאַנד — העכסטע פֿערוואַל־טונג פֿון רעליגיאָנס־אַנגעלעגענהייט (היילינגסטער סינאָד).

**סינאָוויאַ** (לאַט.) — פֿייכטיגקייט, וועלכע איז ענטהאַלטען אין די ביינער־געלענקען.

**סינאָלאָג** (פֿר.) — קענער פֿון חינאַ, חינעזישע שפּראַך און ליי־טעראַטור.

**סינאָנים** (גר.) — וואָרט, וועלכעס איז לויט די בעדייטונג עהנליך צו אַן׳אַנדערען.

**סינאָנימיק** (גר.) — לעהרבוך פֿון סי־נאָנימען.

**סינאַפּיס** (לאַט.) — זענפֿט, זענפֿט־פּלאַסטער (גאָרטשיטשניק).

**סינגולאַר** (לאַט.) — 1) איינצאָהל, מספר יחיד. 2) אַליין, איינצעלן, זעל־טען, זאָנדערבאַר.

**סינדיקאַט** (גר.) — פֿערבינדונג פֿון סוחרים פֿון איין מין סחורה, יד אחת.

**סינדיקוס** (גר.) — בעפֿאָלמעכטיגטער פֿון עטליכע (צב״ש פֿון אַלע קרעדיטאָרען פֿון אַ באַנקראָטירטען).

**סינדעסמאָלאָגיע** (גר.) לעהרע וועגען די בענדער פֿון מענש־ליכען קערפּער.

**סינוס** (לאַט.) — פּערפּענדיקולאַר פֿון איינעם עק קרייזבויגען אויפֿ׳ן ראַדיוס, וועלכער געהט דורכ׳ן אַנדע־רען עק.

**סינטאָ** (יאַפּאַנ.) — אַמאָליגע רעליגיע אין יאַפּאַן.

**סינטאַגמאַ** (גר.) — זאַמעלבוך פֿון עהנליכע ליטעראַרישע ווערק.

**סינטאַקס** (גר.) — לעהרע וועגען זאַ־צען־צוזאַמענשטעלונג און זייערע פֿערבינדונג.

**סינטעזע** (גר.) — פֿערבינדונג ; פֿער־איינינונג אָדער פֿערבינדונג פֿון עהנליכע פֿאָרשטעלונגען אָדער פֿאַקטען צו איין אַלגעמיינעם בעגריף אָדער זאַץ.

**סינטעטיש** (גר.) — מיט דער הילף פֿון סינטעזען, פֿערבינדענד, פֿעראייניגענדיג.

**סינטעטישע מעטאָדע** (גר.) — מע־טאָדע, לויט וועלכער מען פֿיהרט אויס פֿון גרונד־פּרינציפּע־

פֿערשידענע וויסענשאַפטליכע פֿאָלגע-
רונגען.

**סיניאָראַ** (איט.) – מאַדאַם, פֿרוילײַן.

**סיניאָרע** (איט.) — הערר.

**סינכראָניזמוס** (גר.) – גלײַכצײַטיג-
קײַט.

**סינכראָניש** (גר.) — גלײַכצײַטיג,
וואָס איז פֿאָרגעקומען אין
דער זעלבער צײַט.

**סינעקורע** (לאַט.) – שטעל מיט זעהר
אַ גרויס געהאַלט און גאַנץ
ווייניג אַרבײַט.

**סינקרעטיזמוס** (גר.) – פֿערמישונג
פֿון פֿערשידענע לעהרען
אָדער רעליגיאָנען, וועלכע זענען נישט
פֿעראײַנבאַר (למשל די גריכישע פֿילאָ-
זאָפֿיע און די יודישע רעליגיע, אָדער
טעאָלאָגיע און פֿילאָזאָפֿיע איבערהויפּט).

**סיסטעם** (גר.) — 1) געאָרדנעטע צו-
זאַמענשטעלונג פֿון פֿערשי-
דענע וויסענשאַפטליכע טהאַט-זאַכען
לויט אַ געוויסען פּלאַן מיט אַ בעשטימ-
טען וויסענשאַפטליכען ציעל. 2) אָר-
דנונג, וועג, שיטה בײַ אַן אַרבײַט אָדער
געשעפֿט.

**סיסטעמאַטיש** (גר.) — 1) וויסענ-
שאַפֿטליך געאָרדנעט. 2) פּלאַנ-
מעסיג, שטרענג.

**סיסטעמאַטיזירען** (גר.) — אָרדנען
לויט אַ סיסטעם; אויפֿשטע-
לען אַ סיסטעם.

**סיסיליען** (פֿר.) — סיציליאַנישער
שאַנין.

**סיער** (פֿר.) – הערר.

**סיערראַ** (שפּאַנ.) — קייט פֿון בערג
(אין שפּאַניען, פּאָרטוגאַל און
אַמעריקא).

**סיפּיים** (פּרס.) – אָסט-אינדישע זעלנער
און ענגלישען מיליטער.

**סיפֿאָן** (גר.) – 1) אויסגעבויגענע רעהר,
דורך וועלכע מען קען פֿון
איין כלי איבערגיעסען פֿליסיגקײַט אין
די אַנדערע, נישט רוהרענדיג די כלים
פֿון אָרט. 2) פֿלאַש צו גאַז-וואַסער
מיט אַ מעטאַלענעם קראַן, דורך וועל-
כען עס געהט אַרויס דאָס וואַסער,
ווען מען דריקט בײַם צינגעל פֿון דעם
קראַן.

**סיפֿיליס** (גר.) – געפֿעהרליכע אָנשטעק-
קענדע קראַנקהייט, וועלכע
קומט פֿון אָנשטעקונג בײַ געשלעכטס-
פֿערקעהר מיט אַ סיפֿיליטישער פּערזאָן.

**סיפֿיליטיש** (גר.) — וואָס געהערט צו
סיפֿיליס, קראַנק אויף סיפֿיליס.

**סיקאָמאָרע** (גר.) — מצרי'שער פֿײַ-
גענבוים.

**סיקאָפֿאַנט** (גר.) – מסור צוליעב אײַ-
גענעם נוצען.

**סיקספּענס** (ענג.) – האַלבער שילינג,
6 פּענס, אונגעפֿעהר 25 קאָפּ.

**סיקאַטיוו** (לאַט.) – טרוקענענדיג, טרו-
קענמיטעל.

**סיקער** (פֿר.) — געדונגענער מערדער.

**סיר** (פֿר.) – הערר (מיט [illegible] קעניגען).

**סיראָפּ** (אַראַב.) — געדיכטער צוקער-
זאַפֿט.

**סירט** (גר.) — פלאַך אָרט אין ים, זאַמד-באַנק.

**סירוואַנט** (פר.)– אַלט-פראַנצעזישער, סאַטירישער שיר.

**סיריאַזיס** (גר.) — זון-שטאָך.

**סיריום** (גר.) – העלסטער פיקסשטערן.

**סירענע** (גר.) — 1) אין דער גריכי-שער מיטאָלאָגיע, אַ מיידעל, וועלכע פלעגט זיצען אויף ים-פעלזען און מיט איהר געזאַנג פערנאַרען די פאַרבייפאָהרענדע אין אָבגרונד. 2) מין ים-פיש. 3) אינסטרומענט צו מעסטען די געשווינדיגקייט פון טענער.

**סכאָלאַסטיק** (לאַט.) — מיטעל-אַל-טערליכע פילאָזאָפיע, וועל-כע האָט זיך געשטיצט אויף די לעהרע פון אַריסטאָטעלעס.

**סכאָלאַסטיקער** (לאַט.) – מיטעל-אַלטערליכער פילאָזאָף, אַנ-העננער פון דער סכאָלאַסטיק.

**סכאָלאַסטיש** (לאַט.) – וואָס געהערט צו דער סכאָלאַסטיק, לויט די לעהרע פון דער סכאָלאַסטיק, אָהן קריטיק, טרוקען.

**סכאָליען** (גר.) – קורצע בעמערקונגען צום טעקסט פון גריכישע און לאַטיינישע מאַנוסקריפטען.

**סכיזמאַ** (גר.) — אָבטיילונג פון דער הויפט-קירכע, הערשענדע רעליגיע.

**סכיזמאַטיקער** (גר.) — ווער עס טהיילט זיך אָב פון דער הערשענדער רעליגיע.

**סכעמאַטיש** (גר.) — אַלס סכעמאַ, לויט אַ סכעמאַ, אין אַלגע-מיינע שטריכען.

**סכעמע** (גר.) — פאָרם, אַלגעמיינע פאָרשטעלונג, אויסצייכנונג.

**סלאַוואָמאַניע** (גר.) — ליעבע צו אַלעם סלאַווישען.

**סלאַוואָפיל** (גר.) – סלאַווען-פריינד, אָנגעהעריגער פון אַ פּאַרטיי אין רוסלאַנד, וועלכע האָט געהאַלטען, דאָס אַלע סלאַווען דאַרפען זיך צו פעראייניגען אונטער דער אויבערהער-שאַפט פון רוסלאַנד.

**סלאַוויזירען** — מאַכען צו סלאַוויש.

**סלאַווע** (סלאַוו.) — אָנגעהעריגער פון אַ גרויסער פעלקער-משפחה, צו וועלכער עס געהערען: רוסען, פּאָלען, טשעכען, רוטענען, סערבען, בולגאַרען און אַנדערע.

**סמאַראַגד** (גר.) — גרינער עדעל-שטיין.

**סנאָב** (ענג.) — קליינער מענש, וועל-כער וויל זיך איבעראַל אַרויסשטעלען פאַר גרויס און וויכטיג.

**סעגמענט** (לאַט.) — אָבשניט פון אַ קרייז.

**סעגסעגאַטאָר** (לאַט.) — בריעף-האַלטער, אין וועלכען די בריעף זיינען געאָרדנעט לויט דעם אלף-בית.

**סעגרעגירען** (לאַט.) — אָבשיידען איינס פון אַנדערען לויט אַ געוויסע אָרדנונג.

סעזאם (גר.) — מין פלאקס, פון וועלכען עס ווערט אויס־געארבייט ברען־אויל.

סעזאן (פר.) — יאהרעס־צייט, פאסענ־דע צייט פאר עפעס (צב"ש, צייט, ווען מען פאהרט אין בעדער, צייט ווען מען טראגט אזאלכע אדער אנדערע מלבושים א. ד. גל.).

סעיד (אראב.) — „הערר", טיטעל פאר די, וואס זיינען ארויס־געקומען פון מהמד.

סעלאדאן (שפאנ.) — 1) מין גרינע קאליער. 2) ליעבהאבער פון פרויען. (נאך א העלד פון א שפאנישען ראמאן).

סעליטרע (לאט.) — ז. סאלפעטער.

סעלען (לאט.) — כעמישער שטאף, לויט זיינע אייגענשאפטען עהנליך צום שוועבעל.

סעלענאגראפיע (גר.) — בעשרייבונג פון דער לבנה.

סעלעניט (גר.) — מין גיפס.

סעלענע (גר.) — לבנה, געטין פון דער לבנה.

סעלעקטע (לאט.) — העכסטע קלאס אין שולען פון דייטשלאנד.

סעלפאקטאר (ענג.) — מאשין, וועלכע שפינט אליין.

סעלפגאווערנמענט (ענגל.) — זעלבסטפערוואלטונג, אוי־טאנאמיע פון די ענגלישע קאלאניעס.

סעמאפאר (גר.) — הויכע קרעצער נעבען ים, פון וועלכע עס ווערען געגעבען סיגנאלען די דורכ־געהענדע שיפען.

סעמיאלאגיע (גר.) — לעהרע וועגען די סמנים פון קראנקהייטען.

סעמיט — ווער עס געהערט צו איינעם פון די פעלקער, וועלכע קומען ארויס (לויט דעם תנ"ך) פון נח'ס זוהן שם און האבען בעוואהנט די לענדער פון פאדער־אזיען.

סעמיטישע שפראכען — שפרא־כען, אין וועלכע עס רעדען (און האבען גערעדט) די סעמיטישע פעלקער (העברעאיש, אראביש, אשורית, סורית א. ד. גל.).

סעמילאר (לאט.) — לעגירונג פון צינק מיט גאלד.

סעמינאר (לאט.) — שולע פארצו־בריימען לעהרער און גייסט־ליכע.

סעמינאריסט (לאט.) — תלמיד פון א סעמינאר.

סעמעסטער (לאט.) — זמן, האלב־יאהר, אייגענטליך די צייט פון האלבען יאהר, אין וועלכער עס ווערט געלערענט אין שולען.

סעמפליטשע (איט.) — פשוט, אהן סלסולים (אין דער מוזיק).

סען (פר.) — הייליג (קומט פאר אלס בעשטאנדטייל אין פיעל גע־אגראפישע נעמען).

סענאט (לאט.) — 1) ראטה פון עלטס־טע, העכסטע פערוואל־טונגס־אינסטאנץ אין פארצייטיגען רוים.

2) ראַטהה פון אַ מדינה, שטאָדט אָדער אונוווערזיטעט (אין מערב־אייראָפּאַ).
3) העכסטע נעריכטס־אונסטאַנץ אין רוסלאַנד.

**סענטיאַבר** — רוסישער נאָמען פון סעפּטעמבער.

**סענטימענט** (פר.) — נעפיהל.

**סענטימענטאַל** (פר.) — לויט די נעפיהלען; כדי צו ווירקען אויף די מענשליכע נעפיהלען.

**סענטענץ** (לאַט.) — קלוגער שפּרוך.

**סעניאָר** (שפּאַנ.) — העדר.

**סעניאָר** (לאַט.) — דער עלטערער.

**סעניאָרע** (שפּאַנ.) – הערינטע, דאַמע.

**סעניער** (פר.) — גרויסער העדר.

**סענסאַציאָנעל** (לאַט.) — וואָס איז פּועל מיט סענסאַציעס, וואָס עס מאַכט אַנ׳איינדרוק.

**סענסאַציע** (לאַט.) — איינדרוק, ידיעה, וועלכע מאַכט אַ גרויסען רושם.

**סענסואַל** (ראַט.) — וואָס מען פיהלט מיט די חושים.

**סענסואַליזמוס** (לאַט.) – 1) לעהרע, דאָס אַלע מענשליכע פאָרשטעללונגען האָבען זייער גרונד אין דעם איינדרוק אויף די חושים. 2) גראָבקייט, נייגונג צו נעהן נאָך דעם פערלאַנג פון די חושים.

**סענסואַליסט** (לאַט.) – 1) אָנהענגער פון דעם סענסואַליזמוס (אין פילאָזאָפישען זינען). 2) גראָבער, מגושמ׳דיגער מענש, וועלכער געהט־

נאָך דעם פערלאַנג פון זיינע חושים.

**סענסוס, סענס** (לאַט.) — נעפיהל, חוש, זינען.

**סענעס־בלעטער** — בלעטלעך פון אַ אַפריקאַנישׁ בוימעל, דינען אַלס אָבפיהרונגס־מיטעל.

**סענעשאַל** (פר.) – הויף־פערוואַלטער פון די פראַנצויזישע קעניגען.

**סעסיע** (לאַט.) – 1) זיצונג. 2) צייט, אין וועלכער עס ווערען אָבגעהאַלטען זיצונגען.

**סעפּאַראַט** — בעזונדער, אָבגעזונדערט.

**סעפּאַראַטיזמוס** (לאַט.) — שטרע־בונג זיך אָבצוזונדערען פון דעם פּאָליטישען אַלגעמיינעם לעבען, אָדער פון דער הערשענדער רעליגיע.

**סעפּאַראַטיסט** (לאַט.) – 1) פּורש מן הצבור, ווער עס טהילט זיך אָב פון דער הערשענדער רעליגיע, זונדערט זיך אָב פון פּאָליטישען לעבען א. ד. גל. 2) אין גאַליציע – יודישע סאָציאַלדעמאָקראַטען, וועלכע זענען אַרויס פון די פּפּ״ס, כדי צו קענען פערשפּרייטען דעם סאָציאַליזמוס אין יודישען צווישען די יודען.

**סעפּאַראַציע** (לאַט.) — אָבשיידונג, אָבטיילונג.

**סעפּטואַגינטאַ** (גר.) — תרגום השבעים, די ערשטע איבער־זעצונג פון די תורה אין גריעכישען, וועלכע איז געמאַכט געוואָרען, לויט די הגדה, דורך 70 זקנים.

**סעפּטימע** (לאט.) — זיבענטער טאָן פון גרונד-טאָן.

**סעפּטיש** (גריכ.) — פון וואָס עס פוילט עפּעס אין אַ קערפּער פון אַ לעבענדיגען אָרגאַניזמוס.

**סעפּטעט** (לאט.) – מוזיקאַלישׁ ווערק פאַר 7 שטימען אָדער אינ־סטרומענטען.

**סעפּטעמבער** (לאט.) – ניינטער חודש (אַמאָל דער זיבענטער) פון קריסטליכען יאָהר.

**סעפּיאַ** (גר.) — טונקעלברוינע פאַרב פון די שווארצע פליסיגקייט פון אַ מין ים-פיש, וועלכער הייסט אויך סעפּיאַ.

**סעצירען** (לאט.) – צושניידען, עפענען פגרים (טויטע קערפּער).

**סעצעסיאָניסטען** (לאט.) – זיך אָב־זונדערענדע; אָנהענגער פון דער סעצעסיע אין ליטעראַטור און קונסט.

**סעצעסיע** (לאט.) — אָבזונדערונג, פאַראַנאַנדטיילונג, מאָדער־ניסטישע שטרעמונג אין דער ליטע־ראַטור און קונסט.

**סעקאַ** (איט.) – טרוקען.

**סעקאַנטע** (לאט.) — שניטליניע: 1) גלייכע ליניע, וועלכע שניידט דורך אַ קרומע. 2) ליניע, וועלכע געהט פון אַ קרייזצענטער דורכ'ן קרייז ביז צו דער טאַנגענטע פון דעם זעלבען קרייז.

**סעקוועסטער** (לאט.) – אַרעסט אויף זאַכען, וואָס איז אַ ספק, צו וועמען זיי דאַרפען געהערען, אָדער צוליעב אַ חוב פון זייער בעל-הבית.

**סעקולאַריזאַציע** (לאט.) — פער־וואַנדלונג פון קירכען-גיטער אין מדינה'שע.

**סעקולאַרפייער** (לאט.-דייטש) – יום-טוב לכבוד אַ געשעהעניש, וועלכעס קומט פאַר איינמאָל אין הונ־דערט יאָהר.

**סעקונדאַ** (לאט.) – צווייטענס.

**סעקונדאַנט** (לאט.) — עדות ביי אַ דועל.

**סעקונדע** (לאט.) – 1) זעכציגסטעל מינוט אָדער גראַד. 2) צווייטע פידעל אָדער סטרונע. 3) צווייטע נאָטען-שטופע.

**סעקונדע-וועקסעל** — צווייטער עקזעמפּלאַר פון אַ וועקסעל.

**סעקוראַציע** (לאט.) – פערזיכערונג.

**סעקורירען** (לאט.) --- פערזיכערען (פון אַ אונגליקספאַל, שרפה א. ד. גל.).

**סעקט** (שפּאַנ.) — פערשידענע מינים פון שטאַרקען שפּאַנישען וויין.

**סעקטאָר** (לאט.) – חלק פון אַ קרייז, בעגרענצט מיט אַ קרייז־בויגען און 2 ראַדיוסען.

**סעקטע** (לאט.) — פעראייניגונג פון מענשען, וועלכע האָבען גלייכע רעליגיעזע אָדער מאָראַלישע אַנשויאונגען, וועלכע שטעהען און

נגענגזאַץ צו די פּון דער מעהרהייט.

**סעקסואַל** (לאַט.) — וואָס איז נוגע דעם געשלעכט (מין).

**סעקסואַליזמוס** (לאַט.) — געשלעכטס-לעבען, פּעראייניגונג פון אַ זכר מיט אַ נקבה.

**סעקסטאָל** (איט.) — מוזיקאַלישעס צייכען, דאָס מען זאָל די הויפּטנאָטע טיילען אין 6 נאָטען.

**סעקסטאַנט** (לאַט.) — אַסטראָנאָמישער אינסטרומענט, צו בעשטימען אויפ'ן ים די געאָגראַפישע לענג און ברייט.

**סעקסטע** (לאַט.) — זעקסטער טאָן אין דער מוזיק.

**סעקסטעט** (לאַט.) — מוזיקאַלישע ווערק פאַר 6 אינסטרומענטען אָדער 6 שטימען.

**סעקרעטאַר** (לאַט.) — 1) הויפּט-שרייבער און פּערוואַלטער פון אַלע שריפטליכע אַנגעלעגענהייטען און אַ קאַנצעלאַריע. 2) פּערטרויטער שרייבער פון אַ פּריוואַט-פּערזאָן.

**סעקרעטאַריאַט** (לאַט.)— 1) שטעלע פון אַ סעקרעטאַר. 2) שרייב-צימער, קאַנצעלאַריע.

**סעקציע** (לאַט.) — 1) צערשניידונג פון פּגרים. 2) אָבטיילונג.

**סעקרעט** (לאַט.) — געהיים, בסוד.

**סער** (ענגל.) — הערר, טיטעל פון ענגלישען מיטעלען אַדעל.

**סעראַי** (טור.) — פּאַלאַץ פון טערקישען סולטאַן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

**סעראַסקיר** (טור.) — טערקישער קריעגס-מיניסטער.

**סערוויז** (פר.) — שען טיש-געשיר.

**סערוויטוט** (לאַט.) — רעכט צו גענוסען פון אַ פרעמד אייגענטום לויט אַן אָבמאַך מיט דעם אייגענטימער.

**סערווירען** (פר.) — דערלאַנגען צום טיש.

**סערוועטע** (פר.) — קליין טישטיכעל (צו די טעלער און דאָס מויל ביים עסען).

**סערזשאַנט** (פר.) — עלטערער אונטער-אָפיציער.

**סעריאָ** (איט.) — אין דער אמת'ן, ערנסט.

**סעריע** (לאַט.) — 1) רייהע, אָבטיילונג פון זאַכען אין אַ געוויסער אָרדנונג. 2) רוסישע פּראָצענט-פּאַפּירען.

**סערענאַדע** (איט.) — נאַכט-מוזיק, נאַכט-ליעד.

**סערפּענט** (לאַט.) — מין טראָמפּייטער, מוזיקאַלישער אינסטרומענט.

**סערפּענטין** (לאַט.) — גרינער אָדער ברוינליכער פעלזענשטיין.

**סערקעל** (פר.) — קרייז, געזעלשאַפטס-קרייז, פּעראיין.

**ספּאַזמאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען קראַמפּף.

**ספּאַזמע** (גר.) — קראַמפּף.

**ספּאַליום** (לאַט.) — רויב, וועלכעס ווערט צוגענומען ביים שונא אין אַ מלחמה.

**ספּאַנדייום** (גר.) — פֿערזפֿוס פֿון 2 לאַנגע זילבען.

**ספּאָנטאַן** (לאַט.) — פֿרייוויליג, פֿון זיך אַליין.

**ספּאָראַדיש** (גר.) — צושפּרייט, איינצעלן.

**ספּאָרט** (ענגל.) — פֿערשידענע איבונגען אויף דער פֿרייער לופֿט, ווי: רייטען, וועלאָסיפּעד-פֿאָהרען, יאַגד א. ד. גל.

**ספּאָרטסמען** (ענגל.) – ליעבהאָבער פֿון ספּאָרט.

**ספּיאַנאַטאָ** (איט.) — איינפֿאַך.

**ספּיטש** (ענגל.) – רעדע.

**ספּינעל** (פֿר.) — רויטער עדעלשטיין.

**ספּיקאַטאָ** (איט.) – דייטליך, קלאָר.

**ספּיקער** (ענגל.) — רעדנער, פֿאָרזיצענדער פֿון ענגלישען אונטער-הויז.

**ספּיראַלע** (גר.) – ליניע, וועלכע איז געדרעהט ווי דער גאַנג ביי אַ שרויף.

**ספּיריטאָ** (איט.) — מיט הייץ (אין דער מוזיק).

**ספּיריטואַליזמוס** (לאַט.) — פֿילאָזאָפֿישע לעהרע, דאָס אַלע נאַטור-ערשיינונגען האָבען זייער ערשטען גרונד אין דעם גייסטיגען לעבען פֿון די נאַטור-זאַכען.

**ספּיריטום אָדער ספּירט** (לאַט.) – 1) גייסט, אָטעם. 2) אַלקאָהאָל.

**ספּיריטיזמוס** (לאַט.) – לעהרע וועגען ערשיינען פֿון רוחות; גלויבען אין מעגליכקייט צו קומען אין פֿערבינדונג מיט רוחות מיט דער הילף פֿון פֿערשידענע מיטלען.

**ספּיריטיסט** (לאַט.) – ווער עס גלויבט אין ספּיריטיזמוס אָדער בעשעפֿטיגט זיך דאַמיט.

**ספּלין** (ענגל.) – מין היפּאָכאָנדריע אָדער מרה-שחורה.

**ספּעדיטאָר** (איט.) — ווער עס בעשעפֿטיגט זיך מיט אַוועקשיקען סחורה.

**ספּעדיציאָנס-געשעפֿט אָדער קאָנטאָר** – קאָנטאָר, וועלכעס בעשעפֿטיגט זיך מיט ספּעדירען סחורה.

**ספּעדירען** (איט.) — שיקען, איבערפֿיהרען סחורה.

**ספּעציאַליזירען** (לאַט.) – בעזונדער בעצייכנען עפּעס, אָבטיילען עפּעס.

**ספּעציאַליטעט** (לאַט.) – בעשעפֿטיגונג מיט אַ בעזונדערען פֿאַך, אַרבייט אָדער וויסענשאַפֿט.

**ספּעציאַליסט** (לאַט.) — מומחה, געניטער אין אַ בעזונדערען פֿאַך אָדער וויסענשאַפֿט; דאָקטאָר פֿון איינערליי קראַנקהייט.

**ספּעציעל** (לאַט.) – בעזונדער, איינצעלן, וואָס געהערט נאָר צו איין פֿאַך, וויסענשאַפֿט אָדער פֿראַגע.

**ספּעציפֿיצירען** (לאַט.) יעדעס בע-

זונדער בעצייכנען, אָנרופען יעדען פּרט .

**ספּעציפיקאַציע** (לאַט.) — בעצייכנונג, אויספאָרשונג פון אַלע פּרטים פון אַ זאַך .

**ספּעציפיש** (לאַט.) — אייגענטימליך, געהעריג צו איין בעזונדערען פּרט .

**ספּעציפישגעוויכט** — געוויכט (אין גראַמען) פון איין קובישען סאַנטימעטער פון אַ בעשטימטען שטאָף .

**ספּעציפישע וואַרימקייט** — די צאָהל קאַלאָריען (ז. ד.), וועלכע איז נויטיג צוצופיהרען אַ גראַם פון דעם געגעבענעם שטאָף, כדי צו פערגרעסערען זיין טעמפּעראַטור אויף איין צעלזיוס-גראַד .

**ספּעקטאַטאָר** (לאַט.) — צושויער .

**ספּעקטאַקעל** (לאַט.) — טעאַטער-פאָרשטעלונג .

**ספּעקטראַלאַנאַליזע** (לאַט.-גר.) — אַנאַליזע פון שטאָפען מיט דער הילף פון זייער ספּעקטרום ; זי איז געגרינדעט אויף דער אייגענשאַפט, דאָס דאָס ספּעקטרום (ז. ד.) פון יעדען חעמישען עלעמענט האָט אַנדערע אייגענטימליכע פאַרבען און פאַרבען-ליניען, און דעריבער קאָן מען לויט דאָס ספּעקטרום פון אַ אָנגעצונדענעם שטאָף דערקענען, פון וועלכע חעמישע עלעמענטען ער בעשטעהט .

**ספּעקטראָסקאָפּ** (לאַט.-גר.) — אַפּאַראַט צו בעאָבאַכטען אַ ספּעקטרום .

**ספּעקטרום** (לאַט.) — פאַרבענבילד : פערשידענע פאַרבען און ליניען, וועלכע מען קריגט, ווען מען לאָזט-דורך אַ ליכט-שטראַהל דורך אַ פּריזמע (צב"ש אַ גראָב קאַנטיג שטיק גלאָז אָדער קריסטאַל) .

**ספּערמאַ** (גר.) — זאַמען, זרע .

**ספּאַרצאַנדאָ** (איט.) — פּלוצלינג שטאַרק (אין דער מוזיק) .

**ספינקס** (גר.) — 1) ביי די מצרים אַ שטיינערנע פיגור פון אַ רוהענדען לייב מיט אַ מענשען-קאָפּ, אַלס סימבאָל פון חכמה און גבורה . 2) אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע — אַ שרעקליך בעשעפעניש מיט אַ פּנים און ברוסט פון אַ יונגע פרוי, קערפּער און פיס פון אַ לייב און פליגעל פון אַ פויגעל, וועלכעס פלעגט יעדען דורכגעהער פאַרלעגען רעטענישען און איהם צורייסען אויף שטיקער, אויב ער פלעגט זיי נישט טרעפען .

**ספעראָיד** (גר.) — צו אַ קוגעל (קויל) עהנליכער קערפּער .

**ספעריש** (גר.) — קוגעל-פאָרמיג .

**ספערע** (גר.) — 1) קוגעל, קויל. 2) ווירקונגס-קרייז, געזעלשאַפטס-קרייז.

**סצילע און חאַריבדע** — געפעהרליכער פעלזען און אַ וואַסערקעסעל, איינער נעגען דעם אַנדערען, ביים אַריינפאָהר און שמאָלען ים-פּאַס נעבען סיציליען, וועלכע זענען געוועזען זעהר געפעהרליך פאַר די פאַרצייטיגע ים-רייזענדע .

**סצענאָגראַפיע** (גר.) — 1) סצענע־דעקאָראַציע, סצענע־מאַלע־ריי. 2) פּערספּעקטיווע בילד.

**סצעניש** (גר.) — וואָס געהערט צו דער סצענע, ווי עס קומט פאָר אויף אַ סצענע.

**סצענע** (גר.) — 1) אָבטיילונג אין טעאַ־טער, וואו עס ווערט געגע־בען די פאָרשטעלונג. 2) פאָרשטעלונג. 3) זעלטען געשעהעניש. 4) טייל פון אַ אַקט אין אַ פּיעסע.

**סצעפּטער** (גר.) — שרביט־המלוכה, גאָלדענע רוט, וועלכע אַ קעניג האַלט אַלס צייכען פון זיין מאַכט.

**סקאָטאָדיניע** (גר.) — שוואַרץ־ווערען און שווינדלען פאַר די אויגען.

**סקאָטאַזמאַ** (גר.) — שוואַרץ־ווערען פאַר די אויגען.

**סקאַטולע** (לאַט.) — קעסטעל צו געלד, צו וויכטיגע פּאַפּיערען.

**סקאַלד** (נאָרוועג.) — סקאַנדינאַווישער פּאָעט.

**סקאָליאָזיס** (גר.) — אויסקרימונג פון די פּלייצע אויף איין זייט.

**סקאָליען** (גר.) — טיש־ליעדער (זמירות) ביי די פאַרצייטיגע גריכען.

**סקאַלע** (איט.) — לייטער: 1) ברעטעל ביי טערמאָמעטערס, באַראָ־מעטערס און ענליכע אינסטרומענטען, אויף וועלכען עס זענען אויפגעצייכענט די גראַדען. 2) רייהע פון מוזיקאַלישע טענער אין זייער נאַטירליכער אָרדנונג.

**סקאַלפּ** (ענגל.) — אָבגעצויגענע הויט פון קאָפּ.

**סקאַלפּירען** (ענגל.) — אַראָבציהען די הויט פון קאָפּ.

**סקאַלפּעל** (ענגל.) חירורגיש מעסער.

**סקאַנדאַל** (לאַט.) — לאַרם, רעש, מאוס׳ע מעשה.

**סקאַנדאַליסט** (לאַט.) — מענש, וועלכער מאַכט סקאַנדאַלען.

**סקאַנדאַלירען** (לאַט.) — מאַכען סקאַנדאַלען, שרייען, זידלען.

**סקאַנדירען** (לאַט.) — לעזען שירים לויט די כללים פון דער מעטריק.

**סקאַפּוליער** (לאַט.) — מין מאַנטעל אָהן אַרבעל פון קאַטוילישע גייסטליכע.

**סקאַפּינאָ** (איט.) — לאַקיי אין איי־טאַליענישע קאָמעדיעס.

**סקאַפּאַנדער** (גר.) — שווים־פּאַסעק פון פּראָפּען־האָלץ.

**סקאָראָדיט** (גר.) — מין גרינער מי־נעראַל (אַרסענזויערעס אייזענ־אָקסידול).

**סקאַראַמוטשאַ** (איט.) — קאָמישע ראָלע און איטאַליענישע קאָמעדיעס.

**סקאָרבוט** (ענגל.) — קרענק, וועלכע באַשטעהט אין פוילונג פון פלייש.

**סקאַרלאַטינע** (לאַט.) — שאַרלאַך, אָנשטעקענדע קינדער־קראַנק־הייט.

**סקאָרסאָ** (איט.) — פֿאַר דעם פֿערגאַנגענעם חודש (אין דער בוכהאַלטעריע).

**סקאָרפּיאָן** (גר.) — 1) שרץ מיט אַכט פֿיס און אַ גיפֿטיגען שטעכער. 2) שטערען־בילד אויפ׳ן הימעל.

**סקוואַ** (ענגל.) — אינדיאַנערין.

**סקוואָטער** (ענגל.) — ווער עס בעזעצט זיך אויף די אונבעאַרבייטעטע טעריטאָריעס אין נאָרד־אַמעריקע.

**סקווער** (ענגל.) — פֿירעק, קליינער בעפֿלאַנצטער פּלאַץ אין מיטען שטאָדט.

**סקולפּטאָר** (לאַט.) — בילד־שניצער.

**סקולפּטור** (לאַט.) — קונסט צו שניצען און אויסאַרבייטען רעליעף־בילדער און סטאַטוען.

**סקונק** — מין שטינקענדיג בעשעפֿעניש.

**סקופּשטינאַ** (סערב.) — פֿערזאַמלונג פֿון פֿאָלקס־פֿערטרעטער אין סערביען.

**סקיאַגראַפֿיע** (גר.) — שאָטען־צייכנונג.

**סקיטען** — פֿאַרצייטיג נאָמאַדען־פֿאָלק נעבען שוואַרצען ים.

**סקיצירען** (איט.) — קורץ, און אין איילעניש בעשרייבען, צייכנען.

**סקיצע** (איט.) — אין איילעניש געשילדערטעס אָדער געמאָלטעס בילד.

**סקיראָז** (גר.) — פֿערהאַרטונג פֿון אַ אָרט אויפ׳ן קערפּער, וואו עס קומט דערנאָך אַרויס אַ קרעבס.

**סקלאַווע** (לאַט.) — מענש, וועלכער געהערט אַלס אייגענטום אַן אַנדערען, וועלכער קען איהם פֿערקויפֿען און איבערהויפּט בעגעהן זיך מיט איהם, ווי מיט אַ טויטע זאַך אָדער אַ שטוב־חיה.

**סקלעראָטיק** (גר.) — האַרטע הויט פֿון אויג.

**סקלעריאַזיס** (גר.) — הויטפֿערהאַרטונג.

**סקלעריטיס** (גר.) — ענטצינדונג פֿון די האָרנהויט פֿון אויג.

**סקעלעט** (גר.) — קערפּער־געביידע פֿון אַ מענש אָדער אַן אַנדער לעבענדיג בעשעפֿעניש, וועלכע בעשטעהט פֿון די בלויזע ביינער.

**סקעפּטיציזמוס, סקעפּטיק** (גר.) פֿילאָזאָפֿיע, וועלכע פֿערהאַלט זיך מיט ספק און אָהן צוטרוי צו אַלע פֿילאָזאָפֿישע דאָגמען און מיינונגען. 2) נייגונגען צום איבעריגען צווייפֿלען.

**סקעפּטיקער** (גר.) — אָנהענגער פֿון סקעפּטיציזמוס.

**סקעפּטיש** (גר.) — מיט ספק, אָהן צוטרוי.

**סקעפּסיס** (גר.) — ספק (איבערהויפּט אין דער פֿילאָזאָפֿיע).

**סקראָפֿעלען** (לאַט.) — געשווילעכץ פֿון די בלוט־קיילעכלעך.

**סקרוטאַטאָרען** (איט.) — מיטגליעדער פֿון דער וואַהל-קאָמיסיע, וועלכע צעהלען די שטימען (ביי די וואַהל פֿון אַ פּאַפּסט).

**סקרוטיניום** (איט.) — וואַהל דורך שטים-צעטעל אָדער קוילעכלעך.

**סקרופֿעל** (לאַט.) — אַפּטייקער-געוויכט, 20 גראַן.

## ע.

**עאָל'ס האַרפֿע** — האַרפֿע, וועלכע שפּיעלט, ווען דער ווינד בלאָזט. (עאָל איז געוועזן דער גאָט פֿון די ווינדען ביי די רוימער).

**עבּאָניט** (גר.) — האַרטער, שוואַרצער קויטשוק.

**עגאָ** (לאַט.) — איך.

**עגאָיזמוס** (לאַט.) — זיך-ליעבע, דאגה נאָר פֿאַר אייגענע אינטערעסען, ווען זאָגאַר אויפֿ'ן שאָדען פֿון אַנדערע.

**עגאָיסט** (לאַט.) - ווער עס האָט נאָר זיך ליעב.

**עגאָיסטיש** (לאַט.) — לויט דעם עגאָיזמוס, ווי עס פֿיהרט זיך אַנ'עגאָיסט.

**עגאַל** (פֿר.) - גלייך, גלייכגילטיג.

**עגאַליטע** (פֿר.) - גלייכהייט.

**עגידע** (גר.) — שילד (מגן), שוץ, שירם.

**עדדאַ** (עלטערבאָבע) - זאַמעלבוך פֿון סקאַנדינאַווישע לעגענדען.

**עדוקאַציע** (לאַט.) - ערציהונג, חנוך.

**עדיטאָר** (לאַט.) - אַרויסגעבער פֿון ליטעראַרישע ווערק:

**עדיקט** (לאַט.) - רעגירונגס-בעפֿעהל.

**עוואָלוציע** (לאַט.) — ענטוויקלונג.

**עוואַנגעליום** (גר.) - ברית חדשה, הייליג בוך פֿון די קריסטען, אין וועלכען עס ווערט ערצעהלט וועגען דעם לעבען און מעשים פֿון ישו הנוצרי.

**עוואַפּאָראַציע** (לאַט.) - פֿערדאַמפּפֿונג, דאָס פֿערוואַנדלען פֿון אַ פֿליסיגקייט אין דאַמפּף.

**עוואַקואירען** (לאַט.) — אויסרוימען, אַרויס'פּטר'ן (פֿרעמד מיליטער פֿון אַ לאַנד).

**עוואַקואַציע** (לאַט.) — אויסרוימונג, אַרויס'פּטר'ונג (איבערהויפּט פֿרעמד מיליטער פֿון אַ לאַנד, וועלכע זיי האָבען פֿערנומען נאָך אַ מלחמה אויף אַ צייט).

**עוודיאָמעטער** (גר.) - אינסטרומענט צו בעשטימען דאָס געהאַלט פֿון זויערשטאָף אין דער לופֿט.

**עודעמאָניזמוס** (גר.) — לעהרע וועגען דעם, דאָס דער ציעל פֿונ'ם מענשליכען לעבען איז צו ערגרייכען וואָס מעהר גליק.

**עווטערפּע** (גר.) — מוזע פֿון מוזיק.

**עווידענט** (לאַט.) — בעשיינפּערליך, צפֿענבאַר.

**עֶוויוואַ** (איט.) – זאָל לעבען! וויוואַט!

**עֶוונוך** (גר.) – אויסגעשניטענער, קריס.

**עֶוועֶנטואַליטעט** (לאַט.) – מעגליכער פאַל.

**עֶוועֶנטועל** (לאַט.) – ביי אַ מעגליכקייט, ווען עס קאָן אויסקומען.

**עֶוריטמיע** (גר.) – שענע בעוועגונג אין טאַנץ, שפּראַך, מוזיק א. ד. גל.

**עֶזאָטעריש** (גר.) – געהיימע לעהרע, וועלכע ווערט איבערגעגעבען בסוד נאָר אַזאָלכע, וואָס זענען זוכה דערצו.

**עֶטאַבלירען** (פר.) — איינאָרדנען, גרינדען.

**עֶטאַזש** (פר.) — שטאָק.

**עֶטאַזשערקע** (פר.) — קליין אָפען שענקעל צו ביכער אָדער געפעס.

**עֶטאַט** (פר.) — 1) ליסטע פון הוצאות און הכנסות. 2) ספּעציעלע שטייער אויף אויסצוהאַלטען בעזונדערע אנשטאַלטען.

**עֶטאַלאָן** (פר.) — נאָרמאַל־מאָס, נאָרמאַל־געוויכט, וועלכעס דיענט אַלס מוסטער נאָכצומאַכען דערפון מאָסען אָדער געוויכטער.

**עֶטאַמין** (פר.) — גלאַטער, פיינער וואָלען־שטאָף.

**עֶטאַפּ** (פר.) — 1) סטאַנציע, וואו עס געפינט זיך פּראָוויאַנט פאַר פאַרבייגעהענדיגע מיליטער. 2) נאַכט־לעגער פאַר מיליטער אָדער פאַרעסטאַנטען. 3) סטאַנציע, וואו עס שטעלען זיך אָב פּאַרטייען פון פערשיקטע אָדער מען שיקט זיי פון דאָרט ווייטער.

**עֶטיאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע פון די סבות, איבערהויפּט פון קראַנקהייטען.

**עֶטימאָלאָג** (גר.) — וואָרט־פאָרשער.

**עֶטימאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען בוי, בילדונג, צוזאַמענשטעלונג און ענדערונגען פון איינצעלנע ווערטער.

**עֶטימאָלאָגיש** (גר.) – וואָס איז שייך די עֶטימאָלאָגיע.

**עֶטיק** (גר.) — לעהרע וועגען מאָראַל, זיטען־לעהרע, תורת המוסר.

**עֶטיקעט** (פר.) — 1) צעטעל מיט אַן אויפשריפט וועגען דעם נאָמען און דעם פּרייז פון אַ סחורה. 2) העפליכקייטען און צערעמאָניעס, וועלכע ווערען אָבגעהיט ביים פערקעהר צווישען מענשען און איבערהויפּט אין דער הויכער געזעלשאַפט, אין הויף און דיפּלאָמאַטישע קרייזען.

**עֶטיש** (גר.) — לויט די פאָדערונגען פון דער עֶטיק.

**עֶטנאָגראַפיע** (גר.) — פעלקער־בעשרייבונג.

**עֶטנאָגראַפיש** (גר.) — לויט די בעשרייבונג פון די פעלקער.

**עֶטנאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען די פעלקער, זייער אַרויסקומען, לעבען און זיטען.

**עטניציזמוס** (גר.) — געטצען-דינערײַ.

**עטעזיען** — צפון-ווינדען אויפ'ן מיטעל-לענדישען ים.

**עטער** (גר.) — 1) פײַנסטער שטאָף, וועלכער פיהלט אָן דעם גאַנצען מרחב פון דער וועלט. 2) זעהר לײַכטע, ברענבאַרע פליסיגקײַט. וועלכע פערדאַמפפט געשווינד אין דער לופט.

**עיאַלעט אָדער ווילאַיעט** (טור.) — טערקישע פראָווינץ, מין גו-בערניע אין טערקײַ.

**עכאָ** (גר.) — אָבקלאַנג, ווידער-קול.

**עכאָמעטער** (גר.) — אינסטרומענט צו מעסטען דאָס קול.

**עכין** (לאַט.) — מין ים-חיה.

**עלאַטעראָמעטער** (גר.) — אינסטרו-מענט צו מעסטען די עלאַס-טיציטעט פון גאַזען און דאַמפפען.

**עלאָנגאַציע** (לאַט.) — פערלענגערונג: 1) אָבשטאַנד פון דער ווײַ-טעסטער בעוועגונגסלאַגע פון אַ אומרוה פון זײַן רוהלאַגע. 2) אָבשטאַנד פון אַ פלאַנעט פון דער זון.

**עלאַסטיציטעט** (לאַט.) — פעדער-קראַפט, ד. ה. אײַנגעשאַפט זיך אויסצוציהען, זיך אײַנצודריקען א. ד. ג. און דערנאָך אָנצונעהמען די פריהערע פאָרם.

**עלאַסטיק** (לאַט.) — באַנד פון גומי אָדער קויטשוק.

**עלאַסטיש** (איט.) — בייגזאַם, וואָס קאָן זיך ציהען, צוזאַמענ-דריקען א. ד. גל..

**עלאָקווענט** (לאַט.) — בעגאַבט מיט רעדעקראַפט.

**עלאָקווענץ** (לאַט.) — רעדעקראַפט.

**עלדאָראַדאָ** (שפאַנ.) — דאָס גאָל-דענע לאַנד, גליקליך לאַנד, גן-עדן התחתון; נאָמען פון פערשידענע פערווײַלונגס-הײַזער.

**עליזיום** (גר.) — גריכישער גן-עדן.

**עליזיע** (לאַט.) — אַרויסלאָזונג פון אַ אות אין אַ וואָרט.

**עליזישע פעלדער** — שטאָדט-טהײַל אין פאַריז.

**עליטע** (פר.) — אויסגעוועהלטע, יחידי סגולה, די בעסטע געזעל-שאַפט.

**עלימינאַציע** (לאַט.) — אויסשליסונג, אַרויסוואַרפונג.

**עלימינירען** (לאַט.) — אויסשליסען, אַרויסוואַרפען.

**עליפסע** (גר.) — געשלאָסענע קרומע ליניע.

**עליקסיר** (לאַט.) — אויפלעזונג פון מעדיצין-מיטלען אין שפי-ריטוס.

**עלעגאַנט** (פר.) — געשמאַקפאָל, פײַן.

**עלעגאַנץ** (פר.) — פײַנהײַט, מיט גוטען געשמאַק.

**עלעגיע** (גר.) — קלאָגליעד, טרויער-ליעד.

**עלעוואַטאָר** (לאַט.) — אויפהייבער. אַפּאַראַט צום אַרויפציהען משא.

**עלעמענט** (לאַט.) — יסוד; 1) אײַנ-פאַכסטער שטאָף (אין דער

חעמיע). 2) פּשוט'ער בעשטאַנד=טייל. 3) גרונדלאַגע, ערשטע נויטיגע ידיעות.

**עלעמענטאַר=שולע** — אָנפאַנגס=שולע, פאָלקס=שולע.

**עלעפאַנטיאַזיס** (גר.) — קראַנקהייט, ביי וועלכער די הויט ווערט דיק און האַרט, ווי ביי אַן עלעפאַנט.

**עלעקטאָר** (לאַט.) — וועהלער, טיטול פון די קורפירשטען און פאַר=צייטיגען דייטשלאַנד, וועלכע האָבען געהאַט דאָס רעכט זיך צו בעטייליגען אין דער וואַהל פונ'ם קייזער.

**עלעקטאָראַלשאָף** — בעסטער סאָרט שאָף אין מערב=אייראָפּאַ.

**עלעקטראָדען** (גר.) — פרייע עקען (פּאָלען) ביי אַ גאַלוואַנישער באַטאַרעע.

**עלעקטראָחעמיע** (גר.) — מיינונג, דאָס די עלעקטרישע קראַפט איז דער גרונד פון אַלע חעמישע פערבינדונגען.

**עלעקטראָליזע** (גר.) — חעמישע צערלעגונג מיט דער הילף פונ'ם גאַלוואַנישען שטראָם.

**עלעקטראָמאַגנעטיזמוס** (גר.) — צוזאַמענהאַנג און געגענזייטיגער איינפלוס פון עלעקטריציטעט און מאַגנעטיזמוס.

**עלעקטראָמעטער** (גר.) — אינסטרומענט צו מעסטען די עלעקטריציטעטס=מענגע.

**עלעקטראָסקאָפּ** (גר.) — אינסטרומענט, וואָס מיט זיין הילף קאָן מען בעשטימען, אויב דער קערפּער האָט אין זיך עלעקטריציטעט.

**עלעקטראָפאָר** (גר.) — אַפּאַראַט אויף אָנצוזאַמלען עלעקטריציטעט אויף זיין אָבערפלעכע.

**עלעקטריזירען** (גר.) — ערוועקען עלעקטריציטעט, צופיהרען עלעקטריציטעט; בעגייסטערען, דער=היצען (מיט רייד).

**עלעקטריזירמאַשין** (גר.) — מאַשין צו ערוועקען אָדער צוצופיהרען עלעקטריציטעט.

**עלעקטריציטעט** (גר.) — איינגענשאַפט פון פערשידענע קערפּער זיך צוצוציהען אָדער אָבצושטויסען ביי געוויסע בעדינגונגען.

**עלעקטריקער** (גר.) — פיזיקער, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט עלעקטריציטעט.

**עלעקטריש** (גר.) — וואָס האָט עלעקטריציטעטס=איינגענשאַפטען, וואָס איז שייך צו עלעקטריציטעט.

**עמאַנאַציע** (לאַט.) — אויסשטרעמונג, אויספליסונג, איבערגאַנג.

**עמאַנציפּאַציע** (לאַט.) — בעפרייאונג פון אַפּוטראָפּסות; גלייכבערעכטיגונג.

**עמאַנציפּירען** (לאַט.) — מבטל זיין אַלע בעגרענצונגען; געבען פּאָליטישע און בירגערליכע רעכטע.

**עמאָציע** (לאַט.) — שטאַרקע אויפ=רעגונג.

**עמבלעם** (גר.) — בילד, וועלכעס שטעלט פאר א אידעע אדער א בעגריף.

**עמבלעמאטיש** (גר.) — בילדליך אויסגעדריקט.

**עמבריא** (גר.) — פרי בטן, פרוכט פון א לעבענדיג בעשעפעניש אין אנהויב פון איהר ענטוויקלונג.

**עמבריאלאגיע** (גר.) – לעהרע וועגען ענטוויקלונג פון פרוכטען פון לעבענדיגע בעשעפענישען.

**עמולסיע** (לאט.) – צו מילך עהנליכע פליסיגקייט, וועלכע איז פערארבייט פון א אייל מיט א נישט-פעטע פליסיגקייט.

**עמיגראנט** (לאט.) – אויסוואנדערער.

**עמיגראציע** (לאט.) — אויסוואנדערונג פון דער היים אין א פרעמד לאנד.

**עמיגרירען** (לאט.) – אויסוואנדערען.

**עמיטירען** (לאט.) — 1) ארויסשיקען. 2) ארויסלאזען אויפ'ן מארק (פראצענט-פאפירען, אקציעס).

**עמייל** (פר.) – 1) גלאזארטיגע מאסע צום בעדעקען פערשידענע מעטאל-געפעסען. 2) אויבערשט-גלאנצונגע שיכטע פון די ציין.

**עמינענט** (לאט.) – דערהויבען, אויסגעצייכענט.

**עמיסאר** (פר.) – שליח אויף אויסצופארשען עפעס בסוד.

**עמיר** (אראב.) — 1) פירשט און פיעל מחמד'נישע מדינות. 2) טיטול פון די נאכפאלגען (צאצאי) מחמד'ס.

**עמעטיק** (גר.) — ברעך-מיטעל.

**עמעטיק-וויין** — ברעך-וויין.

**עמעריט** (לאט.) — אויסגעדיענטער.

**עמעריטור** (לאט.) – פענסיע, וועלכע עס קריעגט אנ'אויסגעדינטער אדער די אלמנה און די יתומים פון געשטארבענע בעאמטע.

**עמפאריום** (לאט.) — וועלט-מארק, גרויסער האנדעלס-פלאץ.

**עמפיריע** (גר.) – ערפאהרונג, וויסען פון ערפאהרונג.

**עמפיריקער** (גר.) — געלעהרטער, וועלכער האלט נאר פון דער ערפאהרונג און פון די וויסענשאפטליכע זאצען, וועלכע זענען בעקאנט פון דער ערפאהרונג.

**עמפיריש** (גר.) — פון דער ערפאהרונג געגרינדעט, נישט טעארעטיש.

**עמפאזע** (גר.) – קראפט, נאכדרוק, שטארקע בעטאנונג.

**עמפאטיש** (גר.) — מיט נאכדרוק, מיט שטארקער בעטאנונג.

**עמפיזעם** (גר.) – ווינד-געשווילעכץ.

**ענארם** (לאט.) — אונגעהויער, איבער דער מאס.

**ענגליש זאלץ אדער ביטער-זאלץ** — א קריסטאלפארמיגעס זאלץ מיט א ביטער-געזאלצענעם טעם, וועלכעס צוגעהט לייכט אין וואסער; עס ווערט בענוצט אלס אבפיהרונגס-מיטעל.

**ענגלישע קרענק** — אַ קינדער-קראַנקהייט, וועלכע קומט פון שלעכטע נאַהרונג; די ביינער ווערען ווייך און אויסגעקרימט, דאָס פלייש ווערט אין פיעל ערטער געשוואָלען.

**ענדעמיע** (גר.) — קראַנקהייט, וועלכע הערשט אין אַ בעשטימטען אָרט אַ דאַנק די קלימאַטישע תנאים.

**ענדעמיש** (גר.) — וואָס עס געהערט צו אַ בעשטימט אָרט אָדער פאָלק.

**ענטאָזאָען** (גר.) — לעבענדיגע בעשעפענישען, וועלכע לעבען אין אַנדערע.

**ענטאָמאָלאָג** (גר.) — אינזעקטען-קענער.

**ענטאָמאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען אינזעקטען (פליגעלער).

**ענטוזיאַזמוס** (גר.) — גרעסטע בעגייסטערונג.

**ענטוזיאַזמירען** (גר.) — בעגייסטערען שטאַרק.

**ענטוזיאַסט** (גר.) — בעגייסטערטער, שטאַרקער פערעהרער.

**ענטוזיאַסטיש** (גר.) — מיט שטאַרקער התלהבות.

**ענערגיע** — 1) קראַפט, פעהיגקייט פון אַ קערפּער אויסצופיהרען אַנ'אַרבייט. 2) ווילענסקראַפט.

**ענערגיש** — שטאַרק, מעכטיג, אָהן מורא, מיט פלייס.

**ענציקלאָפּעדיסטען** (גר.) — פראַנצויזישע פילאָזאָפען און געלעהרטע אין 18-טען יאָהרהונדערט.

**ענציקלאָפּעדיע** (גר.) — זאַמעלבוך פון אַלע ידיעות פון וויסענשאַפט, קונסט, ליטעראַטור, מלאכות א. ד. גל. (געוועהנליך אין אַלפאַבעטישער אָרדנונג).

**ענציקליקע** (גר.) — צירקולאַר פון פּאַפּסט.

**ענקויסטיק** (גר.) — קונסט איינצוברענען מאַלערפאַרבען.

**עסטעטיק** (גר.) — לעהרע וועגען שענעם און געשמאַקפולען אין דער נאַטור און קונסט.

**עסטעטיקער** (גר.) — פילאָזאָף, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט עסטעטיק.

**עסטעטיש** (גר.) — מיט גוטען גע-שמאַק, וואָס עס מאַכט אַ אָנגענעהמען איינדרוק אויפ'ן געפיהל פון שענהייט.

**עסטראַדע** (פר.) — העכער אָרט אין אַ זאַל פאַר אַ קאַטעדרע, סצענע א. ד. גל.

**עסיי** (פר.) — ליטעראַרישער פערזוך, וויסענשאַפטליכע אָבהאַנדלונג.

**עסכאַטאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען דעם גורל פון די מענשען אויף יענער וועלט.

**עסענץ** (לאַט.) — 1) וועזען, תמצית. 2) עטערישעס אייל. 3) שטאַר-קע אויפלעזונג פון עפּעס אין אַלקאָהאָל.

**עספּאַדאָן** (פר.) — לאַנגער, שמאָלער שווערד, וועלכער איז שאַרף פון ביידע זייטען.

**עספּעראַנטאָ** — פון יודישען דאָקטאָר זאַמענהאָף און וואַרשא פערפאַסטע שפּראַך, וועלכע זאָל דיענען אלס אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך.

**עספּרעסיוואָ** (איט.) — מיט אויסדרוק (אין דער מוזיק).

**עסקאַדראָן** (פר.) — אָבטהיילונג פון מיליטער-רייטער (קאַוואַלעריע).

**עסקאַדרע** (פר.) — אָבטהיילונג פון קריעגס-שיפען.

**עסקאָרט** (פר.) — בעגלייטונג אויף צו היטען און וועג א פערזאָן אָדער א טראַנספּאָרט.

**עסקולאַפּ** (לאַט.) — גאָט פון מעדיצין.

**עפּאָכע** (גר.) — שטיק צייט אין דער געשיכטע, וועלכעס ווערט כאַראַקטעריזירט דורך דעם קולטורעלען צושטאַנד פון די מענשען דאַמאָלס א. ד. גל. (פעאָדאַלע עפּאָכע, בראָנז-עפּאָכע א. ז. וו.).

**עפּאָלעט** (פר.) — אַקסעל-פערפּוצונג פון מיליטער-לייט.

**עפּאָס, עפּאָפּעע** (גר.) — פּאָעטישע ערצעהלונג וועגען גבורות פון פאָלקס-העלדען.

**עפּאַרך** (גר.) — 1) בעפעהלהאַבער פון א פּראָווינץ. 2) בישאָף, וועלכער פערוואַלטעט איבער אַלע גייסטליכע אנגעלעגענהייטען פון א פּראָווינץ.

**עפּאַרכיע** (גר.) — פּראָווינץ, וועלכע ווערט פערוואַלטעט פון א עפּאַרך (איבערהויפּט אין גייסטליכע אַנגעלעגענהייטען).

**עפּיגאָנען** (גר.) — דער יונגערער דור, די נאָכקאָמען.

**עפּיגלאָטיס** (גר.) — האַרט דעקעל ביי דער קעהל.

**עפּיגראַם** (גר.) — קורצער אויפשריפט, קורצע סאַטירע.

**עפּיגראַף** (גר.) — קורצער אויפשריפט צו כאַראַקטעריזירען א פערזאָן אָדער א ווערק.

**עפּיגראַפיק** (גר.) — פאָרשונג וועגען אויפשריפטען אויף אַלטע מצבות.

**עפּידעמיע** (גר.) — אַנשטעקענדיגע קראַנקהייט.

**עפּידעמיש** (גר.) — אַנשטעקענדיג,

**עפּידערמיס** (גר.) — אויבערהויט פון'ם קערפּער.

**עפּיזאָד** (גר.) — געשעהעניש, איין בעזונדערער פאַקט צווישען פיעלע, איין קאַפּיטעל לעבען-געשיכטע פון א פערזאָן.

**עפּיטאַפיום** — אויפשריפט אויף א מצבה.

**עפּיטעט** (גר.) — צוגעלעגטער נאָמען.

**עפּילאָג** (גר.) — שלוס-רעדע, שלוס-קאַפּיטעל אין א ווערק, סוף מעשה.

**עפּילעפּטיקער** (גר.) — קראַנקער אויף עפּילעפּסיע.

**עפּילעפּסיע** (גר.) — חלי-נופלים, כראָניש קראַנקהייט, ביי וועלכער מען קריעגט אָפט אַנפאַלען מיט קורטשען פון'ם גאַנצען קערפּער.

**עפּיסקאָפּ** (גר.) – בישאָף.

**עפּיקורעער** (גר.) — אפּיקורוס, אַנ־הענגער פון דער לעהרע עפּיקור'ס (אפּיקורוס, גריכישער פילאָזאָף אין 4-טען יאָהרהונדערט פאַר קריסטום), לויט וועלכער דער ציעל פון לעבען איז וואָס מעהר צו געניסען פערגעניגען, וואָס מעהר הנאה צו האָבען פון דער וועלט.

**עפּיקער** (גר.) — פערפאַסער פון אַ עפּאָס.

**עפּישע פּאָעזיע** (גר.) – אַלגעמיינער נאָמען פאַר אַלע אַרטען פון פּאָעטישע ערצעהלונגען (ראָמאַנען, באַלאַדען, פּאָעמען, לעגענדען א. ד. גל.).

**עפאָר** (גר.) – וויכטיגער שטאַאַטס־בע־אַמטער אין פאַרצייטיגער ספּאַרטאַ (הויפּטשטאָדט פון אַ גריכישער מדינה).

**עפעלידען** (גר.) – זומערשפּרענקלעך (פּיעגעס).

**עפעמער** (גר.) – וואָס עס לעבט נאָר איין טאָג, נישט־דויערהאַפ־טיג, קורץ.

**עפענדי** (טיר.) — העַרר, טערקישער העכערער בעאַמטער.

**עפעקט** (לאַט.) – 1) איינדרוק, ווירקונג. 2) פּראָצענט־פּאַפּיער.

**עקאַרטע** (פר.) — קאָרטען־שפּיעל צווישען 2 פּערזאָן.

**עקוואַטאָר** (לאַט.) – גרעסטער ערד־קרייז, וועלכער פערטיילט אַלע פּונקטען אויף דער ערד, וואָס אין זיי איז דער טאָג מיט דער נאַכט שטענדיג גלייך.

**עקוויוואַלענט** (לאַט.) — פון דעם זעלבען ווערט; גרייסע, חעל־כע מען קאָן איינזעצען שטאָט אַנ'אַנ־דערע גרייסע.

**עקוויליבריסט** (לאַט.) — גלייכגע־וויכטס־קונצען־מאַכער, ד. ה. אַקראָבאַט, וועלכער קען געהן אויף אַ שטריק, טאַנצען אויף אַ שטאַנג און עהנליכע קונצען בעווייזען, וועלכע פאָדערן פלינקהייט און גלייכגעוויכט.

**עקוויאָקציום** (לאַט.) – די צייט, ווען דער טאָג איז אומעטום גלייך מיט דער נאַכט.

**עקזאָד** (לאַט.) – אַרויסגאַנג, יציאת מצרים, נאָמען פון'ם חומש שמות אין די אייראָפּעאישע שפּראַכען.

**עקזאָטיש** (גר.) — פרעמד, איבער־געטראָגען פון אַ פרעמדען קלימאַט.

**עקזאַלטאַציע** (לאַט.) — העכסטע שטופע פון התלהבות, ביי וועלכער מען איז אינגאַנצען אַרויס־געטהון פון דעם עולם החומר.

**עקזאַלטירט** (לאַט.) — פערפלאַמט, שטאַרק בעגייסטערט, אַרויס־געטהון פון דעם עולם החומר.

**עקזאַמינאַטאָר** (לאַט.) – לעהרער, וועלכער פּרובט, הערט־אויס אויף אַן עקזאַמען.

**עקזאַמינירען** (לאַט.) – פערהערען, פּרובען די ידיעות פון אימיצעם.

**עקזאַמען** (לאַט.) — פערהער, פּרובונג פון עמיצענ'ס ידיעות.

**עקזאסטאזים** (גר.) – ארויסוואקסונג אויף א ביין.

**עקזארך** (גר.) — 1) שטאטהאלטער (מין גענעראל-גובערנאטאר) פון ביזאנטינישער רעגירונג אין איטאליע. 2) העכערער ערצבישאף (ארכיעביסקאפ).

**עקזיסטירען** (לאט.) – ווירקליך זיין, בעשטעהן, לעבען.

**עקזיסטענץ** (לאט.) — ווירקליכעס זיין, לעבען, אויפהאלטונג.

**עקזעגעזע** (גר.) – ערקלערונג, פירוש (מייסטענס פון תנ"ך).

**עקזעגעט** (גר.) — ערקלערער.

**עקזעגעטיק** (גר.) — ערקלערונגס-קונסט, חקירה וועגען די פירושים (מייסטענס פון תנ"ך).

**עקזעמפלאר** (לאט.) — איין שטיק פון פיעלע עהנליכע (איין בוך, איין חיה, איין געוויקס א. ד. גל.).

**עקזעמפעל** (לאט.) — ביישפיעל, מוסטער.

**עקזעקוטאר** (לאט.) — אויספיהרער פון א פסק-דין.

**עקזעקוטאריש** (לאט.) – מיט דער הילף פון געריכט אדער פאליציי.

**עקזעקוציע** (לאט.) – 1) אויספיהרונג פון א פסק-דין מיט הילף פון פאליציי. 2) אויספיהרונג פון טויט-שטראף.

**עקטימא** (גר.) — אויסשיטונג אויף דער הויט.

**עקטיפאן** (גר.) – אבדרוק פון פיגורען, וועלכע זיינען נעקריצט אויף שטיינער.

**עקיפאזש** (פר.) – 1) וואגען מיט פערד. 2) אלע מענשען, וועלכע געפינען זיך אויף א שיף.

**עקיפירען** (פר.) – צושטעלען א שיף אלע מכשירים, וועלכע זיינען נויטיג צו דער רייזע אויפ'ן ים, די מענשען, וועלכע דארפען עם צופיהרען מיט אלעם, וואס זיי דארפען צו האבען אויפ'ן וועג.

**עקלאגע** (גר.) — אויסגעוועהלטער שיר, שיר וועגען דאס לעבען פון פאסטוכער.

**עקליפטיק** (גר.) — שיינבארער וועג פון דער זון.

**עקלעזיא** (לאט.) – קירכע, קריסטליכע רעליגיעזע געמיינשאפט אדער איינארדנונג.

**עקלעקטיציזמוס** (גר.) – אויסוואהל פון עטליכע פילאזאפישע סיסטעמען, כדי אויפצושטעלען א ניי סיסטעם.

**עקלעקטיקער** (גר.) — פילאזאף, וועלכער שטעלט צוזאמען א סיסטעם פון פערשידענע סיסטעמען.

**עקס** (לאט.) – אין צוזאמענזעצונג מיט אנדערע ווערטער „אויס“, „וואס איז פריהער געוועזען“ (עקס-קאפיטאן, עקס-מיניסטער).

**עקס אפיציא** (לאט.) — צוליעב די פאדערונג פונ'ם אמט, פונ'ם פאסטען.

**עקסאקט** (לאט.) – גענוי, פינקטליך.

**עקסאקטע וויסענשאפטען** — זאלכע וויסענשאפטען, וואס

זייערע זאַצען קאָנען מאַטעמאַטיש בעווייזען ווערען.

**עקסטאַז** (גר.) — ענטציקונג, גרעסטע התלהבות.

**עקסטירפּאַטאָר** (לאַט.) — שנייד־מעסער צו פערניכטען די שלעכטע גראָזען אויפ'ן פעלד.

**עקסטעמפּאָראַלע** (לאַט.) — שריפט־ליכע אָדער מינדליכע איבונג אָהן פּאָרבערייטונג.

**עקסטענסיוו** (לאַט.) — אויסגעבריט, מעהר נאָך אויסען, ניט שטאַרק פלייסיג.

**עקסטעריטאָריאַליטעט** (לאַט.) — דאָס רעכט ניט צו זיין אָבהענגיג פון דעם געזעץ פון לאַנד, אין וועלכען מען וואָהנט.

**עקסטערן** (לאַט.) — 1) תלמיד, וועל־כער וואָהנט ניט אין דער שולע. 2) תלמיד, וועלכער לערנט ניט אין דער שולע, נאָר האַלט דאָרט נור דעם עקזאַמען.

**עקסטראַ** (לאַט.) — אויסער, אונגע־וועהנליך, ספּעציעל.

**עקסטראַבלאַט** (לאַט.־דייטש) — אויסערגעוועהנליכע ביילאַגע.

**עקסטראַפּאָסט** — ספּעציעלע פּאָסט.

**עקסטראַפיין** — זעהר פיין, בעסטער סאָרט.

**עקסטראַקט** (לאַט.) — אויסצוג פון אַ װערק, פון געוויקסען אָדער אַנדערע אָרגאַנישע סובסטאַנצען.

**עקסטרעם** (לאַט.) — אויסערסט, זעהר פּאַרטייאיש.

**עקסטרעמיטעט** (לאַט.) — אויסער־סטע; גרעסטע נויט.

**עקסטרעמען** (לאַט.) — געגענזאַצען.

**עקסיל** (לאַט.) — גלות, פרעמד.

**עקסילירען** (לאַט.) — אַרויסטרייבען פון איינענעם לאַנד.

**עקס לעקם** (לאַט.) — אויסער דעם געזעץ.

**עקסעלענץ** (לאַט.) — פאָרטרעפליכ־קייט; גענעראַל־טיטעל.

**עקספּאַטרייערען** (לאַט.) — פערטרייבען פון'ם פאָטערלאַנד.

**עקספּאָנירען** (לאַט.) — אויסלעגען, אויסשטעלען.

**עקספּאָנענט** (לאַט.) — צאָהל, וועלכע ווייזט וויפיעל מאָל אַ צאָהל איז מיט זיך זעלבסט געכפל'ט.

**עקספּאָרט** (לאַט.) — אַרויספיהר פון סחורה נאָך אויסלאַנד.

**עקספּאָרטירען** (לאַט.) — אַרויס־פיהרען (סחורה נאָך אויסלאַנד).

**עקספּלאָדירען** (לאַט.) — אויסנעצען, צופּלאַצען, צוקנאַקט ווערען.

**עקספּלאָזיע** (לאַט.) — אויסברוך, צערקנאַקונג, דאָס אָנצינדען זיך מיט אַ גרויסען קנאַל.

**עקספּלואַטאַציע** (פר.) — אויסנוצונג, בעאַרבייטונג; אויסנוצונג פון פרעמדע כוחות, פלייס אָדער געלד פאַר איינענע צוועקען.

**עקספּלואַטירען** (פר.) — אויסנוצען, בעאַרבייטען

**עקספּליציטע** (לאַט.) – ענטוויקעלט, דײַטליך, קלאָר.

**עקספּליקאַציע** (לאַט.) – ערקלערונג, אויסטײַטשונג.

**עקספּעדיטאָר** (פר.) — ווער עס בעשעפטיגט זיך מיט אַוועקשיקען סחורות.

**עקספּעדיציע** (לאַט.) – 1) אָבשיקונג פון סחורה. 2) אָבטיילונג פון אַ געשעפט, אַ רעדאַקציע א. ד. גל., וועלכע בעשעפטיגט זיך מיט אַוועקשיקען סחורה. 3) רײַזע פון אַ גאַנצער אָבטיילונג מענשען מיט אַ וויסענשאַפטליכען, פּאָליטישען אָדער אַנדערען ציעל.

**עקספּערט** (לאַט.) – געניטער, זאַכפערשטענדיגער, צו וועלכען מען ווענדעט זיך אין אַ צווייפעלהאַפטער פראַגע וועגען אַ מיינונג.

**עקספּערטיזע** (לאַט.) – מיינונג פון געניטע, פון פאַכלײַט וועגען אַ צווייפעלהאַפטע פראַגע.

**עקספּערימענט** (לאַט.) — פּערזוך; פּראָבע.

**עקספּערימענטאַל** (לאַט.) — וואָס איז געגרינדעט אויף'ן נסיון, וואָס מען קאָן בעווײַזען מיט פּערזוכען.

**עקספּערימענטירען** (לאַט.) – מאַכען פּראָבעס, פּערזוכען.

**עקספּראָפּריאירען** (לאַט.) – צו נעהמען בײַ עמיצען זײַן אייגענטום (מייסטענס צוליעב געמיינשאַפטליכע צוועקען).

**עקספּראָפּריאַציע** (לאַט.) — ענטאייגנונג, צונעהמען פון עמיצענס פּריוואַט אייגענטום צוליעב געמיינשאַפטליכע צוועקען.

**עקספּרעס** — דײַטליך, בעשטימט.

**עקספּרעס-צוג** – בעשטימטער צוג, וועלכער פאָהרט זעהר שנעל און בעשטימטע צײַטען דירעקט פון איין הויפּטשטאָדט אין אייראָפּאַ אין אַ אַנדערע.

**עקסצענטריש** (לאַט.) — 1) אָהן געמיינזאַמען מיטעלפּונקט, 2) אונגעוועהנליך, משוגע'וואַט.

**עקסקאָמוניצירען** (לאַט.) – אויסשליסען פון דער קירכע.

**עקסקאָמוניקאַציע** (לאַט.) – אויסשלוס פון דער קירכע, חרם.

**עקסקורסיע** (לאַט.) — אויספלוג, שפּאַציער פון עטליכע פּערזאָן (מייסטענס מיט אַ וויסענשאַפטליכען ציעל).

**עקסקלאַמאַציע** (לאַט.) — אויסגעשריי.

**עקסקלוזיוו** (לאַט.) – אויסשליסליך, מיט אויסנאַהמע.

**עקסקרעמענט** (לאַט.) — צואות.

**עקראַן** (פר.) – שירעם אין דער פאָרם פון אַ רעהם אונבערנעצויגען מיט שטאָף, וועלכער לאָזט נישט דורך ליכט- אָדער וואַרימקײַטס-שטראַהלען.

**ערא** (לאַט.) — צײַטרעכנונג, בעשטימטער מאָמענט, פון ווען אָן מען רעכענט די צײַט. (בײַ קריסטען

פֿון קריסטוס געבורט, ביי יודען פֿון דעם טאָג, ווען די וועלט איז — לויט די טראַ- דיציע — בעשאַפֿען געוואָרען).

**ערטאָמאַניע** (גר.) — משוגעת פֿון ליעבע.

**ערטאָטיקער** (גר.) — פֿערפֿאַסער פֿון ליעבעס-ליעדער.

**ערטאָטיש** (גר.) — וואָס איז שייך צו ליעבע.

**ערטאָס** (גר.) — גאָט פֿון ליעבע.

**עראַריום** (גר.) — שטאַאַטס-אוצר, שטאַאַטס-קאַסע.

**ערגאָ** (לאַט.) — אַם-כן, היוצא מזה, אַלזאָ.

**ערודיציע** (לאַט.) — למדנות.

**ערופּציע** (לאַט) — אויסברוך פֿון אַ וואולקאַן.

**עריניען** (גר.-מיט.) — געטינען פֿון נקמה, וועלכע רודף'ן שווערע פֿערברעכער.

**עריס** (גר.-מיט.) — געטין פֿון מחלוקת.

**ערמיט** (גר.) — נזיר, וועלכער וואָהנט אין אַ מדבר.

**ערמיטאַזש** (פֿר.) — 1) וואָהנונג פֿון נזירים אין אַ מדבר. 2) נאָמען פֿון פֿערשידענע געזעלשאַפֿטליכע גע- ביידען; אין פּעטערבורג הייסט אַזוי אַ גרויסער קונסט-מוזעאום.

**ערעבאָס** (גר.-מיט.) — פֿינסטערסטער טייל פֿונ'ם טאַרטאַר (גריכי- שער גיהנום).

**עשאַפֿאָט** (פֿר.) — ספּעציעל איינגע- ריכטעט אָרט אויסצופֿיהרען טויט-שטראָף.

## פּ.

**פּאָ** — חינעזישער נאָמען פֿון בודאַ.

**פֿאַבעל** (לאַט.) — מיטל, אַלעגאָרישער שיר, אויסגעטראַכטע מעשה.

**פֿאַבריצירען** (לאַט.) — אויסאַרבייטען, פֿאַרטיג מאַכען.

**פֿאַבריק** (לאַט.) — אַנשטאַלט, וואו עס ווערען אויסגעאַרבייט סחורות אין זעהר גרויסע מאַסען.

**פֿאַבריקאַט** (לאַט.) — סחורה, וועלכע ווערט אויסגעאַרבייט אין אַ פֿאַבריק.

**פֿאַבריקאַנט** (לאַט.) — אייגענטימער פֿון אַ פֿאַבריק.

**פֿאַגאָט** (איט.) — מוזיקאַלישער בלאָז- אינסטרומענט.

**פֿאַוואָריט** (פֿר.) — ליעבלינג, פֿער- טרויענסמאַן פֿון אַ בעדייטענדער פּערזאָן.

**פֿאַוואָריטין** (פֿר.) — געליעבטע (איבערהויפּט פֿון אַ פֿירשט).

**פֿאַון** (לאַט.) — וואַלד-גאָט, פֿעלד- גאָט אָדער גאָט פֿון פּאַסטו- כער.

**פֿאַונאַ** (לאַט.) — פֿערצייכניס פֿון אַלע געוויקסען אין אַ לאַנד אָדער אַ געגענד.

**פאזע** (גר.) — ענדערונג פון דער ליכ־טיגקייט פון דער לבנה און אנדערע פּלאנעטען, אבהענגיג פון דעם, און וועלכער לאגע זיי געפינען זיך צווישען דער ערד און דער זון.

**פאטאגראף** (גר.) — אראבנעהמער פון בילדער.

**פאטאגראפיע** (גר.) -- קונסט אראב־צונעהמען בילדער מיט דער הילף פון דער ווירקונג פון ליכטשטראה־לען אויף די קלישעס.

**פאטאגראפירען** (גר.) – אראבנעה־מען בילדער.

**פאטאגראפיש** (גר.) — מיט דער הילף פון פאטאגראפיע.

**פאטאטיפּיע** (גר.)-- דרוק פון ליכט־בילדער (פאטאגראפישע ביל־דער).

**פאטאל** (לאט.) — בעשערט, אונ־אויסמיידליך.

**פאטאליזמוס** (לאט.) — גלויבען און בעשערונג.

**פאטאליטאגראפיע** (גר.) – איבער־טראגונג פון פאטאגראפישע בילדער אויף שטיינער.

**פאטאליסט** (לאט.) — גלויבער און בעשערונג.

**פאטא מארגאנא** (איט.) — שפּיע־געלונג אין דער לופט.

**פאטאמעטער** (גר.) — אפּאראט צו מעסטען די שטארקייט פון ליכט.

**פאטאמעטריע** (גר.) — מעסטונג פון די ליכט־שטארקייט.

**פאטאפאביע** (גר.) — מורא פאר ליכט, אויגען־שוואכקייט, ביי וועלכער זיי קאנען נישט איבער־טראגען ליכטיגקייט.

**פאטים** (לאט.) — שוקזאל, בעשערונג.

**פאטיגירען** (לאט.) — ערמידען, מטריח זיין.

**פאטעל** (פר.) – לעהנשטוהל, פאטער־שטוהל.

**פאיאנס** (פר.) — אויסארבייטונגען פון גוטע סארטען שטיין־טאן (ליים).

**פאל** (פר.) — שווערער, שווארצער זיידענשטאף.

**פאלאנגע** (גר.) — מיליטער־אבטיילונג אויסגעשטעלט אין לאנגע שרענגעס.

**פאליא** (לאט.) — בלאט, זייט פון א בלאט.

**פאליאנט** (לאט.) — בוך אין בויגען־גרויס.

**פאליע** (לאט.) – דין מעטאל־בלעטעל.

**פאלירען** (לאט.) — נומערירען די בלעטער פון א בוך.

**פאלסיפיקאציע** (לאט.) — פעל־שונג, נאכמאכונג.

**פאלסעט** (איט.) — פאלשע שטימע, טענער נישט אין די נאטור־ליכע הויכגרענצען.

**פאלסעטיסט** (איט.) — זינגער מיט א פאלשע, נאכגעמאכטע שטימע.

**פאמא** (לאט.) — געטין פון רוהם, בשורה.

**פֿאַמיליע** (לאַט.) – משפּחה ; פֿאָטער, מוטער מיט זייערע קינדער ; געזאַמטהייט פֿון מענשען, חיות אָדער פֿלאַנצען, וועלכע זיינען נאָהנט לויט זייער אָבשטאַמונג און אַנדערע אייגענשאַפֿטען

**פֿאַמיליער** (לאַט.) – היימיש, נאָהנט, זעהר בעפֿריינדעט ;

**פֿאָנאָגראַף** (גר.) — אַפּאַראַט צום רעדען און זינגען, ערפֿונדען פֿון עדיסאָן.

**פֿאָנאָגראַפֿיע** (גר.) — לעהרע ווי אויסצודריקען שריפֿטליך הברות (זילבען).

**פֿאַנאַטיזמוס** (לאַט.) – דאָס האַלטען נאָר אייגענע איבערצייגונגען (רעליגיעזע אָדער פּאָליטישע) פֿאַר ריכטיג און אַלע אַנדערע פֿאַר אַבסאָלוט פֿאַלש, און פֿאַר אַ מצוה – זיי אויסצוואָרצלען.

**פֿאַנאַטיקער** (לאַט.) — מענש, וועלכער קאָן ניט גלייכגילטיג זיך פֿערהאַלטען צו פֿרעמדע אָנשויאונגען (רעליגיעזע און פּאָליטישע).

**פֿאַנאַטיש** (לאַט.) — לויט דעם פֿאַנאַטיזמוס, מיט קנאה און בעס צו פֿרעמדע אָנשויאונגען.

**פֿאַנאַר** — גריכען-קוואַרטאַל אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

**פֿאַנאַריאָטען** — זעהר אָנגעזעהענע גריכען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

**פֿאָנד** (פֿר.) — גרונד-קאַפּיטאַל, פֿערמעגען.

**פֿאָנדאַמענטאָ** (איט.) — גרונד-שטימע, גרונד-באַס.

**פֿאַנטאַזיאָר** — ז. פֿאַנטאַסט.

**פֿאַנטאַזיע** (גר.) — 1) איינבילדונגס-קראַפֿט. 2) אין דער מוזיק – פֿרייע קאָמפּאָזיציע, אויסגעפֿיהרט אָהן הכנות.

**פֿאַנטאַזירען** (גר.) — 1) חלומ'ן, איינבילדען זיך, טראַכטען פֿון פֿערשידענע זאַכען. 2) אימפּראָוויזירען, זינגען אָדער שפּילען אייגענע קאָמפּאָזיציעס אָהן פֿאָרבערייטונגען.

**פֿאַנטאַזמאַגאָריע** (גר.) – פֿאָרשטעלונג פֿון שאָטענס און וואונדערבאַרע געשטאַלטען אין דער פֿינסטער מיט הילף פֿון אָפּטישע אינסטרומענטען.

**פֿאַנטאָם** (פֿר.) — פֿאַלשע פֿאָרשטעלונג, פֿאַלש בילד.

**פֿאַנטאַנגעל** (פֿר.) — קונסטליכעס געשמייד.

**פֿאַנטאַסט** (גר.) — בעל-חלומות, מענש, וועלכער פֿאַנטאַזירט שטענדיג.

**פֿאַנטאַסטיש** (גר.) — איינגעבילדעט, וואָס עס עקזיסטירט נאָר אין דער פֿאַנטאַזיע, אָבער ניט אין דער ווירקליכקייט, וואונדערליך.

**פֿאָנעטיק** (גר.) — לעהרע וועגען ריכטיגע אויסשפּראַכע ביים לעזען אָדער רעדען.

**פֿאַנפֿאַר** (פֿר.) — מין טרומפּייטען-סיגנאַל.

**פֿאַנפֿאַראָן** (פֿר.) – פּלוישער, בערוהמער.

**פֿאַסאַד** (לאַט.) — פֿאָדערשטע זײַט פֿון אַ הויז.

**פֿאַסאָן** (פֿר.) – 1) אויסערליכעס אויסזעהן, מאַנערען. 2) שניט, פֿאָרם פֿון אַ מלבוש.

**פֿאָספֿאַט** (גר.) — פֿאָספֿאָרזויערעס זאַלץ.

**פֿאָספֿאָר** (גר.) – אײַנפֿאַכער העמישער עלעמענט.

**פֿאָספֿאָרעסצירען** (גר.) — פֿון זעלבסט אין דער פֿינסטער זיך לײַכטען.

**פֿאַעטאָן** (גר.) — לײַכטע, אָפֿענע קאַרעטע.

**פֿאַקולטעט** (לאַט.) — 1) מעגליכקײַט, כח, טאַלענט. 2) אָבטײלונג אין אוניווערזיטעטען.

**פֿאָקוס** (לאַט.) — ברענפּונקט.

**פֿאַקט** (לאַט.) – וואָס איז געשעהען אין דער ווירקליכקײַט, מעשה שהיה, טאַטזאַכע.

**פֿאַקטאָר** (לאַט.) – 1) צאָהל, וועלכע ווערט גע׳כפל׳ט. 2) מעקלער, פֿערמיטלער.

**פֿאַקטאָרײַ** (לאַט.) – האַנדעלסשטעדטעל, אין וועלכען עס וואָהנען מײַסטענס אײראָפּעאישע סוחרים, אין אַזיאַטישע אָדער אַפֿריקאַנישע געגענדען.

**פֿאַקטור** (לאַט.) — גרויסע רעכנונג אויף אַרויסגעשיקטע סחורה.

**פֿאַקטיש** (לאַט.) — טאַטזעכליך, אין דער ווירקליכקײַט.

**פֿאַקיר** (אַראַב.) — מחמד׳נישער נזיר און בעטלער אין אינדיען.

**פֿאַקמאַסט** — פֿאָדערשטע מאַסטע בײַ אַ דרײַמאַסטען־שיף.

**פֿאַקסימיליע** (לאַט.) – גענויער נאָכדרוק פֿון אַ האַנדשריפֿט.

**פֿאַראָמעטריע** (גר.) – לעהרע וועגען מעסטען די שווערינקײַט.

**פֿאָרום** (לאַט.) — מאַרק־פּלאַץ אין פֿאַרצײַטיגען רוים.

**פֿאָרטונע** (לאַט.) – גליק, געטין פֿון גליק און הצלחה.

**פֿאַרטינג** (ענגל.) – קלײנע קופּערנע מטבע, 1/4 פּעני, אונגעפֿעהר 2 קאָפּ.

**פֿאָרטיסימאָ** (איט.) – זעהר שטאַרק.

**פֿאָרטיפֿיצירען** (לאַט.) — בעפֿעסטיגען.

**פֿאָרטיפֿיקאַציע** (לאַט.) – בעפֿעסטיגונג.

**פֿאָרטע** (איט.) — שטאַרק.

**פֿאָרם** (לאַט.) — געשטאַלט, אופֿן.

**פֿאָרמאַט** (לאַט.) – גרײס (לענג און ברײט) פֿון אַ בוך אָדער פּאַפּיער.

**פֿאָרמאַל** (לאַט.) — לויט די פֿאָרם, אויסערליך.

**פֿאָרמאַליטעט** (לאַט.) – אויסערליכקײַט, אויספֿיהרונג פֿון אַ זאַך, ווי עס פֿאָדערט די פֿאָרם, נישט זאָרגענדיג וועגען דעם אינהאַלט.

**פֿאָרמאַציִע** (לאַט.) — בילדונג, געשטאַלטונג.

**פֿאַרמאַציִע** (גר.) — קונסט אויסצו־אַרבייטען היילמיטעל.

**פֿאַרמאַצעווט** (גר.) — בעשעפֿטיגטער אין אַפּטייק.

**פֿאַרמאַקאָלאָגיִע** (גר.) — לעהרע וועגען היילמיטעל.

**פֿאַרמאַקאָפּעע** (גר.) — האַנדבוך פֿאַר אַפּטייקער וועגען אויס־אַרבייטען היילמיטעל.

**פֿאָרמולאַר** (לאַט.) — איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל אָבגעדרוקטע בויגען אַלס מוסטער פֿון אַ רעכנונג, אַ שריפֿט א. ד. גל.

**פֿאָרמירען** (לאַט.) — בילדען, גע־שטאַלטען.

**פֿאָרמעל** (לאַט.) — נוסח: 1) פֿאָר־געשריבענע אָדער אַלגעמיין אָנגענומענע רעדעפֿאָרם. 2) פֿאָראויינ־גונג פֿון אַלגעבראַאישע אויסדריקען. 3) אַלגעמיינער כלל צו לעזען עטליכע פֿראַגען.

**פֿאַרניענטע** (איט.) — גאָרנישט טהון.

**פֿאַרס** (פֿר.) — קליינע טעאַטער־פֿאָר־שטעלונג מיט נישטוויכטיגען אינהאַלט.

**פֿאַשין** — בינדעל רוטער צום אויס־לעגען און נאַסע ערטער.

**פֿאַשינג** — לעצטע טעג פֿון קאַרני־וואַל.

**פֿוגע** (איט.) — געזאַנגשטיק פֿון פֿיעל קולות, ווי איין מעלאָדישער זאַץ ווערט פֿון עטליכע שטימען נאָך איינאַנדער איבערגעחזר'ט.

**פֿוטורים** (לאַט.) — צוקונפֿט, זמן עתיד.

**פֿולאַר** (פֿר.) — אָסטאינדישער זיידענע־שטאָף; זיידען־טוך.

**פֿונדאַמענט** (לאַט.) — גרונד, גרונד־לאַגע, גרונד־בעגריף.

**פֿונדאַמענטאַל** (לאַט.) — וועזענט־ליך, הויפּטזעכליך, גרונד־לעגענד.

**פֿונדאַציִע** (לאַט.) — גרונדלעגונג, גרינדונג.

**פֿונדירען** (לאַט.) — גרינדען, בעגרינ־דען.

**פֿונקציאָנירען** (לאַט.) — ווירקען, זיין בעשעפֿטיגט, אויספֿיה־רען עפּעס.

**פֿונקציִע** (לאַט) — 1) טעטיגקייט, בעשטימטע בעשעפֿטיגונג. 2) אַבהענגיגע, פֿערענדערליכע גרייס.

**פֿוסטאַזש** (פֿר.) — מאַטעריאַל צום פּאַקען, מיסטענס פּיעסער.

**פֿוסטי** (איט.) — פֿערדאָרבענער אָפּ־פֿאַל פֿון סחורה.

**פֿוראַזש** (פֿר.) — עסענוואַרג פֿאַר בהמות.

**פֿוראַזשירען** (פֿר.) — בעזאָרגען מיט עסענוואַרג.

**פֿוראָר** (איט.) — העפֿטיגע ליידענ־שאַפֿט, שטאַרקע בעגייסטע־רונג.

**פֿוראָר מאַכען** — גרויסרופֿען ענט־צוקונג, ליידענשאַפֿט.

**פורגאָן** (פר.) — פאַק-וואָגען.

**פוריאָזאָ** (איט.) — העפטיג, ליידענשאַפטליך (אין דער מוזיק).

**פוריע** (לאַט.) — 1) נעטין פון נקמה. 2) שלעכטע, בעס'דיגע פרוי.

**פיאַסקאָ** (איט.) — דורכפאַל.

**פיאַקער** (פר.) — איזוואָזטשיק, נעדונגענע דראָזשקע.

**פיאָרד** (דעניש) — ים-בוזעם (זאַליו).

**פיאָריטור** (איט.) — פערציערונג פון געזאַנג.

**פיבעל** — ביכעל צום לערנען אַלף-בית.

**פיבער** (לאַט.) — קדחת.

**פיגור** (לאַט.) — געשטאַלט, בילד, אויסזעהען.

**פיגוראַלגעזאַנג** — פערציערטער געזאַנג פון פיעל שטימען.

**פיגוראַנט** (לאַט.) — שטומע פערזאָן, וועלכע טרעט נאָר אַרויס אַלס טענצער אין באַלעט.

**פיגוראַציע** (לאַט.) — בעלעבונג פון דער מוזיק אָדער רעדע דורך פיגורען.

**פיגורירען** (לאַט.) — בילדען, פאָרשטעלען; זיך געפינען; זיך ווייזען, שפיעלען אַ ראָלע.

**פיזיאָגנאָמיק** (גר.) — קונסט צו בעשטימען דורך דעם אויסערליכען אויסזעהן פון אַ מענש זיין כאַראַקטער.

**פיזיאַטער** (גר.) — דאָקטאָר, וועלכער האַלט שטאַרק פון דער הייל־קראַפט פון דער נאַטור.

**פיזיאַטריע** (גר.) — קראַפט פון דער נאַטור צו היילען קראַנקהייטען.

**פיזיאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען דעם אָרגאַנישען לעבען, הויפטזעכליך וועגען דעם מעכאַניזמוס פון די אָרגאַניזמען.

**פיזיאָלאָגיש** (גר.) — וואָס געהערט צו דער פיזיאָלאָגיע, קערפערליך.

**פיזיאָנאָם** (גר.) — קענער פון פיזיאָגנאָמיק.

**פיזיאָנאָמיע** (גר.) — אויסערליכעס אויסזעהען פון עמיצען, פרצוף.

**פיזיאָקראַטען** (גר.) — פאָליטיש-עקאָנאָמישע פאָרשער, וועלכע האָבען געהאַלטען די ערד פאַר די איינציגע קוועלע פון רייכטום און וואָהלשטאַנד פון אַ מדינה.

**פיזיק** (גר.) — לעהרע וועגען די ערשיינונגען אין דער נאַטור, ביי וועלכע דער שטאָף פון די נאַטור-קערפער ווערט נישט פערענדערט.

**פיזיקאַליש** (גר.) — וואָס איז שייך צו דער פיזיק.

**פיזיש** (גר.) — נאַטירליך, קערפערליך, חומרי.

**פיטאָגראַפיע** (גר.) — בעשרייבונג פון פלאַנצען.

**פיטאָטאָמיע** (גר.) — אַנאַטאָמיע פון פלאַנצען.

**פיטאָליט** — פערשטיינערטע פלאַנצע.

**פּיטריאָל** — ז. וויטריאָל.

**פילאָזאָף** (גר.) — פאָרשער אויפ'ן געביעט פון דער פילאָזאָפיע. גרויסער דענקער, וועלט-חכם.

**פילאָזאָפיע** (גר.) — פאָרשונג וועגען די אורזאַכען פון אַלעם, וואָס געשעהט אויף דער וועלט, וועגען די גרונדען און די געזעצען פון דער נאַטור, פונ'ם מענשליכען דענקען און טהון און דאָס פערהעלטניס צווישען זיי.

**פילאָזאָפירען** (גר.) — פאָרשען, נאָכקלערען וועגען די וועלט-וואהרהייטען.

**פילאָזאָפיש** (גר.) — וואָס איז שייך צו פילאָזאָפיע.

**פילאָטעכניק** (גר.) — ליעבע צו קונסט.

**פילאָלאָג** (גר.) — שפּראַכפאָרשער.

**פילאָלאָגיע** (גר.) — שפּראַכען-פאָרשונג.

**פילאָלאָגיש** (גר.) — וואָס איז שייך צו שפּראַך-פאָרשונג.

**פיליאַלע** (לאַט.) — אָבטהיילונג פון אַ האַנדעל.

**פילאַלעטען** (גר.) — ליעבהאָבער פון אֶמת: מיטגליעדער פון אַ פריימויערער-לאָזשע, וועלכע האַלטען נישט פון אַלע רעליגיעזע לעהרען, שעצען אָבער שטאַרק די מאָראַל, הומאַניטעט און איבערהויפּט די וויסענשאַפט.

**פילאַנטראָפּ** (גר.) — מענשען-ליעבהאָבער.

**פילאַנטראָפּיע** (גר.) — מענשען-ליעבע.

**פילאָקסערע** (גר.) — כנים אויף בלעטער פון וויינטרויבען.

**פילטער** (לאַט.) — זייהער פון פליעס-פּאַפּיער.

**פילטרירען** (לאַט.) — דורכזייהען.

**פיליאַציע** (לאַט.) — 1) פערהעלטניס פון קינדער צו עלטערן.
2) איינענעהמונג אַלס קינדער.

**פיליגראַן** (פר.) — 1) גאָלדשמידישע (יובּילערסקע) דראָט-אַרבייט.
2) וואַסערצייכען אין פּאַפּיער.

**פיליסטער** — פשוט'ער בירגער, וועלכער איז נאָר פאַרטהון מיט זיינע פּריוואַט-אינטערעסען; בעגרענצטער, אַביסעל פערג־עבטער מענש.

**פיליפּיקע** — שאַרפע עפענטליכע רעדע, ווי דעמאָסטענעס (אין פיערטען יאָהרהונדערט פאַר די קריסט-ליכע ערא) האָט געפלעגט צו האַלטען קעגען דעם מאַקעדאָנישען קעניג פיליפּ.

**פינאַל** (איט.) — שלוס-אַקט, לעצט מוזיקאַליש שטיק, מיט וועלכען עס ענדיגט זיך אַ פּיעסע.

**פינאַנס** (פר.) — באַאַרעס געלד, פערמעגען.

**פינאַנסיער** (פר.) — באַנקיר, געלדס-מאַן.

**פינאַנסען** (פר.) — איינקינפט און אויס-גאַבען פון אַ מדינה.

**פיניטאָ** (איט.) — אַבשלוס (פון אַ רעכ-נונג).

**פינים** (לאט.) — ענדע, סוף.

**פיסהאַרמאָניקאַ** (גר.) – מין מוזיקאַ־לישער אינסטרומענט מיט קלאַווישען.

**פיסטעל** (לאט.) — 1) הויל־געשוויר. 2) ערצווינגענע שטימע, העכער פון די נאַטירליכע שטימע־העהע.

**פיסקאַל** (לאט.) – בעאַמטער, וועלכער זאָרגט פאַר די אינטערעסען פון די מדינה־קאַסע.

**פיסקום** (לאט.) – קאַסע פאַר געוויסע אַרטען פון מדינה'שע איינ־קונפטען.

**פיקטיוו** (לאט.) — ניִשט אין דער ווירקליכקייט, אויסגעטראַכט.

**פיקס** (לאט.) — פעסט, בעשטענדיג, אונפערענדערליך.

**פיקסירען** (לאט.) — מאַכען פעסט, בעפעסטיגען, בעשטימען.

**פיקסע אידעע** – פאָרשטעלונג אָדער געדאַנק, וועלכער ליעגט איינעם שטענדיג אין מוח און בעהערשט אַלע אַנדערע געדאַנקען און פאָרשטע־לונגען.

**פיקסשטערען** — אונבעוועגבאַרער שטערען.

**פיקציע** (לאט.) – אויסגעטראַכטע זאַך.

**פירמאַ** (לאט.) — נאָמען, אונטער וועלכען אַ האַנדעלס־הויז פיהרט זיינע געשעפטען.

**פירמאַן** – ז. פערמאַן.

**פלאָגיסטאָן** (גר.) — ברענשטאָף, פליסינקייט, וועלכע איז, לויט די מיי־נונג פון די אַלטע חעמיקער, די אורזאַכע פון'ם ברענען.

**פלאַזשאָלעט** (פר.) — קליינע פלייטע.

**פלאָטילע** (פר.) — קליינע פלאָטע.

**פלאָטע** – ז. מאַרינע.

**פלאַקאָן** (פר.) — קליינע קריסטאַל־פלאַש (מייסטענס פאַר פערפום אָדער אָדעקאָלאָן).

**פלאָר** (לאט.) — דינסטער און פיינ־סטער שטאָף פון זייד, וואָל אָדער בוימוואָל.

**פלאָראַ** (לאט.) – 1) געטין פון בלומען. 2) פערצייכניס פון אַלע געוויקסע אין אַ לאַנד אָדער אַ געגענד.

**פלאָראַנס** (פר.) – לייכטע פראַנצוי־זישע טאַפטע.

**פלאָרין** (פר.) — גולדען, מטבע אין עסטרייך, האָלאַנד א. אַנד.

**פלאָרענטינע** (פר.) – אַטלאַס מיט מוסטערען.

**פלואידום** (לאט.) – פליסיגער קער־פער, פליסינקייט.

**פלינטגלאַז** (דייטש) – גוט, געריבט, דורכזיכטיג גלאַז פון קיזעל־ערד, קאַלי און בלייאָקסיד.

**פליפ** (ענגל.) — משקה פון ביער, בראָנפען און צוקער.

**פלירט** – ליעבע־שפיעל צווישען מענער און פרויען אין גאַנץ לייכ־טער פאָרם.

**פלעגמאַ** (גר.) — לחות.

**פלעגמאַטיקער** (גר.) — קאַלט־

בלוטינגער, גלייכגילטיגער צו יעדער זאך.

**פלעגמאטיש** (גר.) — קאלטבלוטיג, גלייכגילטיג.

**פלעקסיע** (לאט.) — ענדונגען אין סוף ווארט ביי קאָניוגאציע און דעקלינאציע.

**פלעראָן** (פר.) — בלומען=פערציערונג.

**פלעריסט** (פר.) — בלומען=פריינד, בלומען=גערטנער.

**פעאָדאל** (לאט.) — איינגענטימער פון א פעאָדאלען גוט.

**פעאָדאליזמוס** (לאט.) — פאָליטיש=עקאָנאָמיש סיסטעם פון מיטעלאלטער אין מיטעל=אייראָפא, לויט וועלכען דער אויבערהערשער פונ'ם לאנד האָט צוטיילט פערשידענע אריסטאָקראטען גאנצע געגענדען מיט דעם רעכט צו מאכען מיט זיי און די מענשען, וועלכע געפינען זיך אין זיי, וואָס זיי ווילען. די דאָזיגע אריסטאָקראטען האָבען געהייסען דאמאָלס וואסאלען פונ'ם אויבערהערשער, וועלכער האָט געהאט דאָס רעכט פון זיי צו פאָדערען געוויסע פליכטען. די ערד, וועלכע די וואסאלען האָבען געקריגען, האָבען זיי געקאָנט צוטיילען נידריגערע, זייערע וואסאלען א. ז. וו.

**פעבוס** (גר.-מיטאָל.) — גאָט פון דער זון, אפאָלאָ.

**פעדעראטיוו** (לאט.) — פערבינדעט.

**פעדעראל** (לאט.) — בונדעסמעסיג, וואָס עס געהערט צו א בונד.

**פעדעראליזירען** (לאט.) — פערבינדען עטליכע מדינות צו איין מדינות=בונד.

**פעדעראליזמוס** (לאט.) — פעראייניגונג פון עטליכע אונאבהענגיגע מדינות צו א געוויסען ציעל.

**פעדעראציע** (לאט.) — פערבינדונג פון פערשידענע פעראיינען אָדער געזעלשאפטען.

**פעהן** — דרום=ווינד אין דער שווייץ.

**פעטיש** (פאָרטוג.) — גראָבע געטצען פון שטיין, האָלץ א. ד. גל.

**פעטישיזמוס** (פאָרטוג.) — פערגעטערונג פון פעטישען.

**פעלאך** (אראב.) — פויער אין מצרים און סיריען.

**פעלוקע** (שפאנ.) — שנעל פאָהרענדעס, לאנגעס, שמאָלעס שיף אויפ'ן מיטעללענדישען ים.

**פעליעטאָן** (פר.) — בעלעטריסטישער אָדער וויסענשאפטליכער טייל פון א צייטונג פון לייכטען און פאָפולערען אינהאלט.

**פעליעטאָניסט** (פר.) — פעליעטאָנען=שרייבער.

**פענאָמען** (גר.) — 1) ערשיינונג אין דער נאטור. 2) זעלטענע ערשיינונג, נס.

**פענאָמענאל** (גר.) — זעלטען, וואונדערבאר.

**פעניער** (ענגל.) — אירלענדישע פאר־טיי, וועלכע שטרעבט איינ=

צופֿיהרען אַ זעלבסטשטענדיגע אירלענ-
דישע רעפּובליק.

**פֿעניקס** (גר.) — מין לעגענדאַרער פויגעל, וועלכער בעניײַט אַלע מאָל זײַנע פעדערען.

**פֿעס** (טור.) — טערקישע מיץ.

**פֿעסטאָן** (פֿר.) — שנור פֿון בלומען, פֿרוכטען און בלעטער אַלס פערפּוצונג.

**פֿעע** (פֿר.) — פֿרויען-גײַסט, צויבערין.

**פֿעקונדאַציע** (לאַט.) — בעפֿרוכטונג.

**פֿעקונדיטעט** (לאַט.) — פֿרוכט-באַרקײַט.

**פֿערז** (לאַט.) — חרוז, שורה און אַ ליעד, אַ שיר.

**פֿערז-פֿוס** — פעראײַנײַנונג פֿון אײַן הויכטאָניגער מיט אײַנער אָדער צוויי טאָנלאָזע זילבען.

**פֿערזיפֿיקאַטאָר** (לאַט.) — חרוזים-שרײַבער, דיכטער, פּאָעט.

**פֿערזיפֿיקאַציע** (לאַט.) — חרוזים-שרײַבערײַ, ליעדער-פֿער-פֿאַסונג.

**פֿעריען** (לאַט.) — יום-טוב-טעג, פֿרײַע טעג פֿון בעשעפֿטיגונג (איבערהויפּט אין שולען).

**פֿערמאַן** (פּרס.) — בעפֿעהל פֿון סולטאַן, ערלויבנים-שײַן אין טערקײַ.

**פֿערמע** (פֿר.) — קלײַן גוט, וועלכעס ווערט מוסטערהאַפֿט פער-וואַלטעט.

**פֿערמענט** (לאַט.) — זויערונג-מיטעל.

**פֿערמענטאַציע** (לאַט.) — זויערונג (פֿון טייג, ביער, הייוועז, א. ד. גל.).

**פֿערמער** (פֿר.) — אײַנגענטימער אָדער פּאַכטער פֿון אַ פֿערמע.

**פֿעשן** (ענגל.) — פֿײַנסטע מאָדע.

**פֿראַגמענט** (לאַט.) — שטיק, ברוך-שטיק.

**פֿראַזע** (גר.) — גראַמאַטיקאַלישער זאַץ.

**פֿראַזעאָלאָגיע** (גר.) — 1) זאַץ-בילדונג, וועלכע איז אײַגענ-טימליך אַ שרײַבער אָדער אַ שפּראַך. 2) זאַמלונג פֿון פֿראַזען.

**פֿראַזער** (פֿר.) — מענש, וועלכער בענוצט זיך מיט הויכע פֿראַזען.

**פֿראָטירען** (פֿר.) — רײַבען, אײַנ-רײַבען.

**פֿראָנט** (פֿר.) — פֿאָדערזײַט, ערשטע ליניע.

**פֿראָנטאָן** (פֿר.) — פערפּוצונג אין דער הויך בײַם פֿראָנט פֿון אַ געבײַדע.

**פֿראַנק** (פֿר.) — 1) זילבערנע פֿראַנ-צויזישע מטבע, קנאַפּע 40 קאָפּ. 2) נאָמען פֿון אייראָפּעער אין די מזרח-לענדער.

**פֿראַנקאָ** (איט.) — פֿרײַצוגעשטעלט די סחורה.

**פֿראַנקמאַסאָן** (פֿר.) — ז. פֿרײַמױ-ערער.

**פֿראַקציע** (לאַט.) — טייל, קלײַנע פּאָליטישע פּאַרטײַ.

**פֿריוואָל** (לאַט.) — ווערטלאָז, פּשוט, גראָב.

**פּריז** (פר.) — געשטריפּט שטיק האָלץ מיט פערציערונגען און דער אַרכיטעקטור.

**פּריזור** (פר.) -- האָרפּוץ, פּערקעמונג פון די האָר.

**פּריזער** (פר.) -- האָרשערער און קעמער.

**פּרײַמױערער** — פערבינדונג פון מענשען אָהן אונטערשיעד פון שטאַנד, געשלעכט, קלאַס, רע־ליגיע און נאַציאָנאַליטעט מיט דעם ציעל צו היטען די ריינהייט פון די זיטען און שטרעבען צו אַלעם עדעלען און ערהאַבענעם.

**פּריקאַנדאָ** (פר.) — געדעמפּפטע קאַלבפלייש־שניצעל.

**פּרעגאַט** (פר.) -- לײַכטע דרײַמאַס־טיגע קריעגס־שיף.

**פּרעיאַ** (סקאַנדינ.) – געטין פון ליעבע און פרוכטבאַרקייט.

**פּרענאָלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען די מענשליכע מוחות.

**פּרענעזיע** (גר.) -- משוגעת, קראַנק־הייט פון מוח.

**פּרעסקאָ** (איט.) — פּריש.

**פּרעסקאָמאַלערײַ** (איט.־דײַטש) — מאַלערײַ אויף פּריש אויס־געקאַלכטע וואַנד.

## צ.

**צאַר** — טיטעל פון רוסישען קייזער.

**ציגײַנער** — אינדישער שבט, וועל־כער וואַנדערט פון פּינפצעהנ־טען יאָהרהונדערט אָן איבער גאַנץ אײַ־ראָפּאַ.

**ציוויל** (לאַט.) — בירגערליך.

**ציוויליזאַציע** (לאַט.) — ענטוויקלונג פונ'ם געזעלשאַפטליכען און קולטורעלען לעבען, בילדונגסשטאַנד.

**ציוויליזירען** (לאַט.) — אויסבילדען, פערפײַנערען, מאַכען אויס ווילד.

**ציווילעריע** — חתונה אָהן רעלי־גיעזע צערעמאָניעס, און נאָר דורך אַ שריפטליכען אַקט פון די ציוויל־בעאַמטע.

**ציוניזמוס** (פון „ציון") – שטרעבונג און בעוועגונג, וועלכע האָבען דעם ציעל צו שאַפען פאַר'ן יודישען פאָלק אַן עפענטליך־רעכטליך געזיכער־טעס היימאַטס־לאַנד אין ארץ־ישראל.

**ציוניסט** - אַנהענגער פונ'ם ציוניזמוס.

**ציטאָ** — (לאַט.) שנעל, גיך.

**ציטאַדעל** (איט.) -- קלײנע פעסטונג.

**ציטאַטע** (לאַט.) — אויסצוג פון אַ ווערק צום בעשטעטיגען אַ מיינונג.

**ציטווערזאַמען** -- הערמקרויט, זאַמען, וועלכע מען נוצט קינדער געגען ווערם.

**ציטירען** (לאַט.) — ברענגען אויסצוגען פון אַ ווערק.

**ציטראָנאַט** (לאַט.) — אין צוקער איינגעמאַכטע ציטרינענשאָל.

**ציטרין** (לאַט.) — בערגקריסטאַל פון וויינגעלבער פאַרב.

**ציטרע** — ז. גיטאַרע.

**צילינדער** (גר.) — געאָמעטרישער קערפער פון דער פאָרם פון אַ גאַנץ קיילכיגען קלאָץ, וואַלצע.

**צימבעל** (גר.) — מין מוזיקאַלישער אינסטרומענט.

**צין** (לאַט.) — מעטאַל פון פאַסט זילבער-ווייסע פאַרב.

**צינאָבער** (לאַט.) — פערבינדונג פון קוועקזילבער מיט שוועבעל, שענע רויטע מאַלערפאַרב.

**ציניזמוס** (גר.) — 1) לערע פון'ם גריכישען פילאָזאָף אַנטיסטענעס, וועלכע בעשטעהט אין פעראַכטונג צו אַלע אויסערע פערמליכקייטען, מנהגים און געברויכען. 2) אונפערשעמטהייט, גראָבהייט, נבול-פה.

**ציניקער** (גר.) — 1) אָנהענגער פון די לערע אַנטיסטענעס. 2) אונפערשעמטער, אויסגעלאַסענער, גראָבער.

**ציניש** (גר.) — 1) לויט די לערע פון ציניזמוס. 2) אונפערשעמט, אויסגעלאַסען.

**צינק** (לאַט.) — העל-בלאָליך, גראָעס מעטאַל.

**צינקאָגראַפיע** (גר.) — דרוק מיט צינק-פלאַטען.

**צינקוויטריאָל** (לאַט.) — שוועבעלזויערעס צינקאָקסיד אין דער פאָרם פון קליינע ווייסע קריסטאַלען.

**צינקווייס** — ווייסער צינקאָקסיד, ווערט בענוצט אַלס מאַלערפאַרב.

**צים** (לאַט.) — 1) פון דער זייט (טייך אָדער בערג). 2) אין דער מוזיק — העכערער טאָן.

**ציסטערנע** (לאַט.) — אויסגעקאַכטער גרוב צום בעהאַלטען רעגען-וואַסער.

**ציצעראָ** — גרעסטער מין דרוקשריפט.

**ציקאַדע** (לאַט.) — מין אינזעקט, ענליך צו אַ גריל.

**ציקאָריע** (לאַט.) — מין געוויקס, פון וועלכען עס ווערט אויסגעאַרבייט אַ סוראָגאַט פון קאַפע.

**ציקוטע** (לאַט.) — גיפטיג געוויקס, וואָס מיט זיין זאַפט האָט זיך סאָקראַט גע'סמ'ט.

**ציקל** (גר.) — קרייז, קרייז פון יאָהרען אָדער צאָהלען אין אַ בעשטימטער אָרדנונג.

**ציקלאָמעטריע** (גר.) — טייל פון געאָמעטריע, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט מעסטונג פון קרייזען.

**ציקלאָן** (גר.) — שטאַרקער שטורמווינד.

**ציקלאָפען** (גר.-מיטאָל.) — איינאויגיגע ריעזען, וועלכע האָבען געהאָלפען דעם גאָט וואולקאַן שמידען בליצען פאַר יופיטער'ן.

**ציִרום** (לאַט.) — פעדערוואָלקען.

וויַסע וואָלקען אין דער פאָרם פון פעדערן.

**ציִרק** (לאַט.) — 1) ביַ די רוימער פּלאַץ, אויף וועלכען עס פלעגען פאָרקומען קעמפּפע פון חיות צווישען זיך און דערנאָך פון מענשען מיט חיות, מיט פיעל ערטער פאַר׳ן פובליקום. 2) הויז, וואו עס קומען פאָר פאָרשטעלונגען פון חיות א. ד. גל.

**ציִרקאַ** (לאַט.) - אונגעפעהר, אַנ׳ערך.

**ציִרקאָן** (לאַט.) - טײַערער, קריסטאַלפאָרמיגער שטיין.

**ציִרקול** (לאַט.) — 1) געאָמעטריש אינסטרומענט צו מאַכען קרײַזען. 2) קרײַז, אַבטהײלונג, איבערהויפּט פּאָליצײַ־אַבטהײלונג (אוטשאַסטאָק).

**ציִרקולאַציִע** (לאַט.) - דאָס לויפען אהין און אַהער, איבערהויפּט פונ׳ם בלוט אין קערפּער.

**ציִרקוליִרען** (לאַט.) - לויפען אַהין און צוריק.

**ציִרקולאַר** (לאַט.) — געדרוקטער בריעף, וועלכער ווערט צו דערזעלבער צײַט פונאַנדערגעשיקט אַ סך מענשען.

**ציִזור** (לאַט.) — קורצע פּויזע אין מיטען אַ פערז.

**צעך** - געזעלשאַפט פון בעלי־מלאכות פון דערזעלבער בראַנזשע.

**צעלולאָז** (לאַט.) - שטאָף פון אינוועניג אין די צעלען.

**צעלע** (לאַט.) — קאַמערל.

**צעמענט** (לאַט.) — קוט, נעפּיש פון קאַלך, זאַמד מיט וואַסער.

**צענזאָר** (לאַט.) - 1) ביַ די פאַרצײַטיגע רוימער הויכער בעאַמטער, וועלכער האָט געהאַט די אויפזיכט אויף די אַלגעמײַנע זיטליכקײַט. 2) בעאַמטער, וועלכער קוקט דורך מאַנוסקריפּטען, אויב עס איז נישטאָ אין זיי שטעלען געגען די רעגירונג און די הערשענדע רעליגיע.

**צענזוס, צענז** (לאַט.) — אָבשאַצונג פונ׳ם פערמעגען; פערמעגענסצושטאַנד, בילדונגסצושטאַנד, שטאַנד אין דער געזעלשאַפט.

**צענזור** (לאַט.) — דורכזעהונג פון מאַנוסקריפּטען דורך רעגירונגסבעאַמטע, איידער זיי ווערען געדרוקט.

**צענזירען** (לאַט.) — אָבשאַצען, בעאורטהײלען, דורכזעהן.

**צענט** (לאַט.) - הונדערט, הונדערטסטעל: פון אַ גולדען אין עסטרײַך און האָלאַנד, פון אַ דאָלאַר אין אַמעריקאַ א. ז. וו.

**צענטוריִאָן** (לאַט.) - שר המאה, קאָמאַנדיר פון אַ צענטוריע.

**צענטוריִע** (לאַט.) — מאה: זעלנער אָדער אײַנוואָהנער אין פאַרצײַטיגען רוים.

**צענטיִ** (לאַט.) - אין צוזאַמענזעצונגען אַ הונדערטסטעל.

**צענטיִאַר** (לאַט.) - הונדערטסטעל אַר.

**צענטיִגראַם** (לאַט.) - הונדערטסטעל גראַם.

**צענטיליטער** (לאַט.) — הונדערט־סטעל ליטער.

**צענטימעטער** (לאַט.) — הונדערט־סטעל מעטער.

**צענטיפּאָליע** (לאַט) — הונדערט־בלעטעריגע ראָזע.

**צענטראַל** (לאַט.) – אים מיטעלפּונקט, נאָנ'ן מיטעלפּונקט ווירקענד, מיטעלסטער טייל, הויפּט־טייל.

**צענטראַלבעוועגונג** — בעוועגונג פון אַ קערפּער אויף אַ קרייז־פערמיגען וועג אַרום אַ קערפּער, וועל־כער געפינט זיך אין צענטרום פון דעם דאָזיגען קרייז.

**צענטראַליזאַציע** (לאַט.) — פער־איינינונג אין איין מיטעל־פּונקט, אינבערהויפּט פון רעגירונגס־ענינים.

**צענטראַליזירען** (לאַט.) – פעראייי־ניגען אין איין מיטעלפּונקט.

**צענטראַלפערוואַלטונג** - הויפּט־רעגירונג, וועלכע פערוואַל־טעט מיט די ענינים פון דער גאַנצער מדינה.

**צענטראַלקאָמיטעט** (לאַט) — קאָמיטעט, וועלכער פער־וואַלטעט מיט די ענינים פון דער גאַנצער געזעלשאַפט אָדער פּאַרטיי.

**צענטראַלקראַפט** - קראַפט, וועל־כע איז די אורזאַכע פון אַ צענטראַלבעוועגונג.

**צענטרום** (לאַט.) — 1) מיטעלפּונקט, מיט. 2) מיטעלפּאַרטיי אין פּאַרלאַמענט.

**צעראַט** (לאַט.) – 1) וואַקספּלאַסטער. 2) גוטאַרטיגעס טוך.

**צעראָפּלאַסטיק** (לאַט.) — אויסאַר־בייטונג פון וואַקסבילדער.

**צערטיפיקאַציע** (לאַט.) - בעגלויבי־גונגסשיין.

**צערעבראַל** (לאַט.) — וואָס געהערט צום געהירן.

**צערעברום** — געהירן.

**צערעמאָניאַל** (לאַט.) – אַלע מנהגים און צערעמאָניעס, וועלכע ווערען אָבגעהיט ביי געוויסע פייער־ליכקייטען.

**צערעמאָניע** (לאַט.) – אויסערליכער געברויך, העפליכקייט, פאָר־מאַליטעט.

**צערעמאָניעל** (לאַט.) — מיט צערע־מאָניעס.

## ק.

**קאַאַבע** (אַראַב.) – היילינער שטיין פון די מחמד'נער אין מעקאַ.

**קאָאַליציע** (פר.) — פערבינדונג פון עטליכע מדינות.

**קאָאָפּטאַציע** (לאַט.) — צוקלויבען זיך חברים פון אַ געוועהל־טען קאָמיטעט אָדער קאָמיסיע.

**קאָאָפּעראַטיוו** (לאַט.) — מיטוויר־

קענד, געגאָסענשאַפטליך, אויף יסודות פון שותפות'דיגער אַרבייט און גלייכער צוטיילונג פון פערדיענסט.

**קאָאָפּעראַציע** (לאַט.) — געגאָסענשאַפט, געזעלשאַפט אויף שותפות צו אַרבייטען, קויפען סחורה און גלייך טיילען דאָס פערדיענסט.

**קאָאָרדינאַטען** (לאַט.) — פעסטע גרעסען, וועלכע בעשטימען די לאַגע פון אַ פונקט.

**קאָאָרדינאַציע** (לאַט.) — צוזאַמענפאַסונג.

**קאַבאָטאַזש** (פר.) — רייזען אויפ'ן ים נעבען ברעג; פיהרען האַנדעל נעבען ברעג פון ים.

**קאַבאָטירען** (פר.) — 1) אַרומפאָהרען אויפ'ן ים נעבען ברעג. 2) פיהרען האַנדעל נעבען ברעג פון ים.

**קאָבאַלט** (לאַט.) — ברוינליך־גראָעס מעטאַל.

**קאַבאַק** (רוס.) — רוסישע דאָרפישע שענק.

**קאַבאַרעט** (פר.) — שענק און קאַפעהויז.

**קאַבאַשאָן** (פר.) — אומגעשניטענער, נאָר פּאָלירטער עדעלשטיין.

**קאַבינעט** (פר.) — 1) קליין צימער, 2) אַרבייטסצימער. 3) מיניסטעריום אין קאָנסטיטוציאָנעלע מדינות.

**קאַבעל** (האָל.) — טעלעגראַף אונטער דעם ים אָדער אונטער דער ערד.

**קאַבריאָלעט** (פר.) — לייכטע בריטשקע מיט צוויי רעדער און איין פערד.

**קאָגנאַט** (לאַט.) — קרוב פון דער מוטער'ס זייט.

**קאָדאַ** (איט.) — מוזיקאַלישעס שטיק צום שלוס פון אַ פּיעסע.

**קאַדאַווער** (לאַט.) — פגר, טויטער קערפער.

**קאַדאַנס** (פר.) — שלוס פון אַ טאָן, טאַקט, טריט.

**קאַדוצעאוס** (לאַט.) — שטעקען פונ'ם האַנדעלס־גאָט מערקור, סימבאָל פון שלום.

**קאַדי** (אַראַב.) — שופט, ריכטער.

**קאָדיפיקאַציע** (לאַט.) — פעראייניגונג פון אַלע עקזיסטירענדע געזעצען אין איין זאַמעלבוך.

**קאַדיציל** (לאַט.) — לעצטע צוואה, לעצטער ווילען פונ'ם שכיב מרע, לויט וועלכען עס ווערט אָפּט געענדערט דער אינהאַלט פון זיינס אַ פריהערען טעסטאַמענט.

**קאַדעט** (פר.) — 1) יונגערער עדעלמאַן אין פראַנקרייך. 2) תלמיד פון אַ אָפיציערען־שולע. 3) קאָנסטיטוציאָנעלער דעמאָקראַט־מיטגליעד פון אַ פּראָגרעסיווער פּאַרטיי אין רוסלאַנד, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען נאָכ'ן אָקטאָבער־מאַניפעסט פון יאָהר 1905 און האָט דעם ציעל איינצופיהרען אין רוסלאַנד ברייטע רעמאָקראַטישע רעפאָרמען, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג פאַר אַלע איינוואָהנער־

פֿון דער מדינה אויפ'ן קאָנסטיטוציאָ=
נעלען, פּאַרלאַמענטאַרישען וועג.
קאָדעקס (לאַט.) — געזעצבוך.
קאָדעקס נאַפּאָלעאָנ'ס – געזעצ=
בוך, וועלכעס איז פֿער=
פֿאַסט געוואָרען אונטער דער רעגירונג
פֿון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען אין אָנהויב
פֿון נײַנצעהנטען יאָהרהונדערט.
קאַדר (פֿר.) — רעהם, אײַנפֿאַסונג,
פּלאַן, עסקיז.
קאַדריל (פֿר.) – טאַנץ פֿון פֿיער פּאָר.
קאָהאָרטע (לאַט.) – צעהנטעל לעגיאָן
אין רוימישען מיליטער.
קאָהעזיאָן (לאַט.) — צוזאַמענהאַנג.
קאַוואַטינע (איט.) — קורצע אַריע.
קאַוואַליער (פֿר.) – רײַטער; הערר.
קאַוואַלעריסט (פֿר.) – סאָלדאַט אויף
פֿערד.
קאַוואַלעריע (פֿר.) – רײַטענדעס מי=
ליטער פֿון אַ אַרמעע.
קאַוואַלקאַד (פֿר.) — רײַטערצוג,
גרופּע רײַטער.
קאַוואַס (טיר.) – פּאָליצײַ=סאָלדאַט אין
טערקײַ.
קאַוויאַר ~ אײַנגעזאַלצענע רויגען פֿון
פֿערשידענע סאָרטען פֿיש.
קאַווירען (לאַט.) — גוטזאָגען, פֿער=
זיכערן.
קאַווענט (לאַט.) — מענש, וועלכער
איז ערב פֿאַר עמיצען.
קאָזאַק (טאַטאַריש) — רוסיש מיליטער
פֿון בעזונדערע שבטים (מאַלאָרוסען,
אײַנוואָהנער פֿון נעבען טײַך דאָן א. ז. וו.).

קאַזאַרמע – ז. קאַזערנע.
קאַזום (לאַט.) — צופֿאַל, מערקווירדי=
גער צופֿאַל.
קאַזואיסט (לאַט.) — געלעהרטער
טעאָלאָג, וועלכער בעשעפֿ=
טיגט זיך מיט שווערע רעליגיעזע
און געוויסענס=פֿראַגען.
קאַזואיסטיק (לאַט.) — לעהרע צו
לעזען געוויסענס=פֿראַגען.
קאַזואַל (לאַט.) — צופֿעליג.
קאַזואַליטעט (לאַט.) – צופֿעליגקײַט.
קאַזינאָ (איט.) — 1) הויז, וואו עס
עס פֿערזאַמעלט זיך פֿאַר=
נעהמע געזעלשאַפֿט. 2) ווילע.
קאַזעמאַטע (שפּאַנ.) – געבײַדע מיט
האַלבקײַלבינגען סופּיט אין
פֿעסטונגען.
קאַזערנע (פֿר.) – געמײַנשאַפֿטליכעס
וואָהנהויז פֿאַר סאָלדאַטען.
קאַט (ענגל.) – ענגלישעס דרײַמאַסטי=
געס שיף צו פֿיהרען שטײַנ=
קוילען.
קאַטאַלאָג (גר.) — רשימה, צעטעל
(איבערהויפּט פֿון ביכער מיט
די פּרײַזען).
קאַטאַליציזמוס (גר.) — קירכליכע
אָרדנונג פֿון אַ גרויסען טײל
קריסטען אונטער דער אויפֿ=
בערפֿערוואַלטונג פֿונ'ם פּאַפּסט אין רוים.
קאַטאָליקאָן (גר.) - מיטעל צו אַלע
קראַנקהײַטען.
קאַטאָליקאָס (גר.) — אַרמענישער
פּאַטריאַרך.

**קאַטאַלעפּסיע** (גר.) – נערווענשוואַכהייט, ביי וועלכער דער גאַנצער קערפּער ווערט ווי פערשטאַרט.

**קאַטאַלעקטען** – זאַמלונג פון שטיקלעך פון אַלטע שריפטשטעלער.

**קאַטאָן** (פר.) — בוימוואָל, בוימוואָלנאַרען.

**קאַטאַסטער** (איט.) — בוך, אין וועלכען עס זענען פערשריבען אַלע גרונדבעזיצען מיט די נעהמען פון זייערע איינגענטימער, זייער ווערט און די שטייערען פון זיי.

**קאַטאַסטראָפע** (גר.) – 1) אונגעהויער גרויס אומגליק, טרויעריגער סוף. 2) פלוצליכע ענדערונג אין אַ דראַמע.

**קאַטאַפאַלק** (גר.) — עמוד מיט טרויער־פערפּוצונגען אויף ארויפצושטעלען די טרומנע מיט'ן ברמינן.

**קאַטאַפּולטאַ** (גר.) – וואורף־מאַשין.

**קאַטאַפּלאַזמאַ** (גר.) — אומלייגעכץ פון לייַנזאָמען, מעהל מיט וואַרעם וואַסער, כדי ווייך צו מאַכען אַ מכה.

**קאַטאַקאָמבען** (גר.) — קברים אין הייֵלען אונטער דער ערד.

**קאַטאַקוסטיק** (גר.) - לעהרע וועגען ווידערקלאַנג.

**קאַטאַקליזמאַ** (גר.) — מבול, פערפלייצונג.

**קאַטאַר** (גר.) — ענטצינדונג פון דער שליימהויט און פערשידענע ערטער פון'ם מענשליכען קערפּער.

**קאַטידזש** (ענגל.) – קליינע בעקוועמע ווילע.

**קאַטיליאָן** (פר.) — אַלטער פראַנצויזישער טאַנץ.

**קאַטלעט** (פר.) — געהאַקט פלייש, געפּרעגעלט אויף שטאַלין אָדער אויף פּוטער.

**קאַטעגאָריע** (גר.) — 1) אָבטהיילונג, קלאַס, פאַך. 2) גרונדבעגריף אין דער מעטאַפיזיק.

**קאַטעגאָריש** (גר.) — אונבעדינגט, בעשטימט, נישט אַנדעריש.

**קאַטעדער** (גר.) — אָרט אין אוניווערזיטעטס־זאַלען, אויף וועלכען עס שטעהט דער פּראָפעסאָר, ווען ער האַלט די פאָרלעזונג.

**קאַטעדראַלע** (גר.) — קירכע פון אַ בישאָף.

**קאַטעטען** (גר.) – זייטען פון אַ רעכטווינקליגען דרייעק, וועלכע בילדען דעם רעכטען ווינקעל.

**קאַטעטער** (גר.) – חירורגיש רעהרעל צו דערווייטערן אורינע.

**קאַטעכו** (יאַפּאַנ.) — אויסגעטריקנעטער עקסטראַקט פון אָסטאינדישע פלאַנצען, דיענט אַלס פאַרבשטאָף.

**קאַטעכיזיס** (גר.) — קורצעס פאָפּולערעס לעהרבוך פון עפּעס, מייסטענס פון אַ רעליגיע, און דער פאָרם פון פראַגען און אַנטוואָרטען.

**קאַטעכעט** (גר.) רעליגיאָנס־לעהרער.

**קאַטעריע** (לאַט.) — קליינע געזעל־שאַפט, קרענצעל.

**קאַטרען** (פר.) — סטראָפע פון פיער פערזען.

**קאַטשוקאַ** (שפאַנ.) — שפּאַנישער פאָלקסטאַנץ.

**קאַכעקסיע** (גר.) — פערדאָרבענהייט פון אָרגאַניזמוס, שלאַפהייט און בלאַסקייט פון דער הויט.

**קאָלאַבאָראַטאָר** (לאַט.) — מיט־אַרבייטער.

**קאָלאָדיום** (לאַט.) — — אויפלעזונג פון שיעסבוימוואָל און שוועבעל־וויערען עטער.

**קאָלאַטעראַל** (לאַט.) — זייטליך, בייַ דער זייט.

**קאַלאַמבור** (פר.) — וויצינער שפּיעל פון ווערטער מיט עהנליכע קלאַנגען.

**קאַלאָמעל** (גר.) — קוועקזילבער־הלאָריד, ווירקט שטאַרק אַלס אָבפיהרונגס־מיטעל.

**קאָלאָן** (גר.) — טהייל, גליעד; דאָפּעל־פונקט.

**קאָלאָנאַדע** (לאַט.) — אַלעע פון קאָלאָנעס.

**קאַלאָניאַל־סחורה** — סחורה, וועל־כע ווערט געבראַכט פון די וואַרעמע לענדער.

**קאָלאָניזירען** (לאַט.) — בעזעצען אונבעוואָהנטע לענדער אָדער געגענדען מיט מענשען.

**קאָלאָניסט** (לאַט.) — מענש, וועלכער האָט זיך בעזעצט אין אַ נייַ לאַנד, איבערהויפּט אַלס ערדאַרבייטער.

**קאָלאָניע** (לאַט.) — 1) שטיק לאַנד, וועלכעס געהערט אַן אייראָ־פּעאישער רעגירונג און אַן אַנדער וועלט־טהייל. 2) נייַ אָרט, וואו מענשען בעזעצען זיך.

**קאָלאָנע** (לאַט.) — 1) זייל, סלופּ, אויף וועלכען עס שטיצט זיך אַ סופיט פון אַ געביידע. 2) שרענגע מיליטער.

**קאָלאָנעל** (פר.) — אָבערסט, פּולקאָווניק.

**קאָלאָס** (גר.) — ריעזענגעשטאַלט; זעהר גרויסע סטאַטוע.

**קאָלאָסאַל** (גר.) — אונגעהויער גרויס, ריעזיג.

**קאָלאַ פּאַרטע** (איט.) — מיט דער גאַנצער שטימע (אין דער מוזיק).

**קאָלאַפּסוס** (לאַט.) — פּלוצליכע הארץ־אָבשוואַכונג ביי שווע־רע קראַנקהייטען.

**קאָלאָקוויום** (לאַט.) — געשפּרעך מיט דעם צוועק צו עקזאַ־מינירען.

**קאָלאָראַטור** (איט.) — אין דער מוזיק, פערציערונג פון דער מעלאָדיע מיט אַ ריייהע טענער.

**קאָלאָריט** (איט.) — 1) פאַרבונג, פאַרבענצוזאַמענשטעלונג. 2) שריפטליכע אַרט פון שילדערונג.

**קאָלאָרימעטער** (לאַט.־גר.) —

אפּאַראַט צו טעסטען די וואַרימקייט .

**קאָלאָריסט** (לאַט.) — אויסמאָלער , פּאַרבענרײַבער .

**קאַלאָריע** (לאַט.) — נויטיגע טעגנגע וואַרימקייט אויף אָנצוואַרמען 1 גראַם וואַסער אויף איין גראַד .

**קאַלאָריפּער** (פּר.) — הייץ-אַפּאַראַט .

**קאָלאָרירען** (לאַט.) — פּאַרבען , אויסמאָלען , בעפּוצען .

**קאַלאָשען** (פּר.) — איבערשיך , טײַסטענס פון גומי .

**קאָלד-קרעם** (ענגל.) — מין פּאָמאַדע צום פּנים .

**קאָלומנע** (לאַט.) — עמוד , שפּאַלטע , זײַט פון א בלאַט .

**קאַלי** (אַראַב.) — זאַלץ פון פלאַנצענאַש.

**קאַליבער** (פּר.) — גרייס פון דער עפענונג בײַ א שיס-אַפּאַראַט .

**קאַליגראַף** (גר.) — לערער פון שען שרײַבען .

**קאַליגראַפיע** (גר.) — קונסט פון שען שרײַבען .

**קאַליידאָסקאָפּ** (גר.) — רעהרעל , פערשלאָסען פון בײדע זײַטען מיט גלעזלעך , און אינוועניג זענען דאָ עטליכע שפּיגלען , וועלכע קאָנען זיך בעוועגען , און דאַמאָלס קומען אַרויס פערשידענפאַרביגע בילדער .

**קאָליזיע** (לאַט.) — צוזאַמענשטויס פון ענטגעגענגעזעצטע קרעפטען אָדער אינטערעסען .

**קאָליזעאום** (לאַט.) — פּרעכטיג און אונגעהייער גרויס אַמפיטעאַטער און פאַרצײַטיגען רוים .

**קאָליע** (פּר.) — האַלזבאַנד .

**קאַלמאַנג** (פּר.) — גראָבער וואָלענשטאָף .

**קאָלעגיום** (לאַט.) — זיצונג פון בעאַמטע , ריכטער א. ד. גל. וועלכע לעזען פראַגען מיט שטימענמעהרהייט .

**קאָלעגע** (לאַט.) — חבר , וועלכער האָט בעזוכט די זעלבע שולע אָדער בעשעפטיגט זיך מיט'ן זעלבען פאַך .

**קאָלעדזש** (ענגל.) — האָכשולע און ענגלאַנד און אַמעריקע .

**קאָלעזש** (פּר.) — מיטעלשולע און פראַנקרייך און בעלגיען .

**קאַלענדאַר** (לאַט.) — לוח , בוך מיט אויסרעכנונג פון דער צײַט .

**קאָלעקטאַנעען** (לאַט.) — געזאַמעלטע נאָטיצען .

**קאָלעקטאָר** (לאַט.) — פערקויפער פון לאָטעריע-צעטלען .

**קאָלעקטיוו** (לאַט.) — צוזאַמען , געמיינשאַפטליך .

**קאָלעקטיוויזמוס** (לאַט.) — שטרעבונג צו מאַכען פאַר געמיינשאַפטליך , געהעריג צום כלל , די גרויסע מאַשינען , קאַפּיטאַלען און די ערד-אײַגענטומער .

**קאָלעקציע** (לאַט.) — זאַמלונג פון מוסטערען .

**קאָלפּאַק** — הויכע פעלצענע מיץ.

**קאָלפּאָרטאַזש** (פר.) – אַרומטראָגונג פון סחורה צו פערקויפען, איבערהויפּט פון צייטונגען און אַנדערע פערי׳אָדישע אויסגאַבען.

**קאָלפּאָרטער** (פר.) — צייטונגס־טרעגער.

**קאַלקול** (פר.) — בערעכנונג, אויס־רעכנונג.

**קאַלקולאַטאָר** (פר.) — רעכנער, רעכנונגספיהרער.

**קאַלקולאַציע** (פר.) — אויסרעכנונג, איבערהויפּט פון פרייזען, אויף וועלכע מען דאַרף פערקויפען אַ סחורה.

**קאַלקולירען** (פר.) – אויסרעכנען.

**קאַלקע** (פר.) – דורכצייכנונג, בלאָה פּאַפּיער, וועלכעס מען לעגט צווישען צוויי בלעטער שרייב־פּאַפּיער; ווען מען שרייבט אויפ׳ן אויבערשטען, קומט אויך אַרויס דאָס געשריבענע אויפ׳ן אונטערשטען.

**קאָמאַ** (גר.) — איינשניט, אָבשטע־לונגס־צייכען (,).

**קאָמאָדאָר** (ענגל.) – קאָמאַנדיר פון עטליכע קריגסשיפען.

**קאָמאָדע** (לאַט.) — קאַסטען מיט שופלאָדען.

**קאָם איל פאָ** (פר.) — ווי עס דאַרף צו זיין.

**קאָמאַנדאַנט** (פר) — אויבערפיהר־וואַלטער, איבערהויפּט פון אַ פעסטונג.

**קאָמאַנדיט־געזעלשאַפט** – האַנ־



דעלס־געזעלשאַפט, און וועלכער די שותּפים בעטייליגען זיך נאָר מיט זייער קאַפּיטאַל, און די געשעפטען פיהרט אַנ׳אַנדערער.

**קאָמאַנדירען** (פר.) — בעפעהלען, בעהערשען.

**קאָמאַנדע** (פר.) — בעפעהל, הערשאַפט.

**קאָמאָנער** (ענגל.) — 1) איינפאַכער ענגלישער בירגער, נישט קיין פּער. 2) מיטגליעד פון ענגלישען אונטערהויז.

**קאָמאָס** (גר.־מיטאָל.) – גאָט פון פרעה־ליכקייט.

**קאַמאַרילע** (שפּאַנ.) — פערבאָרגענע פּאַרטיי פון קעניגס ליעבלינגע, וועלכע האָבען אַ שטאַרקע השפּעה אויף איהם און די פערוואַלטונג פונ׳ם לאַנד.

**קאָמבינאַטאָר** (לאַט.) — מענש, וועלכער מאַכט פערשידענע האַנדעלס־קאָמבינאַציעס.

**קאָמבינאַציע** (לאַט.) – פערבינדונג פון פערשידענע זאַכען, בעגריפען אָדער פאָרשטעלונג; בע־רעכנונג פון מעגליכע פעלען און צוזאַ־מענבינדונג פון זיי צו געוויסע צוועקען.

**קאָמבינירען** (לאַט.) — אויסרעכנען פערשידענע פעלען, זאַכען, בעגריפען און צוזאַמענבינדען זיי צו געוויסע צוועקען.

**קאָמונאַל** (לאַט.) — וואָס איז שייך צו דער געמיינדע.

**קאָמוניזמוס** (לאַט.) – שטרעבען צו מאַכען אַלעס (נישט נאָר דעם קאַפּיטאַל און די מאַשינען) פֿאַר שותּפֿות׳דיגעם פֿערמעגען פֿון אַלע מענשען אויף דער וועלט.

**קאָמוניסט** (לאַט.) — אָנהענגער פֿון קאָמוניזמוס.

**קאָמוניסטיש** (לאַט.) – לויט די פֿאָדערונגען פֿון קאָמוניזמוס.

**קאָמוניקאַט** (לאַט.) — שריפֿטליכע מיטטיילונג.

**קאָמוניקאַציע** (לאַט.) – פֿערבינדונג (דורך פּאָסט, טעלעגראַף, טעלעפֿאָן, אײַזענבאַהנען, דאַמפּפֿער א. ד. גל.).

**קאָמוניקע** (פֿר.) — רעגירונגס-מיטטיילונג.

**קאָמונע** (לאַט.) — געמיינדע; צווײַ רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען אין פּאַריז: איינע אין יאָהר 1792, די צווייטע – אין 1871 (פּאַריזער קאָמונע).

**קאָמי** (פֿר.) – האַנדעלס-סוביעקט.

**קאָמיוואָיאַזשער** (פֿר.) – האַנדעלס-רײַזענדער.

**קאָמיזמוס** (גר.) — לעכערליכקייט, לעכערליכע זײַט פֿון אַ זאַך.

**קאָמיטאַט** (לאַט.) – לאַנדעסבעצירק (אויעזד) אין אונגאַרן.

**קאָמיטעט** (ענגל.) — אויסגעוועהל-טער פֿאָרשטאַנד פֿון אַ פֿעראיין, געזעלשאַפֿט א. ד. גל.

**קאָמילטאָן** (לאַט.) – חבר פֿון איין האָכשולע.

**קאָמיסאַר** (לאַט.) — בעפֿאָלמעכטיג-טער אויסצופֿיהרען עפּעס, איבערהויפּט אין פּאָליציי-אַנגעלעגענהייט.

**קאָמיסיאָנס-געשעפֿט** – אויספֿיה-רונג פֿון סוחרישע געשעפֿ-טען פֿאַר אַנדערע פֿאַר בעשטימטע פּראָווויזיע.

**קאָמיסיאָנער** (לאַט.) – סוחר, וועל-כער פֿיהרט אויס פֿרעמדע געשעפֿטען פֿאַר בעשטימטע פּראָווויזיע.

**קאָמיסיע** (לאַט.) — 1) איבערגעבונג פֿון אויספֿיהרען פֿרעמדע אונטערנעהמען. 2) געוויסע פּערזאָן, וועל-כע עס ווערט איבערגעגעבען אויסצו-פֿיהרען אַ זאַך.

**קאָמיציען** — עפֿענטליכע פֿאָלקס-פֿערזאַמלונגען פֿון די רוימער וועגען פֿערשידענע פּאָליטישע ענינים.

**קאָמיקער** (גר.) – פֿאָרשטעלער פֿון קאָמישע ראָלען.

**קאָמיש** (גר.) – וואָס איז שייך צו אַ קאָמעדיע, לעכערליך.

**קאָמלאָט** (פֿר.) – צייג פֿון וואָל, ציגענהאָר, זײַדענס א. ד. גל.

**קאָמעדיאַנט** (פֿר.) – פֿאָרשטעלער פֿון לעכערליכע ראָלען אין גאַסען-פֿאָרשטעלונגען.

**קאָמעדיע** (גר.) – דראַמאַטישע פֿאָר-שטעלונג, אין וועלכער מענ-שען אָדער די גאַנצע געזעלשאַפֿט ווערען פֿאָרגעשטעלט פֿון דער קאָמי-שער, לעכערליכער זײַט.

**קאָמעט** (גר.) – געשווינד פֿערשווינ-דענדער שטערען מיט אַן עק.

**קאָמענטאַטאָר** (לאַט.) – ערקלערער, מפרש.

**קאָמענטאַר** (לאַט.) — ערקלערונג, פּירוש.

**קאָמענטירען** (לאַט.) — אויסלעגען, ערקלערען.

**קאָמענס** (ענגל.) — ענגלישעס אונטערהויז.

**קאַמיעע** (פר.) — געשניטענער שטיין, ביי וועלכען די פיגור האָט אַנ'אַנדערע פאַרב ווי דער גרונד.

**קאַמערא אָבסקוראַ** (לאַט.) — אָפּטישער אַפּאַראַט פאַר צייכנער און פאָטאָגראַפען, בעשטעהט פון אַ פערמאַכט קעסטעל מיט אַ מאַטע שויב אין איין זייט און אַ פערגרעסער-גלאָז — אין דער אַנדערער.

**קאַמעראַליסט** (לאַט.) — קענער פון שטאַאַטס-וויסענשאַפטען.

**קאַמעראַליען** (לאַט.) — שטאַאַטס-וויסענשאַפטען.

**קאַמערטאָן** — נאָפּעלאַרטיגער שטאָהלענער אינסטרומענט, וועלכער גיט אַרויס טיעפע טענער ביי בעוועגונג.

**קאָמערס** (פר.) — פערוויילונגס-אָווענד לכבוד עפּעס.

**קאָמערץ** (לאַט.) – האַנדעל.

**קאָמערציאַל** (לאַט.) — וואָס איז שייך צום האַנדעל.

**קאָמערצירען** (לאַט.) — האַנדלען, פיהרען געשעפטען.

**קאָמפּאָזיציע** (לאַט.) — צוזאַמענזעצונג, פערפאַסונג פון מוזיקאַלישע שטיקער.

**קאָמפּאָט** (פר.) — מיט צוקער איינגעקאָכטעס אויבסט.

**קאָמפּאַטריאָט** (פר.) — לאַנדסמאַן.

**קאָמפּאַניאָן** (פר.) — שותף.

**קאָמפּאָניסט** (לאַט.) — פערפאַסער פון מוזיקאַלישע שטיקער.

**קאָמפּאַניע** (פר.) — געזעלשאַפט, האַנדעלסגעזעלשאַפט.

**קאַמפּאַניע** (פר.) — מלחמה, מלחמה-צייט.

**קאָמפּאָנירען** (לאַט.) — פערפאַסען מוזיקאַלישע שטיקער.

**קאָמפּאַס** (פר.) — מאַגנעט-נאָדעל (ז. דאָרט.) אויף אַ שטיפט אין אַ קיילכיג קעסטעלע מיט אַ שייבעל.

**קאָמפּאַקט** (לאַט.) — געדיכט, צוזאַמענגעדריקט.

**קאָמפאָרט** (ענגל.) בעקוועמליכקייט.

**קאָמפאָרטאַבעל** (ענגל.) — בעקוועם, ברייטליך.

**קאָמפּילאַטאָר** (לאַט.) — צוזאַמענשטעלער פון אַ ווערק לויט פערשיעדענע שריפטען.

**קאָמפּילאַציע** (לאַט.) — זאַמלונג פון ערטער פון פערשידענע שריפטען צו איין ווערק.

**קאָמפּילירען** (לאַט.) — צוזאַמענשטעלען אַ ווערק לויט פערשידענע פרעמדע ווערק.

**קאָמפּלאָט** (פר.) — בונט, פערשווערונג געגען די רעגירונג.

**קאָמפּלימענט** (פר.) — בעגריסונג, העפליכקייטס-וואָרט, פאַלשער רוהם פון עמיצענס מעלות פון העפליכקייט וועגען.

**קאָמפּליצירען** (לאַט.) — פערוויקלען, פערדרעהען.

**קאָמפּליקאַציע** (לאַט.) — פערוויקלונג, פערדרעהונג.

**קאָמפּלעט** (לאַט.) — פאָלקאָם, אינגאַנצען.

**קאָמפּלעטירען** (לאַט.) — מאַכען פאָלשטענדיג, צונויפקלויבען די טהיילען, וועלכע פעהלען פון א ווערק א, ד, גל.

**קאָמפּעטענט** (לאַט.) – גענוט, בערעזאָן, אויף וועלכע מען קאָן זיך פערלאָזען, וועלכע האָט דאָס רעכט אויף אַ בעשטימטע זאַך.

**קאָמפּעטענץ** (לאַט.) — פעהיגקייט וועגען עפּעס צו משפּט׳ן, רעכט אַ בעשטימטע זאַך צו טהון.

**קאָמפּענסאַציע** (לאַט.) — אויסגלייכונג, פערגיטיגונג.

**קאָמפּראָמיטירען** (לאַט.) – ברענגען אין אַ שווערע פערלעגענהייט; מאַכען צו שפּאָט און שאַנד.

**קאָמפּראָמיס** (לאַט.) – אויסגלייך נאָך לאַנגע וכוחים און נאָכגעבונג פון ביידע זייטען.

**קאָמפּרעס** (לאַט.) — איינגענעצטעס און וואַסער אָדער אַנ׳אַנדער היילפּליסיגקייט שטיקעל טוך צוצולעגען אויף וואונדען אָדער אַנדערע שמערצהאַפטע ערטער פונ׳ם קערפּער.

**קאַראַבין** (פר.) — קורצער ביקס.

**קאַראַוואַן** (אַראַב.) — געזעלשאַפט פון רייזענדע סוחרים אָדער עולי-לרגל (מייסטענס אויף קעמלען).

**קאַראַוואַן-סאַריי** (אַראַב.) – געביידע אויפצונעהמען קאַראַוואַנען אויפ׳ן וועג.

**קאַראַט** (אַראַב.) — געוויכט פאַר גאָלד און טייערע שטיינער.

**קאָראַלען** (גר.) — שטיינאַרטיגע מאַסען, געבילדעט פון פּאָליפּען אויפ׳ן גרונד פונ׳ם ים.

**קאַראַמבאָל** (פר.) — רויטע שפּיעל-קויל אין בילאַרד.

**קאַראַמבאָלירען** (פר.) — עטליכע קוילען טרעפען מיט דער קויל, וועלכע מען שפּיעלט.

**קאַראַמעל** (פר.) — ברוינער געברענטער צוקער.

**קאָראַן** (אַראַב.) — תורה פון די מחמד׳נער.

**קאַראַנטען** (פר.) — אויפענטהאַלט און אַנשטאַלט צו דעזינפעקצירען רייזענדע, וועלכע קומען פון ערטער, וואו עס הערשען עפּידעמישע קראַנקהייטען.

**קאַראַפאָן** (פר.) — קוהל-עמער, נעפעס מיט איז צו קוהלען וויין.

**קאַראַפקע** (פר.) — פלאַש פון געשליפען גלאָז.

**קאַראַקאָל** (פר.) — געשווינדער דרעה פון אַ רייטער מיט׳ן פערד.

**קאַרבאָל** (לאַט.) — שטאַרקע זוירע, ווערט בענוצט אַלס אַנטיסעפּטיש און דעזינפעקציאָנס-מיטעל.

**קאַרבאָנאַריער** (איט.) — קוילען-ברענער: געהיימע פּאָליטישע געזעלשאַפט אין איטאַליען.

**קאַרבאָניזאַציע** (לאַט.) — פערוואַנדלונג אין קוילען.

**קאַרגאַ** (שפּאַנ.) — לאַדונג אויף אַ שיף, פערצייכניס פון דער לאַדונג.

**קאַרדאַמאָן** (גר.) — אינדישע געווירץ-קערנער.

**קאָרדאָן** (פר.) — 1) פּאָדעם, גאַרען. 2) שטרענגע מיליטער.

**קאָרדואַן** (שפּאַנ.) — ווייך שפּאַניש לעדער.

**קאַרדיאַלגיע** (גר.) — האַרץ- און מאָגען-שמערצען.

**קאָרדילערען** (שפּאַנ.) — בערג אין אַמעריקאַ.

**קאַרדינאַל** (לאַט.) — 1) הויפּט, וויכטיגסט. 2) וויכטיגסטער גייסטליכער נאָכ'ן פּאַפּסט.

**קאָרוועט** (פר.) — שנעל געהענדעס קריגס-שיף.

**קאַרוזעל** (פר.) — 1) איינריכטונג פון הילצערנע פערד, אויף צו דרעהען זיך אויף זיי אַרום און אַרום. 2) שולע צו לערנען זיך רייטען.

**קאָרופּט** (לאַט.) — פערדאָרבען, אונטערגעקויפט.

**קאָרופּציע** (לאַט.) — פערדאָרבענהייט, אונטערקויפונג, שוחד.

**קאָרט** (ענגל.) — העכסטע געריכטס-אינסטאַנץ אין ענגלאַנד.

**קאַרט בלאַנש** (פר.) — פולמאַכט איינעם צו טהון, וואָס ער וויל.

**קאַרטאָן** (פר.) — 1) דיק פּאַפּיער, דעקעל. 2) פּאַפּירענער איינבאַנד פון אַ בוך. 3) געצייכענט פאָרבילד פאַר מאַלער.

**קאַרטיזאַן** (פר.) — שטיקער פּאַפּיער מיט פעדעם פון גאָלד, זילבער אָדער זיידענס.

**קאַרטעזיש** (לאַט.) — פּאַראַדנער גאַסען-צוג.

**קאַרטעטש** (איט.) — קליינע אייזערנע קיילעכלעך, וועלכע ווערען געשאָסען אין זעהר אַ גרויסע צאָהל אויף אַ מאָל.

**קאַרטעל** (פר.) — 1) אַרויספאָדערונג צו אַ דועל. 2) אָבמאַך צווישען צוויי מדינות (וועגען אויסטויש פון געפאַנגענע, פיהרען האַנדעל אין דער צייט פון אַ מלחמה א. ד. גל.).

**קאָרטעס** (שפּאַנ.) — פּאַרלאַמענט אין שפּאַניען און פּאָרטוגאַל.

**קאַריאַטידע** (גר.) — אין דער אַרכיטעקטור: פרויען-פיגור, וועלכע טראָגט אויפ'ן קאָפּ אַ סופיט.

**קאָריבאַנטיש** (גר.) — מיט גרויסען רעש, שמחה און התלהבות.

**קאָריבאַנטען** (גר.) — פּריעסטער פון די געטין קיבעלע, וועלכע פלעגען צו איהר דינען מיט גרויסען רעש און אונגעוועהנליכע שמחה.

**קאָריגירען** (לאַט.) — אויסבעסערען, פערריכטען.

**קאָרידאָר** (פר.) — פאָדערהויז.

**קאַריליאָן** (פר.) — גלאָקענשפּיעל.

**קאַריערע** (פר.) — 1) וועג, וועלכען אַ מענש מאַכט דורך אין׳ם לעבען. 2) אַרבייטספעלד פון איינעם; הצלחה אויף דער שטעלע און אין דער געזעלשאַפט.

**קאָריפיי** (גר.) — 1) פאָרזינגער, פאָרטענצער. 2) ערשטע פּערזאָן, אַנפיהרער.

**קאַריקאַטור** (איט.) — בילד, וועל־כעס שטעלט עפּעס פאָר אין אַ לעכערליכער פאָרם.

**קאַרמאַניאָל** (פר.) — פראַנצויזישער געזאַנג מיט טאַנץ.

**קאַרמין** (פר.) — רויטער פאַרבשטאָף פון קאָשעניל.

**קאַרניז** (פר.) — געזימס, קראַנץ פון אַ געזימס.

**קאַרנעוואַל** (איט.) — צייט צווישען נייע־יאָהר און די פאַסט־טעג (פאַסט) ביי קאַטוילען, ווען עס קומען פאָר די גרעסטע פערגוויגלונגען, בעלער א. ד. גל.

**קאָרנעט** (פר.) — ערשטע אָפיציערען־שטופע אין קאַוואַלעריע.

**קאָרסאָ** (איט.) — לעבענדיגע און פרעהליכע גאַס, וואו עס קומען פאָר פערגוויגלונגען.

**קאָרסאַק** (טאַט.) — אזיאַטישער סטעפּענהונד.

**קאָרסאַר** (איט.) — ים־רויבער.

**קאָרסעט** (פר.) — לייבעל מיט פּאַסען פון פישביין אָדער שטאָהל צו צוציהען אַ פרויען־טאַליע.

**קאַרע** (פר.) — פיער־עק, מיליטער אויסגעשטעלט ווי אַ פיער־עק.

**קאַרעטע** (איט.) — פערמאַכטער וואָגען.

**קאָרעגידאָר** (שפּאַנ.) — בעאַמטער אין שפּאַניען מיט אַדמיני־סטראַטיווע און ריכטערליכע פונקציעס.

**קאָרעספּאָנדירען** (לאַט.) — שרייבען בריעף פאַר אַ פירמע אָדער נאַכריכטען צו אַ צייטונג.

**קאָרעספּאָנדענט** (לאַט.) — שרייבער פון בריעף פאַר אַ האַנדעלס־פירמע אָדער ידיעות פאַר אַ צייטונג.

**קאָרעספּאָנדענץ** (לאַט.) — 1) בריעף־פערבינדונג. 2) ידיעה פון אַ פרעמדער שטאָדט אין אַ צייטונג.

**קאָרעקט** (לאַט.) — ריכטיג, גענוי, ווי עס דאַרף צו זיין.

**קאָרעקטאָר** (לאַט.) — אויסבעסערער פון פעהלערען און זאַץ ביים דרוקען.

**קאָרעקטור** (לאַט.) — 1) פערבעסע־רונג פון פעהלערען. 2) פּראָ־בע־בויגען מיט געדרוקטען זאַץ, אויף אויסצובעסערען די פעהלערען.

**קאָרפּאָראַציע** (לאַט.) — קערפּער־שאַפט, פעראיין, איבער־הויפּט פון סטודענטען.

**קאָרפּוס** (לאַט.) — 1) קערפּער. 2) געזאַמטהייט פון אויסלענ־

דיִשע דיפּלאָמאַטען בײַ אַ הויף. 3) גרויסע מיליטערבאַמטײלונג. 4) מין דרוק־שריפט.

**קאַרצער** (לאַט.) – געפענגניס, איבער־הויפּט בײַ שולען.

**קאַרקאַס** (פר.) — קויל אָנגעפילט מיט ברען־מאַטעריאַל אויף אונטערצוצינדען דעם שונא'ס שיפען.

**קאָשטשאָל** (פויל.) — קאַטוילישע קירכע.

**קאַשמיר** — מין פיינער און זעהר ווייכער וואָלענשטאָף.

**קאָשעניל** (פר.) — מין אינזעקט, פון וועלכען עס ווערט אויסגעאַרבייט אַ רויטער גישטגיפטיגער פאַרב־שטאָף.

**קו ד'עטאַט** (פר.) – מלוכה־איבער־קעהרעניש.

**קוב** (לאַט.) – געאָמעטרישער קערפער פון דערזעלבער לענג, ברייט און הויך.

**קובאַטור** (לאַט.) – בעשטימונג פונ'ם אינהאַלט פון קערפער.

**קוביש** (לאַט.) — 1) וואָס האָט מאָסען אין דריי ריכטונגען (הויך, לענג, ברייט). 2) מיט דערזעלבער צאָהל דריי מאָל גע'כפל'ט.

**קוואַדראַט** (לאַט.) – 1) פיער־עק מיט גלייכע זייטען און רעכטע ווינקלען. 2) צאָהל, וועלכע איז מיט זיך אַליין גע'כפל'ט.

**קוואַדראַט־מאָס** — מאָס פון פלעכען.

**קוואַדראַט־שריפט** – העבּרעאישע, פירקאַנטיגע אותיות.

**קוואַדראַנט** (לאַט.) — פיערטעל קרייז, גראַד־מעסטער.

**קוואַדראַנס** (לאַט.) — פיערטעל.

**קוואַדרופּעד** (לאַט.) — פיערפיסיג בעשעפעניש.

**קוואַדריוויום** (לאַט.) – 1) צוזאַמענשטויסונג פון 4 וועגען. 2) נאָמען פון די פיער מאַטעמאַטישע וויסענשאַפטען: מוזיק, אַסטראָנאָמיע, אַריטמעטיק און געאָמעטריע.

**קוואַזי** (לאַט.) – פונקט ווי, כלומר'שט.

**קוואַליטאַטיוו** (לאַט.) — לויט די איינענשאַפטען, לויט דער איכות.

**קוואַליטעט** (לאַט.) – איינענשאַפט, ווערט, איכות.

**קוואַליפיצירט** (לאַט.) – בעפעהיגט, מיט אַ בעשטימטער אַרבייט אָדער פאַך בעקאַנט.

**קוואַליפיצירען** (לאַט.) – 1) ערקלערען די איינענשאַפטען. 2) מאַכען פעהיג.

**קוואַליפיקאַציע** (לאַט.) — 1) ערקלערונג פון איינענשאַפטען, בעפעהיגונג. 2) צייגניס, און וועלכער עס ווערען אויסגערעכענט די איינענשאַפטען.

**קוואַנטום** (לאַט.) – בעשטימטע סומע, מאָס.

**קוואַנטיטאַטיוו** (לאַט.) — לויט די צאָהל, די גרייס, די כמות.

**קוואַנטיטעט** (לאַט.) — צאָהל, מענגע, גרייס, כמות.

**קוואַס** (רוס.) — זויערליך געטראַנק פון מעל.

**קוואַסיאַ** (לאַט.) — ביטערהאָלץ, ווערט בענוצט אין דער מעדי־צין צו פערגרעסערען דעם אַפּעטיט.

**קוואָציענט** (לאַט.) — רעזולטאַט ביי'ם חילוק.

**קוואַרט** (לאַט.) — פיערטעל, פיער־טעלבויגען־פאָרמאַט.

**קוואַרטאַל** (לאַט.) — 1) פיערטעל־יאָהר. 2) שטאָדט־פיערטעל, שטאָדט־טייל.

**קוואַרטיר** (לאַט.) — וואָהנונג, איבער־הויפּט פון סאָלדאַטען אויסער די קאַזאַרמע.

**קוואַרטירען** (לאַט.) — איינשטעלען סאָלדאַטען אין פּריוואַט־וואָהנונגען.

**קוואַרטע** (לאַט.) — פיערטע סטרונע, פיערטעל נאָטע.

**קוואַרטעט** (איט.) — געזאַנג אָדער מוזיק־שטיק פאַר 4 שטימען אָדער אינסטרומענטען.

**קוואַרץ** — מינעראַל, וועלכעס האַלט אממייסטען קיזעל־ערד.

**קוווערט** (פר.) — הילע אויף אַריינ־צולעגען אַ בריעף.

**קוויט** (לאַט.) — פערטיג, פריי, אָב־געמאַכט.

**קוויטאַנץ, קוויטונג** — שריפט־ליכער צייכען, דאָס מען האָט ערהאַלטען.

**קוויטירען** (לאַט) — אויסצאָהלען, מאַכען אַ סוף, געבען אַ קוויטונג.

**קווינטע** (לאַט.) — טאָן, וועלכער איז מיט פינף שטופען העכער פון אַן׳אַנדערען.

**קווינטעט** (איט.) — געזאַנג פאַר 5 שטימען אָדער מוזיק־שטיק פאַר 5 אינסטרומענטען.

**קווינטעסענץ** (לאַט.) — דאָס בעסטע, דער קרעפטיגסטער אינהאַלט פון עפּעס, תמצית.

**קוויעטיזמוס** (לאַט.) — גייסטיגע רוהע, וועלכע מען קאָן האָ־בען, לויט די מיינונג פון מיסטיקער, דורך פערטיעפען זיך און ליעבע צו גאָט.

**קוויעטיסט** (לאַט.) — אַנהענגער פון קוויעטיזמוס.

**קווירינאַל** (לאַט.) — 1) איינס פון די זיבען בערגלעך, אויף וועלכע רוים שטעהט. 2) דער פּאַלאַץ פונ'ם פּאַפּסט אין רוים.

**קוועסטאָר** (לאַט.) — 1) אָבשאַצער, שאַצמייסטער. 2) פינאַנס־מיניסטער אין פאַרצייטיגען רוים.

**קוועסטיאָנירט** (לאַט.) — פראַגליך, אונבעשטימט.

**קוועסטיע** (לאַט.) — פראַגע, אומ־שטאַנד.

**קווערציטראָן** — געלער פאַרבשטאָף פון אַ מין אַמעריקאַנישען בוים.

**קוזין** (פר.) — זוהן פון א פעטער אדער א מוהמע, שוועסטערקינד.

**קוזינע** (פר.) — טאכטער פון א פעטער אדער א מוהמע.

**קוטיל** (פר.) — פעכטע, שטארקע לייַנוואנד.

**קויזאליטעט** (לאט.) — צוזאמענהאנג צווישען אורזאכע און ווירקונג.

**קויטעריזירען** (לאט.) — אויסברענען מיט גליהענדען אייַזען.

**קויטשוק** — עלאסטישע גומי.

**קוילאטש** (סלאוו.) — קליינע קובען געפילט מיט פרוכטען; חלות פון קיילעכיגער פארם.

**קויסטיש** (גר.) — בייסענד, שארף, ביטער.

**קויציג** (לאט.) — ערבות, גוטזאגען.

**קולאזש** (פר.) — אויסרינונג פון פליסיגקייטען.

**קולואר** (פר.) — שמאלער דורכגאנג, זייטיגעס צימערעל.

**קולט, קולטוס** (לאט.) — גאטעס-דיענסט, פערעהרונג, פערגעטערונג.

**קולטוס-געמיינדע** — קהלה, פעראיין פון אנגעהעריגע צו איין רעליגיע און איין שטאדט אדער לאנד-בעצירק.

**קולטוס-מיניסטער** (לאט.) — מיניסטער פון פאלקס-בילדונג.

**קולטור** (לאט.) — 1) בילדונג, פערעדלונג. 2) בעארבייטונג. 3) גייַסטיגע און מאטעריעלע ענטוויקלונג פון א לאנד.

**קולטורעל** (לאט.) — געבילדעט, ענטוויקעלט.

**קולטיווירען** (לאט.) — בילדען, בעארבייטען, פערעהרען.

**קולי** (אינדיש) — טרעגערס.

**קולמינאציע** (לאט.) — העכסטער פונקט.

**קולמינירען** (לאט.) — דערגרייכען דעם העכסטען פונקט, דורכגעהן דורכ'ן מערידיאן.

**קומיס** (מאנג.) — זויערע מילך פון קעמלען און פערד.

**קונקטאטאר** (לאט.) — מענש, וועלכער קאן זיך קיינמאל נישט פאסען אויף עפעס.

**קופאן** (פר.) — קארטע, וועלכע ווערט צוגעגעבען צו אקציען, אבליגאציעס א. ד. גל., פאר וועלכע מען קאן אבקריגען דיווידענד אדער צינסען.

**קופידאן** (לאט.) — גאט פון ליעבע.

**קופלעט** (פר.) — קליינער שיר; שטיקלעך, וועלכע ווערען געזונגען אין אפערעטען און פארסען.

**קופע** (פר.) — אבטהיילונג אין א וואגאן.

**קוקורוזע** — טערקישער ווייץ.

**קוראזש** (פר.) — מוטה, געמאכטע גבורה.

**קוראטאר** (לאט.) — בעזארגער פון א זאך, פערטרעטער, אויפזעהער.

**קוראטאריום** (לאט.) — אויפזיכט, פערוואלטונג.

**קוראַנט** (פר.) — גאַנגבאַר, געוועהנליך.

**קוראַציע** (לאַט.) — היילונג פון אַ קראַנקהייט.

**קורווע** (לאַט.) — 1) קרומע ליניע. 2) געמיינע נקבה.

**קורטאַזש** (פר.) — מעקלער-געשעפט, מעקלעריי-געלד.

**קורטיזאַנע** (פר.) — נישט-ערענטליכע פרוי.

**קורטינע** (פר.) — 1) פאָרהאַנג. 2) מיטעלוואַל, וועלכעס פאַראיינינט צוויי באַסטיאָנען.

**קוריאָזום** (לאַט.) — זעלטענהייט, וואונדערבאַרע זאַך.

**קוריאַליזמוס** (לאַט.) — אַנערקענונג פון דער אונבעגרענצטער מאַכט פונ׳ם קאַטוילישען פאַפסט.

**קוריע** (לאַט.) — 1) פאַרצייטיגע פאָלקס-איינטיילונג ביי די רוימער. 2) מאַכט פון דער רוימישער קירכע, קירכליכע רעגירונג צוזאַמען מיט דעם הויף פונ׳ם פאַפסט.

**קוריער** (פר.) — ספּעציעלער געשווינדער שליח.

**קוריער-צוג** — שנעלצוג.

**קוריקולום וויטע** (לאַט.) — לעבענסגאַנג, לעבענסבעשרייבונג.

**קורירען** (לאַט.) — היילען.

**קורס** (לאַט.) — 1) גאַנג, וועג, רייזע. 2) גאַנגבאַרער ווערט פון געלד אָדער ווערטפּאַפּירען. 3) אַלע וויסענשאַפטען, וועלכע מען דאַרף קענען, בדי צו קריגען אַ בעשטימטען וויסענשאַפטליכען צענז; די צייט, וועלכע איז נויטיג צו בעזוכען אַ בעשטימטע שולע ביז צום ענדיגען.

**קורסיוו** (לאַט.) — דרוקשריפט, וועלכע איז ענהליך צו געשריבענע אותיות.

**קיאַ-בעג** (טור.) — טערקישער מיניסטער פון אינערען.

**קיאָסק** (טור.) — געצעלט צו פערקויפען צייטונגען, זאָדע-וואַסער א. ד. גל.

**קיביטקע** (טאַט.) — מיט גראָבע לייוואַנד פון אויבען בעדעקטער וואָגען.

**קיימאַקאַם** (טור.) — פערוואַלטער פון אַ פּראָווינץ אין טערקיי.

**קיל** (פר) — אונטערשטער גרונדבאַלקען פון אַ שיף.

**קילאָ** (גר.) — אין צוזאַמענזעצונגען: טויזענד.

**קילאָגראַם** (גר.) — טויזענד גראַם, קנאַפּע 2 און אַ האַלב פונט.

**קילאָמעטער** (גר.) — טויזענד מעטער, קנאַפּע ווערסט.

**קינעטיק** (גר.) — לעהרע וועגען בעוועגונג.

**קיראַסיר** (פר.) — פראַנצויזישער קאַוואַלעריסט.

**קלאָאַון** (ענגל.) — קאָמיקער און אַ צירק.

**קלאָאַק** (פר.) — 1) רינשטאָק. 2) קאַנאַל נאָך די גלייכע קישקע און קערפּער.

**קלאַוויאַטור** (פר.) – אַלע קלאַווישען און אַ מוזיקאַלישען אינסטרומענט.

**קלאַוויש** (פר.) – ביינדעל ביי אַ מוזיקאַלישען אינסטרומענט, וועלכעס מען שלאָגט אָן, כדי צו ברענגען די סטרונעס אין בעוועגונג.

**קלאָזעט** (ענגל.) — בית־הכסא.

**קלאַס** (לאַט.) — 1) אַבטיילונג, אָרדנונג. 2) פיעל עהנליכע זאַכען אָדער בעגריפען. 3) גרויסע גרופּע פון מענשען, וועלכע האָבען עהנליכע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אינטערעסען.

**קלאַסיפיצירען** (לאַט.) – אַהנטיילען לויט קלאַסען.

**קלאַסיפיקאַציע** (לאַט.) — איינטיילונג לויט קלאַסען, מינים און גאַטונגען.

**קלאַסיקער** (לאַט.) — מוסטערגילטיגער שרייבער.

**קלאַסיש** (לאַט.) — מוסטערהאַפט, אויסגעצייכענט.

**קלאַקער** (פר.) – געדונגענע מענשען צו פּאַטשען בראַוואָ אויף אַ שטיק אין טעאַטער.

**קלאַרירען** (לאַט.) – פערצאָלען אַ שיף און פאַרטיג מאַכען עס צום אָבפאָהרען.

**קלאַרעט** (ענגל.) — רויטער באָרדאָ־וויין.

**קלוב** (ענגל.) — פערזאַמלונגס־אָרט אויף די צייט צו פערברענגען.

**קלויז** (לאַט.) — פערשלאָסענע שול, קליינער בית־המדרש, מנין.

**קלימאַט** (גר.) – וועטער־איינגענשאַפטען פון אַ לאַנד.

**קלימאַטיש** (גר.) — וואָס איז נוגע דעם קלימאַט.

**קלימאַקטערישע י הרען** (גר.) – די יאָהרען, אין וועלכע די ענטוויקלונג פון'ם מענשליכען אָרגאַניזמוס הייבט שוין אָן צו געהן צוריק, און די כוחות הייבען אָן צו ווערען שוואַכער.

**קלינאָמעטער** (גר.) — אינסטרומענט צו מעסטען די הויך פון די בערג, און בעשטימען די לאַגע פון זייערע טיילען.

**קליניק** (גר.) – שפּיטאָל, אין וועלכען סטודענטען לערנען פּראַקטיש (ביים בעט פון'ם קראַנקען) די מעדיצין.

**קליסטיר** (גר.) — איינשפּריצונג פון מעדיצינמיטעל אין די געדערם אָדער די מוטער (ביי פרויען) און אַפּאַראַט דערצו.

**קליענט** (לאַט.) – 1) פּאַרציי־טענס אין רוים — אַ פּערזאָן, וועלכע האָט זיך געפונען אונטער'ן שוץ פון אַ מעכטיגערען, אַ פּאַטראָן. 2) קונה, קונדע פון אַ אַדוואָקאַט.

**קליענטעלע** (לאַט.) — 1) שוץ. 2) קונדשאַפט.

**קליפּער** (ענגל.) — געשווינד־געהענדעס האַנדעלס־שיף.

**קליקע** (פר.) – באַנדע, חברותא.

**קליִשע** (פר.) — אָבדרוק אָדער אָבּ-גוס פון אַ בילד, אַ צייכנונג אויף האָלץ אָדער צינק.

**קלעפּטען** (גר.) — רויבעריִשע בערג-בעוואָהנער אין גריכענלאַנד.

**קלעריקאַל** (לאַט.) – 1) וואָס איז שייך צו דער גייסטליכקייט. 2) אָנ-הענגער פון דער געוועלטיגונג פון גייסט-ליכע.

**קלערק** (ענגל.) — 1) גייסטליכער. 2) שרייבער ביי אַ נאָטאַר. 3) האַנדעלס-סוביעקט.

**קנאָטען** — לענג-מאָס אויפ'ן ים, אונגעפעהר 50 פוס.

**קנוט** (רוס.) – קורצע לעדערנע בייטש מיט איינגעפלאָכטענעם דראָהט ביים שפיץ.

**קענאָטאַפיע** (גר.) — מצבה אַ גע-שטאָרבענעם, וואָס מען האָט ניט געפונען זיינע ביינער.

**קעפיר** — געטראַנק פון מילך, אָנ-געשטעלט אויף קאַווקאַזער שוועמלעך.

**קעראַמיק** (גר.) – אויסאַרבייטונג פון קונסטפאָלעס ליימגעפעס.

**קערסי** (ענגל.) — גראָבער וואָלענע-שטאָף.

**קראַוואַט** (פר.) – באַנד מיט אַ שלייף, אָנצוטהון אויפ'ן האַלז.

**קראַטער** (גר.) – עפנונג ביי אַ וואולקאַן, דורך וועלכען עס געהט אַרויס די לאַווע.

**קראָנאָס** (גר.-מיטאָל.) — נאָמ פון דער צייט און סימבאָל פון גליקליכען לעבען.

**קראָנגלאַז** (ענגל.) – ריין גלאָז אָהן אייזען-אָקסיד, ווערט בענוצט צו אָפּטישע אינסטרומענטען.

**קראָנגעלב** (ענגל.) – פיינע געלע מאַלערפאַרב.

**קראַניאָלאָגיע** (גר.) – לעהרע וועגען דעם קאָפּ-שאַרבען.

**קראָנע** (ענגל.) – ענגלישע מטבע פון 5 שילינג, אונגעפעהר 2½ רובעל.

**קראָנע** (דייטש) – עסטרייכישע מטבע, אונגעפעהר 40 קאָפּ.

**קראָקאָדיל** (גר.) — מין גרויסער שלאַנג.

**קראָקאָדיל-טרערען** – פאַלשע פערשטעלטע טרערען.

**קראַקוסען** (פויל.) — פוילישע לייבטע רייטער.

**קראָקעט** (ענגל.) — שפיעל מיט הילצערנע קוילען.

**קרוזאַדאָ** (פּאָרטוג.) – פּאָרטוגעזישע מטבע, אונגעפעהר אַ רובעל.

**קרופּ** (ענגל.) — האַלז-קראַנקהייט.

**קרוציפיקס** (לאַט.) — צלם מיט דעם בילד פון געקרייצטען קריסטוס.

**קריזיס** (גר.) — 1) איבערגאַנגס-צו-שטאַנד צום ערגערען אָדער בעסערען. 2) געפעהרליכער צושטאַנד. שטערונג.

**קריטיזירען** (גר.) – אַרומרעדען אַ זאַך בעאורטהיילען, שרייבען אַ קריטיק.

**קריטיק** (גר.) — וויסענשאַפטליכע בעאורטיילונג פון א וויסענ-שאַפטליכען אדער ליטעראַרישען געגענשטאַנד.

**קריטיקער** (גר.) — שרייבער פון קריטיקען, בעאורטיילער פון וויסענשאַפטליכע אדער ליטעראַרישע ווערק.

**קריטיש** (גר.) — 1) בעאורטיילענד. 2) געפעהרליך, שלעכט.

**קריטעריום** (גר.) — סימן צו דער-קענען די ריכטיגקייט, ריכט-שנור.

**קרייצער** — הונדערטסטעל פון א גולדען, קנאַפּע קאָפּעקע.

**קרימינאַל** (לאַט.) — פערברעכעריש, שטראָפרעכטליך.

**קרימינאַליסט** — קענער אָדער לעהרער פון שטראָף-רעכט.

**קריסטאַל** (גר.) — מינעראַל, וועל-כעס האָט נאָך אויסען גלאַטע פלעכען מיט בעשטימטע ווינ-קלען.

**קריסטאַלאָגיע** (גר.) — לעהרע וועגען יעזוס קריסטוס.

**קריסטאַלאָגראַפיע** (גר.) — בעשרייבונג פון קריסטאַלען.

**קריסטאַליזאַציע** (גר.) — בילדונג פון קריסטאַלען.

**קריסטאַליזירען** (גר.) — אָננעהמען די פאָרם פון קריסטאַלען.

**קריספינאַדע** (פר.) — צדקה מיט פרעמד געלד.

**קריפּטאָגראַפיע** (גר.) — סודות'דיגע שריפט.

**קריפּטע** (גר.) — הייל אין אַלטע קירכען.

**קרעאָזאָט** (גר.) — פעטע פלוסיגקייט, וועלכע ווערט ערהאַלטען פון האָלץ-זויערע.

**קרעאַטור** (לאַט.) — בעשעפעניש; מענש, וועלכער האָט דער-גרייכט א גרויסע שטעלע נור א דאַנק פּראָטעקציע.

**קרעאָל** (שפּאַנ.) — געהעריגער צו אַנ'אַנדערער, נישט-הער-שענדער ראַסע אין אַמעריקאַ.

**קרעדאָ** (לאַט.) — 1) איך גלויב. 2) אַרויסזאָגונג פון די פּאָלי-טישע מיינונגען און דעם פּראָגראַם פון א נייער צייטונג אָדער א קאַנדידאַט אויף א געוועהלטען.

**קרעדיט** (לאַט.) — 1) צוטרוי, פער-טרויען צו איינעם'ס צאָהלונגס-פעהיגקייט. 2) סומע, וועלכע א פירמע גיט אויף בּאָרג איהרען א קונה. 3) רעכטע זייט פון א קאָנטאָ-בוך, אויף וועלכער עס ווערט איינגעשריבען, וואָס דער אַבנעהמער צאָהלט.

**קרעדיטאָר** (לאַט.) — מלוה; וועמען עס קומט א חוב.

**קרעדיטירען** (לאַט.) — 1) טרויען סחורה, געלד, געבען אויף קרעדיט. 2) איינשרייבען אויפ'ן קרעדיט.

**קרעדיט-פּאַפּיערען** — פּאַפּיערען-

געלד, ווערט=פּאַפּירען: אָבליגאַציעס, אַקציעס, וועקסלען א. ד. גל.

**קרעדיט=פּעראייניגען** — פעראייניגען צו שטיצען מיט קרעדיט קליינע סוחרים און בעלי=מלאכות.

**קרעדענס** (פֿר.) — שאַנק צו האַלטען עסענוואַרג.

**קרעזוס** – קעניג פון לידיען; זעהר רייכער מאַן (אין דעם זעלבען זין ווי „קורח").

**קרעטשמע** (פויל.) — פּוילישע דאָרפס=שענק.

**קרעטשמער** (פויל.) — פּוילישער דאָרפס=שענקער.

**קרעטשענדאָ** (איט.) – וואַקסענדיג, וואַקסענדיג אַלע מאָל שטאַרקער, מעהר.

**קרעם** (פֿר.) — 1) מילך=שמאַנט. 2) שפּייז פון אייער, צוקער, געווירץ און שמאַנט.

**קרעמאַטאָריום** (לאַט.) – געבייד מיט נויטיגע איינריכטונגען צו פערברענען קערפּער פון געשטאָרבענע אָנשטאָט קבורה.

**קרעמל** (טאַט.) — 1) פעסטונג אין מיטען דער שטאָדט. 2) אינערליכער, בעפעסטיגטער טהייל פון מאָסקוואַ.

**קרעפּירען** (פֿר.) – פּלאַצען, קרענקען.

**קרעפּע** (פֿר.) – מין האַלבזיידען=שטאָף.

## ר.

**ראַבאַט** (פֿר.) — נאָכלאָזונג פון'ם פּרייז.

**ראָבאָראַנס** (לאַט.) – מעדיצין=מיטעל צו שטאַרקען די קרעפטען.

**ראָבוסט** (לאַט.) – שטאַרק, קרעפטיג.

**ראָביליאַרד** (פֿר.) — פיינער סאָרט שמעק=טאַבאַק.

**ראָבע** (פֿר.) — 1) פרויענקלייד מיט אַ טרען. 2) ריכטער=קלייד אין פראַנקרייך.

**ראָגאַטקע** (פויל.) – שלאַגבוים אויפ'ן וועג אין שטאָדט אַריין, וועלכער דיענט אַלס גרענעץ פון איהר.

**ראַגו** (פֿר.) — מאכל פון פלייש מיט אַ סך געווירץ.

**ראָדאָדענדראָן** (גר.) — ראָזע פון די אַלפּענבערג.

**ראַדזשאַ** (סאַנסקר.) — טיטעל פון אָסט=אינדישע פירשטען.

**ראַדיום** (לאַט.) – העמישער זעלטענער שטאָף, וועלכער בעזיצט אונגעהויערע שטראַהלונגס=אייגענשאַפטען.

**ראַדיוס** (לאַט.) – שטראַהל, אַבשטאַנד פון צענטרום אין קרייז ביז צו אַ קרייזפּונקט.

**ראַדיקאַל** (לאַט.) — גרונדליך, פון שורש.

**ראַדיקאַלער** (לאַט.) — אַנהענגער פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי.

וועלכע פאָדערט אײַנצופירען גרונדליכע רעפאָרמען.

**ראַדירונג** (לאַט.) — אויסגעצעטע געשטאָכענע קופער-פלאַטע אָדער אָבדרוק פון איהר.

**ראַדירען** (לאַט.) - אויסעצען, שטעכען אויף קופער.

**ראַדע** (פויל.) — בעראַטונג, פערזאַמלונג.

**ראַוט** (ענגל.) — פאָרנעהמע אָווענד-געזעלשאַפט.

**ראָזאָליאָ** (איט.) — ליקער, אָנגעשטעלטער אויף ראָזען-בלעטלעך.

**ראַזירען** (פר.) — אָבגאָלען, אַראָבנעהמען די האָר אינגאַנצען.

**ראָזעטע** (פר.) – 1) דימאַנט, געשליפען אינוועניג פלאַט און פון אויבען אין דער פאָרם פון אַ ראָזענקאָפ. 2) פערצירונג אַרום פענסטער א. ד. גל. אין דער געשטאַלט פון אַ ראָזע.

**ראַטאַפיע** (איט.) — מין ליקער פון פרוכטענזאַפט.

**ראָטונדע** (לאַט.) — 1) קײַלכיגע געביידע. 2) אויבער-מלבוש פון דאַמען אָהן אַרבעל.

**ראַטיפיצירען** (לאַט.)–בעשטעטיגען.

**ראַטיפיקאַציע** (לאַט.) — בעשטעטיגונג.

**ראַטע** (לאַט.) – צאָהלונג פון אַ טייל, וואָס מען דאַרף צאָהלען.

**ראָטע** (לאַט.) — קליינע אַבטיילונג מיליטער.

**ראָיאַל** (פר.) — קעניגליך; מוזיקאַלִיש אינסטרומענט עהנליך צו אַ פאָרטעפּיאַנאָ.

**ראָיאַליזמוס** (פר.) — איבערגעבענהייט צו קעניגליכער הערשאַפט און דינאַסטיע.

**ראָיאַליסט** (פר.) — אַנהענגער פון קעניגליכער הערשאַפט און דינאַסטיע.

**ראַיאָן** (פר.) – בעצירק, בעשטימטע געגענד.

**ראַכיטיס** (גר.) – ענגלישע קרענק.

**ראָלע** (פר.) — 1) פאָרשטעלונג אין טעאַטער פון איין ווירקענדער פערזאָן, וואָס עס ווערט איבערגעגעבען אַ בעזונדערען אַרטיסט. 2) בעשטימטע אַרבייט, וועלכע איינער נעהמט אויף זיך.

**ראָמאַאיקאַ** (גר.) — נײַ-גריכישער נאַציאָנאַל-טאַנץ.

**ראַמאַדזאַן** (אַראַב.) – מחמד'נישער חודש, אין וועלכען עס ווערט יעדען טאָג געפאַסט, און נור בײַ נאַכט געגעסען.

**ראָמאַן** (לאַט.) – 1) פּאָעטיש ווערק, אין וועלכען עס ווערען געשילדערט דאָס לעבען, חאַראַקטער און שטרעבען פון איינצעלנע מענשען אַלס טיפּען פון זייער צײַט, געזעלשאַפט, קלאַס און פאָלק. 2) אין פּשוט'ן שפּראַך-געברויך: ליעבע-בעשרייבונג.

**ראָמאַנטיק** (לאַט.) — געשמאַק און

קונסט, ליטעראַטור, וויסענשאַפט און לעבען פון די ראָמאַנישע פעלקער און מיטעלאַלטער.

**ראָמאַנטיקער** (לאַט.) — אַנהענגער פון דער ראָמאַנטיק, איבערהויפט אין דער ליטעראַטור.

**ראָמאַנטיש** (לאַט.) — פאַנטאַסטיש, מיטעלאַלטערליך קריסטליך, שטרעבענד צו אונבעקאַנטע און אונבעשטימטע זאַכען.

**ראָמאַניזירען** (לאַט.) — מאַכען פאַר ראָמאַניש, פאַר רוימיש.

**ראָמאַניזמוס** (לאַט.) — ז. קאַטאָליציזמוס.

**ראָמאַניסט** (לאַט.) – 1) פערפאַסער פון ראָמאַנען. 2) אַנהענגער פון קאַטאָליציזמוס. 3) קענער פון רוימישען רעכט. 4) קענער פון ראָמאַנישע שפּראַכען און ליטעראַטורען.

**ראָמאַנישע פעלקער** – פעלקער, וועלכע רעדען מיט די ראָמאַנישע שפּראַכען.

**ראָמאַנישע שפּראַכען** — שפּראַכען, וועלכע זענען ענטוויקעלט געוואָרען פון לאַטיין (איטאַליעניש, פראַנצויזיש, שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש, רומעניש).

**ראָמאַנס** (שפּאַנ.) — קליין ליריש־עפּישעס פאָלקס־ליעד.

**ראָמאַנסעראָ** (שפּאַנ.) – זאַמעלבוך פון ראָמאַנסען.

**ראָמב** (גר.) – פיער־עק פון 4 גלייכע זייטען.

**ראָמביש** (גר.) – אין דער פאָרם פון אַ ראָמב.

**ראָמפּע** (פר.) — 1) די צוים און דער זייט ביי טרעפּ. 2) רייהע לאָמפּען פאַר דער סצענע.

**ראָנד** (פר.) — קיילכיגער טאַנץ.

**ראָנדאָ** (פר.) — מוזיקאַליש שטיק, אין וועלכען דאָס הויפּטטעמאַ ווערט אַלע מאָל איבערגע׳חזר׳ט.

**ראַנדעוואו** (פר.) — בעשטעלונג זיך צוזאַמענצוטרעפען.

**ראָסטביף** (ענגל.) — בראָטען פון רינד־פלייש.

**ראָסטראַ** (לאַט.) - רעדנער־טריבונע אויפ׳ן פּלאַץ אין אַלטען רוים.

**ראָסטראַל** (לאַט.) — אינסטרומענט צו ציהען פּאַראַלעלע ליניען.

**ראַסע** (פר.) — גזע, שטאַם, מענשליך געשלעכט.

**ראַסקאָלניקעס** (רוס.) — סעקטע פּראַוואָסלאַוונע, וועלכע האַלטען זיך ביי די פאַרצייטיגע, גאַנץ אַלטע קירכען־ביכער און מנהגים.

**ראַפּאַניע** (גר.) — מין נערווענקראַנקהייט מיט שוידערן.

**ראַפּאָרט** (פר.) – בעריכט, ידיעה.

**ראַפּאָרטירען** (פר.) — אָבגעבען בעריכט, מודיע זיין.

**ראַפּטים** (לאַט.) — געשווינד, אין איילעניש.

**ראַפינאַד** (פר.) – הויטעל־צוקער.

**ראַפּינירען** (פר.) – רייניגען, לייטערן צוקער.

**ראַפּינעריע** (לאַט.) – צוקער־פאַבריק.

**ראַפּיער** (פר.) — דין שווערדעל צום פעכטעווען.

**ראַפּסאָד** (גר.) — זינגער פון גריכישע העלדענגעזאַנגען, איבערהויפּט וועגען די טראָיאַנישע מלחמה.

**ראַפּסאָדיע** (גר.) – גריכישער העלדען־שיר, איבערהויפּט בעזונדערע טיילען פון האָמער׳ס פּאָעמען.

**ראַציאָנאַליזמוס** (לאַט.) – 1) פילאָזאָפישע דענק־אַרבייט, וועלכע בויט איהרע פּרינציפּען אויף די אויספיהרונגען פון דעם ריינעם פערשטאַנד. 2) רעליגיע, וועלכע איז בעגרינדעט מיט דעם שכל.

**ראַציאָנאַליסט** (לאַט.) — אַנהענגער פון ראַציאָנאַליזמוס.

**ראַציאָנעל** (לאַט.) – לויט דעם שכל, וויסענשאַפטליך, טעאָרעטיש.

**ראָק** (פר.) — טורעם אין שאַכשפּיעל.

**ראָקאָקאָ** (פר.) — נאָמען פון אַלעם, וואָס איז געוועזען מאָדיש אין פראַנקרייך אין דער צייט פון לודוויג דעם פיערצעהנטען (אין אָנהויב פון 18־טען יאָהרהונדערט).

**ראָקירען** (פר.) – טוישען די שטעלע פונ׳ם טורעם מיט דער שטעלע פונ׳ם קעניג.

**ראַקעטע** (דייטש) – פייערווערק־שטיק, וועלכעס פליהט אַוועק אין דער הויך מיט אַ קנאַק און פערשידענפאַרבינער בעלייכטונג, ווען מען צינדט אָן איין עק.

**ראָקעלאָר** (פר.) — לאַנגער ווענמאַנטעל.

**ראַש** (ענגל.) – גלאַטער וואָלענשטאָף.

**רהערע** (האָל.) — נעשיצטער פּלאַץ נעבען האַפען צו פעראַנקערן דאָרט שיפען.

**רואינירען** (לאַט.) — חרוב מאַכען, צערשטערען, פערדאַרבען.

**רואינע** (לאַט.) – חורבה.

**רוביאַ** (לאַט.) – רויטער פאַרבשטאָף.

**רובין** (לאַט.) — רויטער, האַרטער עדעלשטיין.

**רובעל** (רוס.) — רוסישע מטבע, הונדערט קאָפּעקעס.

**רובריק** (לאַט.) – אָבטיילונג אין אַ בוך, אַ צייטונג, און בודושעס א. ד. גל.

**רודימענטום** — ערשטער אָנפאַנג.

**רודעראַציע** (לאַט.) – פלאַסטערונג פון קיזעלשטיין און קליינע שטיינדלעך.

**רוזש** (פר.) – רויט; קאָסמעטישע מיטעל צו פאַרבען אויף רויט דאָס פּנים.

**רוזש ע נואַר** (פר.) — רויט און שוואַרץ – מין קאָרטען־שפּיעל.

**רוטינע** (פר.) — מעכאַנישע איבונג, געוואָהנהייט.

**רוטע** (פר.) — וועג, ריכטונג, רייזע.

**רולאַדע** (פר.) — טרעלען, איבערגאַנג פון דער שטימע פון איין טאָן צו אַנ׳אַנדערן.

**רול בריטאַניע** (ענגל.) – „הערש,

בריטאַניען״ — ענגלישעס נאַציאָנאַל-ליעד.

**רולעטע** (פר.) — אַזאַרט-שפּיעל מיט קוילען.

**רום** — מין אַלקאָהאָליש געטראַנק.

**רומב** (ענגל.) — יערע פון 32 טהיילונגען, אויף וועלכע עס טהיילט זיך אַ ים-קאָמפּאַס, און וואָס ווייזט די ריכטונג פון׳ם ווינד און די בעוועגונג פון דער שיף.

**רומענער** — פֿאָלק, וועלכעס קומט אַרויס פון רוימישע קאָלאָניסטען.

**רון** (ענגל.) — פּאַלישער אויסגעשריי אויף אַ באַנק אָדער קרעדיט-אינסטיטוציע, דאָס זי איז נישט צאָהלונגס-פעהיג, מיט דעם ציעל איהר צו שאַדען.

**רונען** (גאָטיש) — שריפטצייכען פון די אַלטע סקאַנדינאַווישע פעלקער.

**רוסאָמאַניע** (גר.) — איבערטריבענע ליעבע צו אַלעם רוסישען.

**רוסאָפֿאָב** (גר.) — מורא פאַר רוסען.

**רוסאָפיל** (גר.) — ליעבהאָבער פון רוסען.

**רוסיפיצירען** (לאַט.) — מאַכען פאַר רוסיש.

**רוסיפיקאַטאָר** (לאַט.) — מענש, וועלכער פלייסט זיך צו מאַכען אַנדערע פאַר רוסען.

**רופיע** (אינדיש) — זילבערנע מטבע און אינדיען און פערסיען.

**רי** (פר.) — נאַס.

**ריגאָראָזום** (לאַט.) — שטרענגע פּרובונג, הויפּט-עקזאַמען אין אויסלענדישע אוניווערזיטעטען.

**ריגאָריזמוס** (לאַט.) — שטרענגהייט, זיטען-ריינהייט.

**ריגאָריסט** (לאַט.) — אַנהענגער פון שטרענגע זיטען-ריינהייט.

**רידאָ** (פר.) — 1) פאָרהאַנג. 2) בערגלעך און טהאָלען אויפ׳ן מלחמה-פעלד, וועלכע שטערען אויסצופאָרשען די געגענד.

**ריוויערא** (איט.) — געגענד נעבען ברעג פון ים, איבערהויפּט און איטאַליען.

**ריוועשאָ** (איט.) — אומגעקעהרט, צושפּיעלען פון הינטען נאָך פאָרענט.

**ריזיקאָ** (איט.) — איינשטעלונג, סכנה.

**ריזיקירען** (איט.) — איינשטעלען, ברענגען אין געפאַהר.

**ריטואַל** (לאַט.) — זאַמלונג פון רעליגיעזע דינים און מנהגים, ווי דער יודישער שולחן-ערוך.

**ריטואַליזמוס** (לאַט.) — אָבהיטונג פון אַלע רעליגיעזע דינים און מנהגים.

**ריטואַליסט** (לאַט.) — קענער פון׳ם ריטואַל, אָבהיטער פון אַלע רעליגיעזע דינים און מנהגים.

**ריטוס** (לאַט.) — רעליגיעזער מנהג.

**ריטועל** (לאַט.) — לויט די פאָרערונג פון׳ם ריטוס, לויט די דינים פון שולחן-ערוך, כשר.

**ריטמוס** (גר.) — געאָרדנעטע אָבטײַ-לונג פֿון ווערטער און קלאַנ-גען לויט'ן טאַקט.

**ריטמיק** (גר.) — לעהרע פֿון ריטמוס, פֿונ'ם טאַקט.

**ריטמיש** (גר.) — גלײַכפֿערמיג, גע-אָרדנעט, לויט דעם ריטמוס.

**ריטענוטאָ** (איט.) — לאַנגזאַם (אין דער מוזיק).

**רייאַ** (אראב.) — אײַגענטליך סטאַדע; נישט מחמד'נישע אונטער-טאַנען פֿון טערקײַ.

**רייט** (ענגל.) — גערעכט.

**רייכסטאַג** (דײַטש) — דײַטשלענדי-שער פּאַרלאַמענט.

**רייכסראַט** (דײַטש) — עסטרײַכישער פּאַרלאַמענט.

**רייס-עפֿענדי** (טורק.) — מיניסטער פֿון אויסערן.

**רינאָפּלאַסטיק** (גר.) — נאָז-אָפּע-ראַציע, צורעכטמאַכונג אָדער אַרויפֿזעצונג פֿון קונסטליכע נעזער.

**ריסוועליאַטאָ** (איט.) — לעבענדיג, מונטער (אין דער מוזיק).

**ריסטאָרנאָ** (איט.) — פֿערריכטונג פֿון אַ טעות אין הויפּטבוך.

**ריסטאָרנירען** (איט.) — אין הויפּט-בוך פֿערבעסערן די טעות'דיגע ערטער לויט פֿערגלײַכונג פֿון די רעכ-נונגען און אַנדערע בוכהאַלטעריע-בי-כער.

**ריסטרעטאָ** (איט.) — 1) אויסצוג פֿון רעכנונגען אָדער ידיעות. 2) בילליגסטער פּרײַז פֿון אַ סחורה.

**ריפּאָסט** (פֿר.) — 1) שנעלע און שאַרפֿע אַנטוואָרט. 2) לײַכטער און געשווינדער געגענשטויס בײַם פֿעכטען.

**ריפּילער** (ענגל.) — נעגנער פֿון די פּאַרלאַמענטס-פֿעראײַניגונג ענגלאַנד'ס מיט אירלאַנד, וועלכע פֿאָ-דערן פֿאַר אירלאַנד אַ זעלבסטשטענ-דיגען פּאַרלאַמענט.

**ריפּס** (ענגל.) — מין לײַכטער וואָלען-שטאָף.

**ריפּרעזאַ** (איט.) — אין דער מוזיק: איבער'חזר'ן.

**ריצאָליט** (גר.) — פֿערשטײַנערונג פֿון פֿלאַנצען-וואָרצלען.

**ריקאַוואָ** (איט.) — רײַן פֿערדינסט פֿון פֿערקויפֿטע סחורות.

**רעאַגירען** (לאַט.) — צוריקווירקען, אויסאיבען אַ ווירקונג.

**רעאַגענציען** (לאַט.) — אין דער חעמיע: שטאָפֿען, דורך וועלכע מען קאָן ערקענען, צו עס גע-פֿינען זיך אין דעם אונטערזוכטען קערפּער געוויסע חעמישע פּראָדוקטען.

**רעאַל** (שפּאַנ.) — זילבערנע שפּאַנישע מטבע.

**רעאַל** (לאַט.) — ווירקליך, זאַכליך.

**רעאַליזאַציע** (לאַט.) — 1) פֿער-ווירקליכונג, אויספֿיהרונג. 2) אויסטוישונג אויף באַארעס געלד.

**רעאַליזירבאַר** (לאַט.) — מעגליך צו פֿערווירקליכען, אויסצו-טוישען אויף געלד.

**רעאליזירען** (לאט.) — 1) פערווירקליכען, אויספיהרען. 2) מאַכען צו געלד.

**רעאליזמוס** (לאט.) — 1) אין דער פילאזאפיע — אנשויאונג, דאס אלע פיהלבארע אביעקטען עקזיסטירען אין דער ווירקליכקייט, אונאבהענגיג פון דעם דענקענדען סוביעקט. 2) אין דער פעדאגאגיק — מיינונג, דאס די לעהרע פון מאטעמאטיק און נאטורוויסענשאפטען איז פאר די יוגענד אזוי וויכטיג אדער נאך וויכטיגער פון שפראך-וויסענשאפטען. 3) אין דער קונסט און ליטעראטור — נאכבילדונג פון דער נאטור.

**רעאליטעט** (לאט.) — ווירקליכקייט.

**רעאליסט** (לאט.) — אנהענגער פון רעאליזמוס.

**רעאליסטיש** (לאט.) — לויט רעאליזמוס, ווי עס פאדערט דער רעאליזמוס.

**רעאל-שולע** — מיטעל-שולע, אין וועלכער מען לערנט נישט אלטע שפראכען, נאר מעהר מאטעמאטיק, נאטורוויסענשאפטען און נייע שפראכען.

**רעאסטאט** (גר.) — פיזיקאלישער אינסטרומענט צו רעגולירען דעם גאלוואנישען שטראם.

**רעאקציאנער** (לאט.) — שונא פון אלעם נייעם; מענש, וועלכער ארבייט געגען דעם פראגרעס.

**רעאקציע** (לאט.) — 1) געגענווירקונג. 2) שנאה צו אלע נייע איינפיהרונגען אין דער פאליטיק און רעליגיע.

**רעארגאניזאציע** (לאט.) — איינריכטונג אויפ'ס ניי, איבערמאכונג.

**רעארגאניזירען** (לאט.) — אויפ'ס ניי איינריכטען, איבערמאכען.

**רעבוס** (לאט.) — רעטעניש מיט בילדער.

**רעגאטא** (איט.) — לוסט-רייזע מיט גאנדאלען אין איטאליענישע טייכען.

**רעגאל** (לאט.) — קעניגליך.

**רעגולאטאר** (לאט.) — טייל פון דער מאשין, וועלכער רעגולירט די בעוועגונגען פון איהר.

**רעגולירען** (לאט.) — ברענגען אין ארדנונג, מאכען גלייך, רעגעלמעסיג.

**רעגולער** (לאט.) — רעגעלמעסיג, לויט דער ארדנונג.

**רעגיאן** (לאט.) — געגענד, געביעט, שיכטע.

**רעגימענט** (לאט.) — 1) הערשאפט, רעגירונג, פערוואלטונג. 2) פאלק.

**רעגיסטער** (לאט.) — 1) רשימה, פערצייכניס. 2) בוך צום איינשרייבען טעגליכע געשעהענישען. 3) פארם פון דער שטימע.

**רעגיסטראטאר** (לאט.) — 1) בעאמטער, וועלכער שרייבט איין

די פּאַפּירען, וואָס קומען אַרײַן און
געהען אַרויס. 2) אַפּאַראַט, וועלכער
פערצײַכענט אויטאָמאַטיש די ערשײַנונ־
גען אין דער נאַטור.

**רעגיסטרירען** (לאַט.) — פערצײַכ־
נען, אײַנטראָגען אין בוך.

**רעגירען** (לאַט.) – הערשען, פער־
וואַלטען.

**רעגלאַמענט** (לאַט.) — 1) בעפעהל,
פעראָרדנונג. 2) געשעפטס־
אָרדנונג.

**רעגעל** (לאַט.) — כּלל, פאָרשריפט.

**רעגענט** (לאַט.) – 1) שטעלפערטרע־
טער פון אַ פירשט. 2) די־
רעקטאָר פון אַ האָר. 3) גרויסער די־
מאַנט, וועלכען עס האָט געקויפט
פיליפּ פון אָרלעאַנס.

**רעגענעראַציע** (לאַט.) — ווידער־
אויפלעבונג.

**רעגענערירען** (לאַט.) — ווידער־
אויפלעבען, בענײַען.

**רעגעסטען** (לאַט.) — פערצײַכניס
פון אַקטען אין חראָנאָלאָגי־
שער אָרדנונג.

**רעגרעס** (לאַט.) __ 1) צוריקגאַנג, גע־
זעלשאַפטליכע אָדער פּאָלי־
טישע רעאַקציע. 2) דאָס ווענדען זיך
פון דעם, וואָס ער האָט דעם וועקסעל,
צו די זשיראַנטען, זיי זאָלען בעצאָה־
לען.

**רעדאַגירען** (לאַט.) __ צוזאַמענשטע־
לען, ברײַנגען אין אָרדנונג
מאַנוסקריפּטען צום דרוק.

**רעדאַקטאָר** (לאַט.) __ לײַטער פון
אַ ליטעראַרישער אויסגאַבע,
וועלכער זעהט דורך די מאַנוסקריפּטען,
בעסערט זיי אויס, ברײַנגט זיי אין אָר־
דנונג צום דרוק.

**רעדאַקציע** (לאַט.) – 1) בעשעפטיגונג
פון אַ רעדאַקטאָר. 2) פּער־
סאָנאַל, וועלכעס איז בעשעפטיגט בײַם
אַרויסגעבען אַ פּעריאָדישע שריפט.
3) קאַנטאָר, אין וועלכען עס אַרבײַט
דאָס רעדאַקציאָנס־פּערסאָנאַל.

**רעדוט** (פר.) __ 1) געשלאָסענע
פעלד־בעפעסטיגונג. 2) מאַס־
קענבאַל.

**רעדוצירען** (לאַט.) __ 1) צוריק־
ברענגען, פערקירצען, פער־
מינדערען, פערקלענערען. 2) פערוואַנ־
דלען גרעסערע אין קלענערע (רובעל
אין קאָפּעקעס, וויאָרסט אין קלאַפטער און
אַרשין א. ד. גל.).

**רעדוקטאָר** (לאַט.) __ חירורגיש
אינסטרומענט אַרײַנצופּאַסען
אויסגעלענקטע גליעדער.

**רעדיטום** (לאַט.) __ הכנסה, אײַנ־
קונפט.

**רעדינגאָט** (ענגל.) __ לאַנגער אוי־
בעררָאָק פאַר הערען.

**רעדיף** (אַראַב.) __ טערקיש מיליט־
טער, וועלכעס ווערט צו־
זאַמענגערופען נאָר אין מלחמה־צײַט.

**רעדיקול** (פר.) __ דאַמען־בײַטעל.

**רעהאַבּיליטאַציע** (לאַט.) __ צוריק־
ברענגונג צום פריהערען

שטאנד, ווידערקעהרונג פון'ם גוטען נאמען.

**רעהאביליטירען** (לאט.) — צוריק-ברינגען צום פריהערען שטאנד, ווידערגעבען דעם גוטען נאמען.

**רעוואואר** (פר.) — ווידערזעהען; דאפון א ר ע ו ו א ו א ר – צום ווידערזעהען.

**רעוואלווער** (ענגל.) – זעהר קליינער שיס-אפאראט.

**רעוואלוציאנער** (פר.) – בעטייליג-טער אדער אנהענגער פון א רעוואלוציע.

**רעוואלוציע** (פר.) – איבערקעהרע-ניש, פלוצלינגע ענדערונג מיט הילף פון געוואלדטהאטען פון פאליטישער אדער סאציאלער ארדנונג.

**רעוואנש** (פר.) – נקמה, גענוגטוהונג.

**רעווי** (פר.) — איבערבליק, טיטעל פון פראנצויזישע זשורנאלען.

**רעווידירען** (לאט.) — דורכזעהען, בעזוכען, אויספארשען.

**רעוויו** (ענגל.) — דורכזיכט, איבער-בליק, טיטעל פון ענגלישע זשורנאלען.

**רעוויזאר** (לאט.) – בעאמטער, וועל-כער מאכט א רעוויזיע.

**רעוויזיע** (לאט.) — דורכזעהונג, בע-זוכונג, אויספארשונג.

**רעווינדיקאציע** (לאט.) — צוריק-פאדערונג פון אייגענטום.

**רעוויפיקאציע** (לאט.) — ווידערער-בעלעבונג, אויפפרישונג.

**רעוויר** (פר.) — בעצירק, קרייז.

**רעוומאטיזמוס** (גר.) — ברעכונג און רייסונג פון די גלידער פון'ם מענשליכען קערפער.

**רעוומאטיש** (גר.) — ליידענד פון רעוומאטיזמוס.

**רעוועגאנט** (פר.) – צוריקגעקומענער פון יענער וועלט.

**רעווערענד** (ענגל.) — טיטעל פון גייסטליכע און ענגלאנד (הויכווירדיג).

**רעווערס** (פר.) — 1) צווייטע זייט פון מטבעות, רוקען. 2) שריפט-ליכע פערזיכערונג צוזושטעלען צו דער צייט בעשטימטע סומען און נישט צו בעטען קיין הילף.

**רעווערסאליען** (לאט.) – שריפטליכע פערזיכערונג פון הערשער און קאנסטיטוציאנעלע מדינות צו אב-טען די קאנסטיטוציע און די רעכטע פון די בירגער.

**רעזאלוציע** (לאט.) — החלטה, בע-שלוס, בעשטימונג.

**רעזאן** (פר.) — שכל; גרונד.

**רעזאנאנס** (לאט.) — מיטקלאנג, ווידערקלאנג.

**רעזאנירען** (פר.) — אורטיילען, בע-קלערען, ארומרעדען.

**רעזומירען** (פר.) – קורץ צוזאמענפא-סען, מאכען א סך-הכל.

**רעזומע** (פר.) – קורצע ווידערהאלונג פון אלע פונקטען, קורצער סך-הכל.

**רעזיגנאַציע** (לאַט.) — אָבזאָגונג, פֿערצייכטונג.

**רעזיגנירען** (לאַט.) — זיך אָבזאָגען, אָבטרעטען, פֿערצייכטען.

**רעזידירען** (לאַט.) – זיך אויפהאַלטען, וואָהנען מיט'ן הויף (וועגען פֿירשטען).

**רעזידענט** (לאַט.) - דיפּלאָמאַטישער פֿערטרעטער.

**רעזידענץ** (לאַט.) – וואָהנאָרט פֿון אַ אַ הערשענדער פּערזאָן, הויפּט־שטאָדט.

**רעזינע** (לאַט.) — פֿערטרוקענטער זאַפֿט פֿון קויטשוקבוימער.

**רעזיסטענץ** (לאַט.) – ווידערשטאַנד, התנגדות.

**רעזעקציע** (לאַט.) — אין דער חי־רורגיע — אָבזעגונג פֿון אַ פֿערדאָרבענעם טייל ביין.

**רעזערוו** (פֿר.) — זאַפּאַס, וואָס עס בלייבט איבריג, וואָס עס איז גוטיג אויף שפּעטער, אויף אַ עת־צרה: 1) מיליטער, וועלכע האָבען שוין אויס־געדיענט די ווירקליכע דיענסט און ווערען גערופֿען נאָר אין אַ מלחמה־צייט. 2) אַרבייטער, וועלכע האָבען נישט קיין אַרבייט. 3) געלד, וועלכעס ווערט אָבגעשפּאָרט.

**רעזערוואואַר** (פֿר.) — וואַסערהאַל־טער, גרויס געפֿעס אויף צוּבעהאַלטען אויף אַ לאַנגע צייט וואַסער אָדער גלאָז.

**רעזערוויסט** (פֿר.) – זעלנער, וועל־כער האָט שוין אויסגעדיענט די ווירק־ליכע דיענסט און קאָן גערופֿען ווערען צו דיענען נאָר אין דער צייט פֿון אַ מלחמה, זאַפּאַסנער סאָלדאַט.

**רעזערווירען** (פֿר.) — זאַמלען און בעהאַלטען אויף שפּעטער.

**רעזערוופֿאָנד** (פֿר.) – סומען, וועל־כע ווערען אַראָבגענומען פֿונ'ם פֿערדיענסט פֿון די אַקציאָנערען און געזאַמעלט אַלס קאַפּיטאַל צום פֿערברויכען נאָר ביי אויסערגעוועהנליכע צופֿאַלען.

**רעזשים** (פֿר.) – 1) אַרט פֿערוואַלטונג. 2) לעבענסאַרט, דיעטע.

**רעזשיסער** (פֿר.) – פֿערוואַלטער פֿון פֿאָרשטעלונגען אין טעאַטער, וועלכער וועהלט אויס די פּיעסען, פֿערטיילט די ראָלען א. ז. וו.

**רעטאָר** (גר.) – קינסטלערישער רעד־נער, לעהרער פֿון רעדע־קונסט.

**רעטאָרטע** (פֿר.) — ברייטע פֿלאַש צו דעסטילירען כעמישע פּראָדוקטען.

**רעטאָריק** (גר.) — רעדע־קונסט, ווערק וועגען רעדע־קונסט.

**רעטאָריש** (גר.) — רעדנעריש, וואָס איז שייך דער רעדע־קונסט.

**רעטור** (פֿר.) — צוריק.

**רעטוש** (פֿר.) — אויסבעסרונג, איבער־אַרבייטונג, אויספּרישונג.

**רעטושירען** (פֿר.) — אויסבעסערען, איבעראַרבייטען, אויספּרישען

פערצירען אַרום איבערהויפּט פאָטאָגראַפישע בילדער.

**רעטושער** (פר.) — פאָטאָגראַפיסט, וועלכער פערענדיגט די פאָטאָגראַפישע בילדער.

**רעטינע** (לאַט.) — נעצהויט פונ׳ם אויג.

**רעטיראַדע** (פר.) — צוריקגאַנג, אַנטלויפונג פון מיליטער פאַר׳ן שונא.

**רעטראָגראַד** (לאַט.) - צוריקגעהער, מענש, וועלכער קעהרט זיך אים צו פריהערע מנהגים און אָרדנונגען.

**רעטראָגראַדאַציע** (לאַט.) - צוריקגאַנג, בעוועגונג צוריק.

**רעטראָגראַדירען** (לאַט.) — זיך בעוועגען צוריק, געהן צוריק.

**רעטשיטאַטיוו** (איט.) - האַלבגעזאַנג.

**רעלאַטיוו** (לאַט.) — פערהעלטניסמעסיג, וואָס עס גילט נאָר ביי געוויסע בעדינגונגען און פערגלייכונגען.

**רעלאַציע** (לאַט.) — 1) בעציהונג, פערהעלטניס. 2) בעריכט (מייסטענס וועגען קריעגס-טעטיגקייט).

**רעליגיע** (לאַט.) — סך-הכל פון גלויבונגען, מאָראַלע לעהרען, מנהגים און פאָרשטעלונגען וועגען די געטליכקייט און די מענשליכע צוקונפט נאָכ׳ן טויט, וועלכע פערבינדען אַלע מיטגליעדער פון אַ גרויסער מענשליכער געזעלשאַפט.

**רעליגיעז** (לאַט.) — פרום; וואָס איז שייך צו רעליגיע.

**רעליעף** (פר.) — בילד, אַרבייט, וועלכע שטעקט אַרויס פון אַ פלעכע.

**רעליקוויען** (לאַט.) — איבערגעבליבענע זאַכען פון הייליגע אָדער היסטאָרישע וויכטיגע פערשטאָרבענע.

**רעלעגאַציע** (לאַט.) - דערווייטערונג, אויסשליעסונג, איבערהויפּט פון אוניווערזיטעטען.

**רעלעגירען** (לאַט.) — דערווייטערן, אויסשליסען.

**רעמאָנט** (פר.) — 1) פערריכטונג, איבערבויאונג, איבערמאַכונג. 2) צושטעלונג פון פערד אין די אַרמעע.

**רעמאָנטירען** (פר.) — 1) פערריכטען, איבערמאַכען. 2) צושטעלען פערד אין די אַרמעע.

**רעמאָנטער** (פר.) — צושטעלער פון פערד אין די אַרמעע.

**רעמאָנסטראַציע** (לאַט.) — געגען-פאָרשטעלונג, נעגענאַנטוואָרט.

**רעמאַנענט** (לאַט.) — בערעכנונג פון אַלעם, וואָס אַ געשעפט פערמאָגט.

**רעמיזע** (פר.) — 1) איבערטראַגונג, איבערגעבונג, געלד-שיקונג. 2) שאָפע צו וועגענס.

**רעמיטירען** (לאַט.) — איבערשיקען געלד און וועקסלען אָדער געבען דאַרויף אָנווייזונגען.

**רעמים** (פר.) — נאָכלאָזונג פון אַ חוב, וועלכען מען האָט שוין נישט גירעכענט אָבצונעהמען.

**רעמעדיום** (לאַט.) – 1) הילפסמיטעל. 2) געזעצליך ערלויבטע נאָכלאָזונג פון דער בעשטימטער פּראָבע אָדער געוויכט פון זילבערנע און גאָלדענע מטבעות.

**רענאָמע** (פר.) – שם=טוב, בעוואוּסטהייט, בערימטהייט צום גוטען.

**רענטיער** (פר.) – בעזיצער פון רענטע.

**רענטירען** (פר.) — ברינגען הכנסה, איינטראָגען.

**רענטע** (פר.) – יעהרליכע הכנסה פון גיטער אָדער קאַפּיטאַלען.

**רענעגאַט** (לאַט.) — אָבטרינניגער, מענש, וועלכער האָט פערלאָזט זיין גלויבען, זיין פאָלק אָדער איבערצייגונגען צוליעב מאַטעריעלע נוצען.

**רענעסאַנס** (פר.) — 1) אויפלעבונג, אויפבליהונג, אויפלעבונגסצייט; אויפלעבונג פון די גריכישע און לאַטיינישע שפּראַכען און ליטעראַטור, אויפבליהונג פון קונסט און וויסענשאַפט. 2) די עפּאָכע פון 15 און 16 יאָהרהונדערט און איטאַליען און פראַנקרייך.

**רעסאָרט** (פר.) – געריכטס=בעצירק; אַמט; בעזונדער געשעפטס=קרייז; פאַך, אַבטיילונג.

**רעסורס** (פר.) — 1) הילפסקוועלע, הילפסמיטעל. 2) געזעלשאַפטס=אָרט אויף די צייט צו פערברענגען.

**רעסטאָראַטאָר** (פר.) — איינגעטימער פון אַ רעסטאָראַן.

**רעסטאָראַן, רעסטאָראַציע** (פר.) גאַסט=הויז, לאָקאַל, אין וועלכען עס ווערען פערקויפט צו עסען אויפ'ן אָרט פערשידענע שפּייזען און געטרענק.

**רעסטויראַציע** (פר.) – 1) צוריקברייגונג צו פריהערער אָרדנונג. 2) אַרויפזעצונג אויפ'ן טראָן די פריהערע פערטריבענע דינאַסטיע.

**רעסטוירירען** (פר.) – 1) צוריקברייגען די פריהערע אָרדנונג. 2) אַרויפזעצען אויפ'ן טראָן די פריהערע, פערטריבענע דינאַסטיע.

**רעסטיטוציע** (לאַט.) — צוריקאויפשטעלונג, בענייהונג.

**רעספּיראַטאָר** (לאַט.) — אַפּאַראַט, וועלכער ווערט אָנגעטהון ביים מויל, כדי ניט צו דערלאָזען צו עטהעמען מיט צו=קאַלטע לופט.

**רעספּיראַציע** (לאַט.) – איינעטהעמונג.

**רעספּעקט** (לאַט.) – אַכטונג, עהרע.

**רעספּעקטירען** (לאַט.) — עהרען, אַנערקענען, אַכטען.

**רעסקאָנטראָ** (איט.) — אין דער בוכהאַלטעריע – אָברעכנונג.

**רעסקריפּט** (לאַט.) – פערעפענטליכע שריפט פון אַ הערשענדער פערזאָן אויפ'ן נאָמען פון אַ אונטערטהאַן.

**רעעל** (לאַט.) – גרונדליך, געהעריג, ניט געפעלשט.

**רעפּאָזיציע** (לאַט.) — אײַנזעצונג אויפ'ן אָרט פֿון אַ אויסגע־לענקטען גליעד.

**רעפּאַראַטור, רעפּאַראַציע** (לאַט.) אויסבעסערונג, צורעכטמאַ־כונג.

**רעפּאָרט** (פֿר.) — 1) איבערטראָגונג. 2) פֿערדיענסט בײַם פֿער־קויפֿען ווערט־פּאַפּיערען אויף באָרג.

**רעפּאָרטירען** (פֿר.) – 1) איבערטראָ־גען. 2) באָרגען געלד אויף ווערט־פּאַפּיערען פֿאַר פּראָצענט. 3) ברײַנגען ידיעות, איבערהויפּט פֿאַר צײַטונגען.

**רעפּאָרטער** (פֿר.) – ידיעות־ברײַנגער, איבערהויפּט פֿאַר צײַטונגען.

**רעפּאַרירען** (לאַט.) – אויסבעסערן, מאַכען צורעכט.

**רעפּובליק** (לאַט.) — מדינה, אין וועלכער עס הערשט אײַנע אָדער עטליכע פּערזאָנען, וועלכע ווערען געוועהלט פֿונ'ם פֿאָלק אויף אַ בעשטימטע צײַט.

**רעפּובליקאַנער** (לאַט.) — 1) אײַנ־וואָהנער פֿון אַ רעפּובליקאַ־נישער מדינה. 2) אַנהענגער פֿון רע־פּובליקאַנישער שטאַאַטס־פֿאָרם.

**רעפּודיאַציע** (לאַט.) – נישט־אַנער־קענונג דורכ'ן געזעץ.

**רעפּודיום** (לאַט.) — גט.

**רעפּוטאַציע** (לאַט.) — אַלגעמײַנע מײנונג וועגען עמיצען.

**רעפּטיליען** (לאַט.) — קריכענדע בעשעפֿענישען, שרצים: ווערעם, שלאַנגען א. ד. גל.

**רעפּלי** (פֿר.) — קריטונג, וועג, דורך וועלכען דאָס סאָלדאַטער געהט צוריק פֿאַר'ן שונא.

**רעפּליק** (פֿר.) – געגענאַנטוואָרט.

**רעפּעטיטאָריום** (לאַט.) – ווידער־האָלונגס־קורס.

**רעפּעטיציע** (לאַט.) – 1) ווידער־האָלונג. 2) פּראָבע פֿון אַ טעאַטער־פֿאָרשטעלונג.

**רעפּעטירען** (לאַט.) – איבער'חזר'ן, אײַנלערנען.

**רעפּערטואַר** (פֿר.) – רשימה פֿון די שטיקער, וועלכע זענען בע־שטימט צום אויפֿפֿיהרען אויף דער סצענע.

**רעפּראָבאַציע** (לאַט.) — אָבוואַרפֿונג פֿון אַ פֿאָרשלאַג.

**רעפּראָדוצירען** (לאַט.) — ווידער פֿאַרטיג מאַכען, ווידער אַרויסברײַנגען.

**רעפּראָדוצענט** (לאַט.) — ווער עס שטעלט צו אין געריכט נײַע עדות געגען די פֿריהערע.

**רעפּראָדוקציע** (לאַט.) — 1) צושטע־לונג פֿון נײַע עדות געגען די פֿריהערע. 2) דאָס ווידערוואַקסען, ווידעראַרויסברײַנגען.

**רעפּריז** (פֿר.) — 1) אָבנעהמונג בײַם שונא אַ געפֿאַנגענע שיף. 2) ווידערהאָלונג פֿון אַ מעלאָדיע — אין דער מוזיק. 3) צוריקאויפֿהייבונג פֿון אַ געפֿאַלענעם פּרײַז אויף דער בירזע.

**רעפרעזענטאַנט** (לאַט.) – פאָרטרע-טער, פאָרשטעהער.

**רעפרעזענטאַציע** (לאַט.) – פאָר-טרעטונג.

**רעפרעזענטירען** (לאַט.) – 1) פאָר-שטעלען, פאָרטרעטען. 2) האָ-בען אַ שיינע געשטאַלט.

**רעפרעסאַליען** (לאַט.) — בעדרי-קונגסמיטעל.

**רעפרעסיע** (לאַט.) – אונטערדריקונג.

**רעפאַקציע** (האָל.) – אָבּרעכנונג פון'ם פּרײַז פון סחורה, ווײַל עס געפינט זיך פערדאָרבענע אָדער נאַסע.

**רעפאָרם** (לאַט.) — פערבעסערונג, אײַנפיהרונג פון נײַע אָרדנונ-גען.

**רעפאָרמאַטאָר** (לאַט.) – פערבעסע-רער, אײַנפיהרער פון נײַע אָרדנונגען.

**רעפאָרמאַציע** (לאַט.) – אײַנפיהרונג פון נײַע אָרדנונגען אין דער קירכע.

**רעפאָרמיסט** (לאַט.) — אַנהענגער פון פּאָליטישע רעפאָרמען.

**רעפאָרמירען** (לאַט.) — איבערמאַ-כען, ענדערן, אײַנפיהרען נײַע אָרדנונגען.

**רעפלעקטאָר** (לאַט.) — שפּיגעל אויף צוריקוואַרפען ליכט-שטראַהלען.

**רעפלעקטירען** (לאַט.) – צוריקוואַר-פען שטראַהלען, איבערלע-גען, נאָכקלערען

**רעפלעקס** (לאַט.) — ווידערשײַן, אָבגלאַנץ, פּלוצלינגע נער-ווענערעגונג.

**רעפלעקסיע** (לאַט.) – צוריקשטראַה-לונג, נאָכדענקען, איבער-לעגונג.

**רעפעראַט** (לאַט.) — פאָרלעזונג, בעריכט.

**רעפערירען** (לאַט.) — האַלטען אַ פאָרטראַג, אָפּגעבען דין וחשבון.

**רעפערענדאַר** (לאַט.) – 1) ווער עס האַלט אַ פאָרטראַג, גיט אָב דין וחשבון. 2) טיטעל פון קאַנדידאַ-טען אויף שטעלען אין געריכט.

**רעפערענט** (לאַט.) – פאָרלעזער פון אַ רעפעראַט.

**רעפערענץ** (לאַט.) — ידיעות וועגען עמיצען, רעקאָמענדאַציאָנס-בריעף.

**רעפראַקטאָר** (לאַט.) – פערגרעסער-גלאָז, אין וועלכען די שטראַהלען ווערען געבראָכען.

**רעפראַקציע** (לאַט.) — ברעכונג פון שטראַהלען.

**רעפרען** (פר.) — שלוּם און אַ ליעד.

**רעצידיוו** (לאַט.) 1) ווידערערשײַנונג פון אַ קראַנקהײַט. 2) ווידער-האָלטעס פערברעכען פון'ם זעלבען פערברעכער.

**רעציטאַציע** (לאַט.) – פאָרלעזונג מיט אַ ניגון.

**רעצענזיע** (לאַט.) — קריטישע

בעטראַכטונג וועגען אַ ליטעראַרישׁ, וויסענשאַפטליך אָדער קונסטלערישׁ ווערק.

**רעצענזירען** (לאַט.) — אַרויסזאָגען אין דער פּרעסע אַ מיינונג וועגען אַ ליטעראַרישׁ, וויסענשאַפטליך אָדער קונסטלערישׁ ווערק.

**רעצענזענט** (לאַט.) — שרייבער פון רעצענזיעס.

**רעצעס** (לאַט.) — ענדליכער רעזולטאַט פון פערהאַנדלונגען; אויסגלייך.

**רעצעפּט** (לאַט.) — פערשרייבונג פון מעדיצין־מיטלען.

**רעצעפּטור** (לאַט.) — קונסט צו פערשרייבען און אויסצואַרבייטען רעצעפּטען.

**רעקאָגנאָסצירען** (לאַט.) — 1) אויספאָרשען די לאַגע פון׳ם שונא, זיינע כוחות א. ז. וו. 2) געריכטליך אַנערקענען אַ זאַך און מאַכען וועגען דעם אַ פּראָטאָקאָל.

**רעקאָלעקציע** (לאַט.) — זאַמלונג פון די געדאַנקען, צוזאַמענגעהמונג פון דער גאַנצער אויפמערקזאַמקייט.

**רעקאָמענדאַציע** (לאַט.) — עמפּפעהלונג, פאָרלעגונג אַלס גוט און אָרענטליך.

**רעקאָמענדירען** (לאַט.) — עמפּפעהלען, פאָרלעגען אַלס גוט און פּאַסענד.

**רעקאָמפּאָזיציע** (לאַט.) — צוריקשטעלונג פון אַ כעמיש צערלעגטען קערפּער.



**רעקאָנווענציע** (לאַט.) — קלאַגע פון אַ אָנגעקלאָגטען געגען דעם קלעגער.

**רעקאַפּיטולאַציע** (לאַט.) — קורצע איבער׳חזר׳ונג פון דעם, וואָס מען האָט גערעדט אין אַ גאַנצען רעפעראַט אָדער לעקציע.

**רעקוויזיציע** (לאַט.) — 1) פאָדערונג פון איין רעגירונגס־אַנשטאַלט צו אַן׳אַנדערער וועגען הילף. 2) פערעפענטליכונג וועגען אַ ליציטאַציע וועגען צושטעלונגען פון סחורות פאַר די רעגירונג.

**רעקוויעם** (לאַט.) — ביי די קאַטוילען — תפלה מיט געזאַנג פאַר די נשמה פון אַ געשטאָרבענעם.

**רעקטאָר** (לאַט.) — פערוואַלטער: פאָרשטעהער פון אַ הויכשולע.

**רעקטיפיציען** (לאַט.) — 1) פערבעסערען, ריכטיגשטעלען. 2) רייניגען, לייטערן פליסיגקייטען, איבערהויפּט ספּיריטוס.

**רעקטיפיקאַציע** (לאַט.) — 1) פערבעסערונג, בעריכטיגונג. 2) רייניגונג, לייטערונג פון פליסיגקייטען, איבערהויפּט פון ספּיריטוס.

**רעקלאַמאַציע** (לאַט.) — בעקלאָגונג זיך אויף עפּעס.

**רעקלאַמירען** (לאַט.) — רייהמען און מודעות איינגענע סחורה.

**רעקלאַמע** (לאַט.) — מודעה, אין וועלכער די סחורה, וואָס מען ליעגט פאָר, ווערט שטאַרק געריהמט.

**רעקס** (לאַט.) — קעניג, טיטעל פֿון רוימישע הערשער פֿאַר די איינפֿירונג פֿון רעפּובליק.

**רעקעט** (פֿר.) — שריפֿטליכע ביטע.

**רעקעט-מייסטער** — אין פֿראַנצויזישען שטאַאַטס-ראַט אַ בעאַמטער, וועלכער גיט אָב בעריכט פֿון אַלע איינגעגאַנגענע בקשות און רעקלאַמאַציעס.

**רעקרוט** (פֿר.) — פֿריש צוגענומענער זעלנער.

**רעקריזיטיון** (לאַט.) — צוריקרופֿונג, וועלכע אַ רעגירונג שיקט צו איהר פֿערטרעטער אין אַ אויסלענדישען הויף.

**רעקרימינאַציע** (לאַט.) — נעגענבעשולדיגונג, בעשולדיגונג, וועלכע אַ אָנגעקלאָגטער מאַכט דעם קלעגער.

**רעקרעאַציאָנסזאַל** — זאַל צו פֿערברענגען און שפּיעלען זיך און פּויזען צווישען די לעקציעס און די שולען.

**רעקרעאַציע** (לאַט.) — ערפֿרישונג, צייטפֿערברענגונג און די פּויזען צווישען די לעקציעס און שילען.

**רעשט** (פֿר.) — וואָס עס בלייבט איבריג.

## ש.

**שאַבלאָנע** (דייטש) — מאָדעל, נאָך וועלכען מען מאַכט נאָך אויסגעאַרבייטע זאַכען.

**שאַבלי** (פֿר.) — מין ווייסער בורגונדער וויין.

**שאַבראַק** (טור.) — שטיק טוך צו בעדעקען אַ פֿערד.

**שאַגרען** (פֿר.) — מין פֿיינע לעדער.

**שאַדאָ** (פֿר.) — וואַרימער וויין מיט צוקער און אייער.

**שאָוויניזמוס** (פֿר.) — איבערטריבענער נאַציאָנאַליזמוס אָדער פּאַטריאָטיזמוס, וועלכע דריקען זיך אויס אין שנאה און פֿעראַכטונג צו אַלעם פֿרעמדען.

**שאָוויניסט** (פֿר.) — ענגהערציגער נאַציאָנאַליסט, שונא פֿון אַלעם, וואָס איז נישט איינענגאַציאָנאַל.

**שאַטין** (פֿר.) — קאַשטאַן-קאָליר (דונקעל-ברוין) פֿון האָאָר.

**שאַך** (פּרס.) — 1) קעניג אין פּערסיען. 2) שפּיעל פֿון צוויי פּערזאָן מיט נענג פֿון פֿיגורען אויף אַ ברעט.

**שאַכמאַט** (פּרס.) — „דער קעניג איז איינגענומען", בעצייכענט ביים שאַכשפּיעל, דאָס איינער האָט שוין פֿערשפּיעלט די פּאַרטיי.

**שאַכנאַמע** (פּרס.) — גרויסע פּרסישע פּאָעמע.

**שאַל** (ענגל.) — לאַנגעס, שמאָלעס האַלז-טוך.

**שאַמאַנען** — בודיסטישע גייסטליכע.

**שאַמבעלאַן** (פר.) – קאַמער-העדר.

**שאַמפּאַנער** (פר.) – שטאַרקער װײַן פון דער פּראָװינץ שאַמפּאַן אין פראַנקרײַך.

**שאַמפּיניאָן** (פר.) – מין שװאָם צום עסען.

**שאַנס** (פר.) — מעגליכקײַט, גליקליכער פאַל, האָפנונג, װאַהרשײַנליכקײַט.

**שאַנסאָן** (פר.) — ליעדעל.

**שאַנסאָנעטיע** (פר.) — זינגערין פון נישטװיכטיגע ליעדלעך און ראָמאַנסען.

**שאַנץ** (פר.) – קלײנע בעפעסטיגונג.

**שאַנקער** (פר.) — געשװיר אויפ'ן געשלעכטס-אָרגאַן.

**שאָסע** (פר.) — מיט שטײנדלעך געפלאַסטערטער לאַנגער, גלײַכער װעג.

**שאַפּאָט** (פר.) — ז. עשאַפּאָט.

**שאָק** (דײַטש) – 60 שטיק.

**שאַקאַל** (אַראַב.) — מין שטאַרקער, בײזער װאָלף.

**שאָקאָלאַדע** (פר.) — מאַסע פון קאַקאַאָ, צוקער און געװירצען; געטראַנק דערפון.

**שאַראַבאַן** (פר.) — װעגעלע מיט אײן באַנק פאַר נור צװײ פּאַסאַזשירען.

**שאַראַדע** (פר.) — רעטעניש צונױפגעשטעלטע װערטער לויט זילבען פון װעלכער עס איז באַדײַטונג.

**שאַריװאַרי** (פר.) — קאַצען-מוזיק; זאַך, אַרבײַט אָהן אָרדנונג.

**שאַרלאַטאַן** (פר.) — שװינדלער; איבערהויפּט װער עס גיבט זיך אויס פאַלש פאַר אַ גרויסע, חכמטיגע פּערזאָן, כדי אַזױ-אַרום צוצוזיהען מאַטעריעלע נוצען.

**שאַרלאַך** (פּרס.) — 1) זעהר רויטע פאַרב. 2) אָנשטעקענדע קינדערקראַנקהײַט.

**שװאַרצער-מאה'ניק** — ז. טשאָרנאָסאָטיענעץ.

**שװײַצאַר** – דינער און אַ לװורעע בײַ די טהיר פון געזעלשאַפטס-הײַזער אָדער גבירים.

**שולער** — פערפערענטער קאָרטעןשפּיעלער, װעלכער לעבט דערפון.

**שטאַאַט** (דײַטש) — מדינה.

**שטאַב** (דײַטש) — פערװאַלטונג פון מיליטער-אַנגעלעגענהײַטען פון אַ בעזונדערע מיליטער-אָבטײלונג (דיװיזיע, קאָרפּוס) אָדער פון דער גאַנצער אַרמעע (גענעראַלשטאַב).

**שטאַבס-קאַפּיטאַן, שטאַבסאָפיציער** – אָפיציער-טיטולען.

**שטאַטיװ** (לאַט.) — געשטעל פאַר אינסטרומענטען (מאַטעמאַטישע, פאָטאָגראַפישע א. ד. גל.).

**שטאַמפּאַ** (איט.) – מאַשינדעל אויסצודריקען רעליעף-בילדער אויף מטבעות, זשעטאָנען א. ד. גל.

**שטאַמפּיליאַ** (איט.) – שטעמפּעל.

**שטאַנדאַרד** (ענגל.) — פאָהן; מוס־טער.

**שטאַנצע** (איט.) — 1) בילדער־גאַלעריע אין וואַטיקאַן (אין רוים). 2) סטראָפע (מייסטענס פון 8 פערזען) פון עלעגישען אינהאַלט. 3) שטאָהלערנע פאָרם צום אויסשניידען זאַכען פון מעטאַל, האָלץ, פאַפיער א. ד. ג.

**שטאַפעט** (פר.) – רייטענדער שליח.

**שטאָרע** (ענגל.) – ראָלעטע, פענסטער־פאָרהאַנג.

**שטודיע** (לאַט.) — פאָרשונג, לער־נען; פאָראַרבייט צו א קונסטווערק.

**שטיבלעטען** (שטיפעלעטען) — קורצע שטיוועל.

**שטילעט** (גר.) — קליינער קינזשאַל מיט א דרייעקיגען שאַרף.

**שטיקשטאָף** — ז. אזאָט.

**שטערלינג** (ענגל.) —ענגלישע מטבע (איינענטליך „פונט שטערלינג"), אונגעפעהר 10 רובעל.

**שטרויס** — גרויסער פויגעל אין די מדבריות פון אפריקא מיט זעהר שענע פעדערען.

**שטרייק** — ז. סטרייק.

**שייטען** (אראַב.) – מחמד'נישע סעקטע, וועלכע אנערקענט נישט די סונע (מחמד'נישע מסורה).

**שייך, שייק** (אראַב.) – עלטסטער, אָנפיהרער פון א שבט, א דאָרף אָדער א מחמד'נישען קלויסטער.

**שייק** (האָל.) – פישער־שיף אין צפון־ים.

**שייר** (ענגל.) — גראַפשאַפט, פראָווינץ אין ענגלאַנד.

**שילינג** (ענגל.) — ענגלישע מטבע, 1/20 פונט שטערלינג, אונ־געפעהר 50 קאָפ.

**שימפּאַנזע** — גרויסע, צו א מענשען עהנליכע אַפע (מאַלפע).

**שיפער** (פר.) – ציפער, צאָהל.

**שיפרירען** (פר.) — שרייבען מיט סודות'דיגע שריפט.

**שיקאַנירען** (פר.) — אויסלאַכען, בעליידיגען צוליעב קלייניג־קייטען.

**שיקאַנען** (פר.) – בעליידיגונגען.

**שיראָקאָ** (איט.) – דרום־ווינד, הייסער ווינד.

**שלאַכטא** (פויל.) – פוילישער אדעל.

**שלאַכציץ** (פויל.) – פוילישער אדע־ליגער.

**שלעם** (ענגל.) – פאַרצייטיגע מעטא־לענע קאָפבעדעקונג פון מילי־טערלייט.

**שמוגלען** (ענגל.) — דורכגנב'נען, שוואַרצען (איבערהויפט סחורה איבער א גרענעץ).

**שניג** (האָל.) – מין פישער־שיף אויף צפון־ים.

**שעבעקע** (טור.) — לאַנגע, שמאָלע, טערקישע קריעגסשיף.

**שעהערעזאַדע** — די מעשה־דער־צעהלערין פון „טויזענד און איין נאַכט".

**שעלאַק** (ענגל.) — דינגע טעפעלעך

פון אַ מין לאַק, וועלכער ווערט צו־
לאָזט אין שפּירטוס און דינט אַלס
פּאָליטור.

**שעף** (פר.) — הויפּט, ווילטונסטער
פאָרשטעהער, פּרינציפּאַל,
דירעקטאָר.

**שער** (ענגל.) — אַנטהײל, אַקציע.

**שערבעט** (אראב.) — מין לימאָנאַד
אין די מזרח־לענדער.

**שעריף** (אראב.) — מחמד'ס־נישער
פירשט, אָנפירער פון אַנ־
אונגעבהעגנינען שבט.

**שעריף** (ענגל.) — אויבערריכטער פון
אַ גראַפשאַפט.

**שערקלוב** (ענגל.) — שטעלע צו
פערקויפען אקציעס (אויף
ראטעס).

**שפּאַגאַט** (איט.) — דינער שנור צו
פערבינדען.

**שפּאַדע** (איט.) — קורצער שווערט.

**שפּאַט** — 1) מין קראַנקהייט פון די
קניע ביי אַ פערד, וועלכעס
קאָן דערפון אָנהויבען צו הינקען. 2) מין
מינעראַל פון בלעטערפאָרמיגער צוזאַ־
מענזעצונג.

**שפּאַטעל** (לאַט.) — מאַלער־מעסערעל
צו שטרייכען און צומישען
פאַרבען.

**שפּאַניאָל** — ספּרדישער יוד, וועלכער
קומט אַרויס פון די פון שפּאַנ־
יען אַרויסגעטריבענע יודען.

**שפּאַניאָליש** — שפּאַנישער זשאַרגאָן,
אין וועלכען עס רעדען די
ספּרדישע יודען.

**שפּיאָן** (איט.) — געהיימער נאָכקוקער.

**שפּיאָנירען** (איט.) — נאָכקוקען,
בסוד אויספאָרשען, כדי איי־
בערצוגעבען עפּעס עמיצען (הויפּטזעכליך
אַ מדינה די סודות און פּלאַנען פון אַנ'אַנ־
דערער).

**שפּיטאָל** — קראַנקענהויז.

**שפּעזען** (איט.) — קאָסטען, הוצאות.

**שפּעקולאַנט** (לאַט.) — ווער עס בע־
שעפטיגט זיך מיט ריזיק־
האַפטיגע אונטערנעהמונגען און דער
האָפנונג פיעל צו פערדינען אויף אַ מאָל.

**שפּעקולאַציע** (לאַט.) — 1) פילאָזאָ־
פישע פאָרשונגס־מעטאָדע
מיט דער הילף פון'ם ריינעם פערשטאַנד.
2) ריזיקהאַפטיגעס אונטערנעהמען, וועל־
כעס איז בערעכענט אויף ריין צופעלליגע
אומשטענדען, ביי וועלכע מען קאָן,
אויב זיי געראָטען, פיעל פערדינען.

**שפּעקולירען** (לאַט.) — בעשעפטיגען
זיך מיט ריזיקהאַפטיגע גע־
שעפטען און דער האָפנונג פיעל צו
פערדינען.

**שקאַלע** (לאַט.) — 1) שוהלע. 2) לעהר־
סיסטעם.

**שקאַטולקע** — ז. סקאַטולקע.

**שראַפּנעל** (ענגל.) — גראַנאַטע, אָנ־
געפילט מיט קוילען.



